אברהם רייזען

# עפּיזאָדן פון מיין לעבן

(ליטעראַרישע ערינערונגען)

ערשטער טייל

ווילנע — 1929
ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין

# ערשטער קאַפּיטל

דאָס אַמאָליקע ניט ליטעראַרישע שטעטל. — מיין פאָטער אַלס איינזאַמער דיכטער. — מיין פעטער הירש דער למדן, זיינע ספרים און העברעיִשע ביכער. — מיין פאָטערס דייטשע קלאַסיקער. — די פּריוואַטע ביבליאָטעק. — יכנה״ז קומט אָן קיין קאָידענאָוו. — מיין ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט אים. — די ליטעראַרישע אוצרות, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט. — מיין ערשטע ניט געלונגענע „קאָרעספּאָנדענץ" אין דער פּעטערבורגער וואָכנשריפט „דאָס יודישע פאָלקסבלאַט". — די אָנמערקונג פון בייזן רעדאַקטאָר ישראל לעווי. — מיין עגמת־נפש. — איך ווער ענדלעך אַ „קאָרעספּאָנדענט".

וואָס מען זאָל אויף מיין געבורטסשטעטל קאָידענאָוו ניט זאָגן — שטאַרק ליטעראַריש איז זי ניט געווען. מענטשן, וואָס זאָלן זיך אינטערעסירן מיט דער יידישער ליטעראַטור, און מיט ליטעראַטור בכלל, זיינען געווען ווייניק... ניט קוקנדיק, וואָס קאָידענאָוו האָט זיך געפונען אינגאַנצן פינף רוסישע מייל פון מינסק — וואו עס האָבן געוואוינט אין יענער צייט אייניקע באַרימטע שריפטשטעלער, אמת — מער העברעיִשע, און וואו עס האָבן זיך געפונען אַ צאָל יידישע בוכהאַנדלונגען, וואָס האָבן געהאַט אַ נאָמען אין דער יידישער וועלט—האָט מען אין קאָידענאָוו ווייניק־וואָס פון אַ שרייבער געוואוסט. אייניקע בלויז האָבן געוואוסט, אַז מיין פאָטער — וואָס איז אין יענער צייט געווען אַ סוחר, געהאַנדלט אויף אַ גרויסן שטייגער מיט תבואה און פלאַקס — אַז מיין פאָטער גיט זיך אָפּ מיט שרייבן. און אויך זיין ליטעראַרישן נאָמען אין שטעטל האָט ער זיך געמאַכט נאָך בחורווייז. נאָך דער חתונה האָט ער בלויז פון צייט צו צייט געשריבן אַ שיר און האָט עס אַפילו ניט געהאַט וועמען צו ווייזן. פלעגט ער זיך אַליין מיט די בעסערע פון זיי קוויקן אין פרייע שעהן פון האַנדל און וואָכעדיקער זאָרג. מיין פאָטערס

העבּרעיִשע שירים און אויך אייניקע פראַגמענטן אין פּראָזע האָט זעלטן ווער פון די שטעטלדיקע געזען. זיינע פּאָר יוגנט-חברים, וואָס האָבן יאָ געהאַט אַ ידיעה אין ליטעראַטור, האָבן אין יענער צייט שוין אויסגעוואַנדערט: איינער פון זיי אין וואָלין, אַ צווייטער אין אַן אַנדער געגנט אין וויטן רוסלאַנד, אַ דריטער קיין אַמעריקע. איז נאָר געבליבן מיין פאָטערס איינציקער און עלטערער ברודער הירש, וועלכער האָט, ניט קוקנדיק אויף זיין גרויס לומדות און פרומקייט, יאָ געהאַט אַ ליבע צו קורצע שורות און צו העבּרעער ליטעראַטור בכלל. אָבער מיין פאָטער, אַ פריידענקער, האָט מיט זיין ברודער דעם פרומען און גרויסן למדן, הגם יענער איז געווען אַ טאָלעראַנטער ייד, ניט אָפט זיך געטראָפן, כאָטש זיי האָבן געוואוינט אַ שטוב לעבן אַ שטוב.

מיט דער צייט בין איך, אַ צוועלפעריק יינגל, געוואָרן זיין איינציקער לייענער און גרויסער פאַרערער...

בשתיקה פון טאַטן האָב איך שוין אַליין געשריבן, אָבער ניט קיין „שירים“, נאָר לידער און אויף יידיש... מיינע לידער האָב איך אַ לאַנגע צייט דעם טאַטן ניט געוויזן, ערשטנס ווייל — יידישע און ניט קיין העבּרעיִשע... און צווייטנס האָב איך ניט געגלויבט, אַז זיי זיינען עפּעס ווערט, הגם מיין באָבע פון דעם טאַטנס צד, אַ גוטמוטיקע יידענע, פאַר וועלכער איך פלעג יאָ אַמאָל פאַרלייענען אַ ליד פון מיר, האָט זיי שטאַרק געשעצט און פאַר יעדן ליד האָט זי מיר אַפילו געגעבן אַ פּאָר קאָפּיקעס צו קויפן, וואָס מיין האַרץ גלוסט אַליין. אָט טאַקע פון דער באָבען איז דער טאַטע דערגאַנגען, אַז איך שרייב לידער און ער האָט מיך שטרענג געמוסרט:

— וואָס וועסטו האָבן דערפון. לערן בעסער שפּראַך...

דאָס האָט ער געמיינט העבּרעיִש און רוסיש...

ער אַליין פונדעסטוועגן פלעגט אויך אָנשרייבן אַמאָל אַ ליד אויף יידיש און ער פלעגט עס, אמת, — מיט גרינגשעצונג, ווי אַ זאַך, וואָס ער האַלט ניט פאַר צו וויכטיק, אין אַ פרייער צייט פאָרלעזן פאַר דער גאַנצער פאַמיליע.

אין שטוב איז דעמאָלט געוואָרן „יום־טוב“. מיין מוטער, שטענדיק אַ פֿאַרהאָרעוועטע, צוליב איר גרויסער ליבע צו די קינדער — האָט געוואָרפן אַלע אַרבעט און מיט פֿאַרלייגטע הענט און מיט אַ גליקלעכן שמייכל אויף איר פּאַר דער צייט פֿאַרעלטערטן, אָבער שיינעם פּנים פֿלעגט זי שלינגען יעדעס וואָרט און אַפילו זיך שטיל צעלאַכן ביי די הומאָריסטישע שטעלן. ווייל אויב אַ ליד אויף יידיש, פֿלעגט עס מוזן זיין הומאָריסטיש און וויציק. אויך איך און באַזונדערס מיין עלטערע שוועסטער האָבן אָנגעקוואָלן פון מיין פֿאָטערס יידישע לידער... און ער אַליין פֿלעגט ביים פֿאָרלייענען ווערן גאָר אַן איבערגעביטענער. זיינע שוואַרצע אויגן פֿלעגן אויפֿלייכטן מיט אַ באַזונדער פֿייערל און זיין טונקעלער פּנים פֿלעגט באַקומען אַ פֿריידיקן אויסדרוק.

דאָך האָט דער פֿאָטער די יידישע לידער ניט אַזוי טייער געהאַלטן, ניט אַזוי אָפּגעהיט ווי די העברעישע שירים. דאָס פּעקעלע העברעישע שירים, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט פֿאַר יאָרן, האָט ער געהאַלטן אין דעם זיכערסטן פּלאַץ און די פּאָר יידישע לידער — ביי זיך אין טאַש, ביז ער פֿלעגט זיי פֿאַרלירן. נאָר ווען די מאַמע פֿלעגט אַמאָל מאָנען אַ געוויס ליד, וואָס איז איר ביים ערשטן מאָל פֿאָרלעזן באַזונדערס געפֿעלן געוואָרן, פֿלעגט זיך אַרויסווייזן, אַז ער קען עס אויף אויסנווייניק. פֿלעגן מיר אים נאָך מער באַוואונדערן.

אויסער דעם טאַטנס אייגענע שירים, — אין מאַנוסקריפּט נאַטירלעך, — איז אין שטוב קיין יידישע און העברעישע ביכער כמעט ווי ניט געווען. עד־היום איז מיר אַ וואונדער, וואָס מיין פֿאָטער, וואָס ווען ער פֿלעגט נאָר קריגן ערגעץ אַ נייעם בוך, פֿלעגט ער צו אים אין די פֿרייע טעג פון האַנדל צופֿאַלן, ווי אַ דאָרשטיקער צו אַ קוואַל, האָט ניט געהאַט קיין אייגן ביסל ביכער, אויסער עטלעכע איינצלנע בענדער פון דייטשע פּאָעטן. ווי איך דערמאָן זיך איצט, איז איין באַנד — אָן טאָוולען און אָן אַ שער־בלאַט — געווען פון שילער און אַ צווייטער — פון געטע. וואו ער האָט געקראָגן די עטלעכע דייטשע ביכער, האָב איך ניט געוואוסט, אָבער ווען אין הויז האָט זיך ניט געפֿונען קיין ניי בוך, האָט דער

טאַטע זיך באַנוגנט מיט די פּאָר דייטשישע און פלעגט זיי לייענען ווי נייע, און ביי יעדן מאָל לייענען אַנטדעקט אין זיי אַנדערע טיפ־קייטן. אַמאָל, אַז ער פלעגט ווערן שטאַרק נתפעל פון אַ סטראָפע, צי פון אַ גאַנצן ליד, פלעגט ער מיך צורופן און זאָגן:

— דו פאַרשטייסט אפנים?... דו האָסט געמעגט קענען בעסער דייטש, ווי דו קענסט...

און ער האָט מיר פאָרגעלייענט פון שילערן „דאָס ליד פון דער האָפנונג", וואָס איר רעפריין איז דאָרט געווען בערך אַזוי:

די וועלט ווערט אַלט, די וועלט ווערט יונג
און ס'שטרעבט דער מענטש פאַרבעסערונג...

אַז איך בין שוין געוואָרן דרייצן יאָר און מיין פאָטער האָט שוין אויסגעפונען אין מיר אַ שטיקל מבין, האָט ער מיך שוין אויסער זיינע העברעיִשע שירים מכבד געווען מיט אויסהערן דעם זעלבן שילערס „די גלאָקע".

זיין התפעלות פון „דער גלאָקע" איז געווען זייער גרויס.

איך אַליין, וואָס האָב שוין געלייענט אַ ביסל דייטש, וואָס מיין גוטער אָבער דאַן שטרענגער טאַטע האָט מיך אַליין געלערנט — דאָס איז געווען אַ דייטש, וואָס ער אַליין האָט זיך אויסגעלערנט נאָך אַלס ישיבה־בחור פון משה מענדעלסאָנס דייטשער תנך־איבערזעצונג, — איך אַליין האָב אין יענער צייט אַוודאי דאָס דאָזיקע גרויסע ליד אָפּגעשאַצט.

אַמאָל פלעגט דער טאַטע ברענגען אַ ניי רוסיש בוך, וואָס ער האָט געקראָגן ביי אַ רייכן יידן, וועלכער האָט געהאַט אַ געלערנטן זון. אַ פרעמד בוך מוז מען שוין אָפּהיטן און ער פלעגט זעלטן מיר געבן עס לייענען. סיידן אַז דאָס בוך איז אים געווען זייער געפעלן, האָט ער זיך שוין ניט געקענט באַהערשן און פלעגט מיר ראָטן:

— נישקשה, מעגסט עס אויך לייענען.

און טאָמער האָט ער דאָס בוך געדאַרפט אומקערן אין אַ פּאָר טעג אַרום, האָט ער כאָטש מיר איבערגעגעבן די הויפּט־אידעע.

איין בוך פֿון די, וואָס ער האָט געבראַכט בײַ דעם רייכן ייִדן, האָט געהייסן „פּיסמאַ שלים=שלימאַזעלאַ“ („די בריוו פֿון שלים=שלימזל“) און האָט באַרירט אויף אַ סאַטירישן אופֿן די ייִדישע פֿראַגע. מיין פֿאָטערס אַנטציקונג פֿון דעם דאָזיקן בוך איז גאָר געווען אומבאַשרייבלעך... אָבער דאָס בוך איז געבראַכט געוואָרן בלויז אויף איבער שבת, אַזוי אַז ער האָט זיך נאָר באַגנוגנט מיט איבערגעבן פֿאַר די הויזיקע געוויסע שטאַרקע שטעלן. מיין טאַטנס שוואַרצע מילדע אויגן האָבן דעמאָלט באַזונדערס געפֿינקלט. דאָס בוך האָט שאַרף קריטיקירט די רוסישע מלוכה און מיין טאַטע האָט זיי געזען נקמה.

ער האָט אונז אַפֿילו איבערגעגעבן, אַז דער מחבר פֿון בוך איז אַ ייִד, און דאָס האָט אים נאָך מער שטאָלץ געמאַכט.

איבערהויפּט דאָס, וואָס אַ ייִד האָט געשריבן רוסישע ביכער, האָט מיין טאַטן זייער אימפּאָנירט. אַז ער האָט אַמאָל באַקומען ביים זעלבן רייכן ייִדן לעוואַנדעס אַ ווערק — „איספּאָוויעד דיעלצאַ“, („דער ווידוי פֿון אַ מאַכער“) איז ער געווען אַזוי אַנטציקט, אַז ער האָט גאַנצע טעג גערעדט מיט מיר וועגן בוך און וועגן מחבר... „ער איז פֿון מינסק... — האָט ער צוגעגעבן צום סוף מיט אַ געוויסן שטאָלץ — עס זיינען דאָ אַ סך אין מינסק, וואָס קענען אים...“

פֿון צייט צו צייט פֿלעגט קומען אין שטעטל אַ מוכר=ספֿרים, וואָס האָט אויך געהאַט העברעיִשע קלענערע ביכלעך און צווישן זיי אויך ייִדישע מעשׂה=ביכלעך. פֿון די ייִדישע פֿלעגט קויפֿן אַמאָל די מאַמע, אַמאָל די עלטערע שוועסטער; פֿון די העברעיִשע, אויב ס'איז נאָר געווען עפּעס רעכטס, האָט שוין דער טאַטע אויך געקויפֿט.

אָבער די אמתע העברעיִשע ביכער האָבן זיך גראָד געפֿונען בײַ מיין טאַטנס אויבנדערמאָנטן ברודער, הירש דעם למדן. צווישן די צוויי יאָרגאַנגען „האָסיף“ פֿון נחום סאָקאָלאָוו און צוויי בענד „כנסת ישׂראל“ פֿון שאול=פּנחס ראַבינאָוויטש. פֿאַרענטפֿערט האָט זיך מיין פֿעטער — פֿאַרוואָס ער האָט זיי געקויפֿט — דערמיט, וואָס אין די דאָזיקע „פֿרייע“ ספֿרים געפֿינען זיך אַ סך אַרטיקלען

ווענן תלמוד און ווענן שפּעטערדיקע רבנישע ספרים, אָבער דערוויל האָט שוין אויך מיין פאָטער באַקענט זיך מיט די שירים און סיפּורים, וואָס האָבן זיך געפונען אין יענע העברעישע שווערע זאַמלביכער אין אַ גרויסער מאָס. אין איין יאָרגאַנג „האָסיף“ איז געווען איבערגעזעצט דורך ד"ר שלמה מאַנדלקערן היינעס „יהודה הלוי“. מיין פאָטער איז פון דער דאָזיקער פּאָעמע געווען אַזוי באַגייסטערט, אַז ער האָט, די לייענענדיק עטלעכע מאָל, גאַנצע שטעלן געקענט אויף אויסווייניק.

אויך פיל פון די אָריגינעלע שירים פון די דעמאָלסטיקע העברעישע פּאָעטן, וואָס האָבן זיך געפונען אין די דערמאָנטע זאַמלביכער, האָבן דעם טאַטן אַזוי באַגייסטערט, אַז ער האָט אין יענער צייט אַליין אַ סך געשריבן. אַ פּאָר שירים פון די נייערע האָט ער אַפילו אַוועקגעשיקט אַליין צו דרוקן אין „הצפירה“, פון וועלכער ער איז געווען אַ צופעליקער לייענער, אָבער דער קורצער ענטפער „לא יודפס“ האָט דעם טאַטן ווי אָפּגעהאַקט אויף אַ לענגערע צייט די פליגלען — אויב ניט צו שאַפן ווייטער, איז אָבער ניט פּרוּוון מער קיין מזל צו שיקן זיי אין פרעמדע און ווייטע רעדאַקציעס. אמת, לאַנג האָט ער ניט אויסגעהאַלטן און געפּרוּווט מזל ביים „המליץ“. אָבער דער „המליץ“ איז געווען נאָך ווייטער — אַזש אין פּעטערבורג — און ער האָט אַפילו אין בריווקאַסטן ניט געענטפערט...

פונדעסטוועגן האָט עס ניט געווירקט אויף מיין טאַטן, ער זאָל ניט נאָר ווערן בייז אויף די דעמאָלסטיקע רעדאַקטאָרן, וואָס האָבן ווירקלעך ניט געהאַט קיין פאַרשטענדעניש פאַר די שאַפונגען פון אַן אומבאַקאַנטן דיכטער, נאָר אַפילו ניט מבטל געווען, ווי דער שטייגער איז פון אַנדערע פּאָעטן, די־יעניקע, וואָס ווערן יאָ געדרוקט. פאַרקערט, יעדן שיר, וואָס איז אים געפעלן געוואָרן, האָט ער ניט נאָר אָפּגעשעצט, נאָר אַמאָל ווי פאַר זיך צוגעגעבן:

— אָט ער קען! — ס'האָט געהייסן, אַז ער גיט צו, אַז יענער איז גרעסער פון אים, הגם פילע העברעישע שירים, וואָס האָבן זיך דעמאָלסט געדרוקט אין די מאַספים און טעגלעכע העברעישע צייטונגען, זיינען זיכער געווען אַ סך ערגער ווי מיין פאָטערס, וועלכער האָט אָן שום צווייפל באַוויזן אַ דיכטערישן טאַ־

לאַנט, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אין עטלעכע יאָר אַרום, ווען ער האָט אויף זיין אייגענעם חשבון אַרויסגעגעבן אַ קליינע זאַמלונג פון זיינע שירים אונטער דעם נאָמען „יונה הומיה“.

באַזונדערס אַנטציקט האָט אין יענער צייט מיין טאַטן אַ שיר אין „האָסיף“ מיט דעם לאַנגן נאָמען: „לעלמה עבריה והיא מתנכּרה“ („צו אַ יידישער מיידל, וואָס מאַכט זיך אונז פרעמד“). דער נאָמען פון דעם פּאָעט איז דאַמאָלסט געווען פאַרן טאַטן ניי, אויך דער אינהאַלט, איבערהויפּט די פאָרם — ניי און פריש. מיין פאָטער האָט געכאַפּט גרויס התפּעלות פון דעם נייעם קלאַנג... דער שיר איז געווען פון י. ל. פּרץ, און ער האָט זיךווירקלעך אויסגעצייכנט פון אַלע אַנדערע דעמאָלסטיקע העברעיִשע שירים מיט גרויסער קראַפט און שיינקייט פון פאָרם:

ראשך תלתלים
מתנשאים כּגלים,
אַת — הוד עלומים,
אַת — שיר־השירים

א. אַז״וו.

און דער רעפריין:

אַך הה, עלמה עבריה אַת לנו נכריה...

אַ ביסל הומאָר האָט אויך אין דעם דאָזיקן שיר ניט געפעלט.

איין סטראָפע, געדענק איך, האָט זיך אָנגעהויבן:

מדבּרך קי־קי —
פאַרדאָן ומערסי...

דער דאָזיקער שיר האָט מיין טאַטן אויפגעמונטערט.

אין יענער צייט, צווישן 1888 און 1889, האָבן שוין אַפילו אָנגעהויבן צו ערשיינען אויך יידישע זאַמלביכער. אין דער „הצפירה“ און „המליץ“ איז שוין געווען געמאָלדן וועגן דער ערשיינונג פון ערשטן „הויזפריינד“ און וועגן שלום־עליכמס „יודישער פאָלקס־ביבליאָטעק“, נאָר אין אונזער שטעטל איז פון די דאָזיקע נייע ערשיינונגען קיין אָפּקלאַנג ניט געווען. דאָס פריוואַטע ביבליאָטעקל

וואס איז געלעגן אין די הענט פון א דרדקי־מלמד, האט נאר פארמאגט א ריי שמ״רס, בלאשטיינס ראמאנען און עטלעכע העברע־ישע ראמאנען פון סמאלענסקין, מאפו און אפילו שמ״רס אויף העב־רעיש. פון ליטעראַרישע זאמלביכער — ווער רעדט אויף יידיש — האט דער דרדקי־מלמד נעבעך ניט געוואוסט און אפשר האט ער יא געוואוסט, ווייל ער פלעגט איין מאל א יאר פארן קיין מינסק נאך נייע ראמאנען — נאר ער האט ניט געגלויבט, אז ער וועט האבן דערויף בעלנים.

איז די איינציקע ליטעראַרישע ערשיינונג אין שטעטל געווען די וואכנשריפט „דאס יודישע פאלקסבלאַט“, וואס איז אַרויסגעגעבן געווארן אין פעטערבורג — אין יענער צייט אונטער דער רעדאַקציע פון ישראל לעווי. די דאזיקע וואכנשריפט איז אין שטעטל אויך אנגעקומען בלויז צום רייכן יידן, וואס האט געהאַט דעם געלערנטן זון. אבער זעלטן ווען א נומער פלעגט אַריינפאַלן צו אונז אין הויז, ווייל די דאזיקע וואכנשריפט האט דער רייכער ייד אַליין ליב געהאַט צו לייענען און ער האט עס ניט אַזוי לייכט אַרויסגעגעבן.

פלעגט אבער אַזאַ נומער יא אַמאָל אַריינפאַלן צו אונז, איז די שמחה געווען זייער גרויס. אין יענעם „פאלקסבלאַט“ האבן זיך געדרוקט דערציילונגען פון קאַרל־עמיל פראַנצאָז, איבערגעזעצט פון איינעם א גראף קוויטעל, און הגם מיין טאַטע און איך האבן געוואוסט, אַז דער איבערזעצער איז ניט קיין גראַף, האט אָט דער דאזיקער שטאָלצער פסעוודאָנים געווירקט שטאַרק אויף אונזער פאַנטאַזיע. אויך די „פאָרטזעצונג קומט“, וואס יעדע דערציילונג האט אונטן, אין קלאַמערן, פאַרמאָגט, האט אַרויסגערופן נייגעריקייט. וואס וועט דא ווייטער פאָרקומען מיט „אברהמל דעם שוואַרצן“, דעם העלד פון קאַרל־עמיל פראַנצאָזס דערציילונג?

און זעלטן ווען מיר האבן דערפאַרן דעם סוף פון די העלדן, ווייל ניט אַזוי לייכט איז געווען צו באַקומען ביים רייכן יידן א נומער „דאס יודישע פאלקסבלאַט“.

* * *

ערשט מיט דעם אָנקומען פון דעם דאַמאָלסט יונגן שריפטשטעלער יכנה״ז אין אונזער שטעטל אַלס לערער פאַר די רייכערע יידישע קינדער הייבט זיך אָן אַ נייע „ערא“ אין מיין לעבן און ניט נאָר מיין פאָטער ווערט דערהויבן און ווערט געדרוקט אין „המליץ“ — נאָר אַפילו איך, אַ דרייצניאָריקער יינגל, „דעביוטיר“ מיט אַ קאָרעספּאָנדענץ אין „פאָלקסבלאַט“.

אָבער ניט אַזוי גרינג איז עס אָנגעקומען, ווי עס דערציילט זיך.

די נייס, אַז יכנה״ז איז געקומען אין קאָידענאָוו, האָט געבראַכט דער פאָטער מיינער אין אָנהייב זמן. ס׳איז געווען אַ פּאָר טעג נאָך סוכות. דער מסחר פון תבואה הייבט זיך אָן, נאָר מיין פאָטער איז שטאַרק צערודערט. ער דערציילט, אַז ביים גרויסן תבואה־סוחר האָט ער געטראָפן יכנה״ז, אַ העברעישער שרייבער. ער האָט זיך מיט אים צערעדט — אַ מענטש ווי אַלע... און ס׳איז אַ סברה, אַז ער זאָל וואוינען לעבן אונז, טאַקע ביים טאַטנס ברודער, הירש דעם למדן — אין דער הינטערשטער שטוב. דאָרטן וועט ער אויך האָבן דעם חדר.

און אַזוי איז טאַקע געווען. יכנה״ז, אָדער מיט זיין ריכטיקן נאָמען ישעיה־ניסן הכהן גאָלדבערג, וואָס איז דאַמאָלסט שוין געווען באַרימט ביי די העברעישע לעזער, איז אין לעבן אַ גאַנץ געווינלעכער יונגערמאַן, אַ שעמעוודיקער, אַ צוריקגעהאַלטענער, קען דאַכט זיך קיין צוויי ניט ציילן און אַזוי ווי פון זיין שרייבן אַליין קען ער ניט האָבן קיין פּרנסה, האָבן אים די קאָידענאָווער עטלעכע רייכערע באַלעבאַטים און משכילים אַראָפּגעבראַכט פאַר זייערע קינדער צו לערנען מיט זיי אי גמרא, אי העברעיש.

ס׳האָט געהייסן אַ האַלבער לערער און אַ האַלבער מלמד.

געדונגען דעם חדר ביי מיין פעטער, הירש דעם למדן, ביי וועמען ער האָט שוין אויך געהאַט די וואוינונג און אויך געגעסן „מאָלצייטן“ — בין איך דאָך דעם ערשטן טאָג ניט געווען גענוג דרייסט אַריינצוקומען צו אים. אַז איך בין אָבער יאָ אַריינגעקומען, האָט מיר שטאַרק געקלאַפּט דאָס האַרץ. איך האָב אים געגעבן שלום ניט ווי אַ שרייבער, נאָר ווי אַ יידן אַן אורח. ער האָט

עפּעס אַ מורמל געטאָן, אויסגעצויגן אַ פּאָר פינגער, מיך אָנגעקוקט און, דערזעענדיק אין מיר אַ נאָך צו יונג יינגל, האָט ער גלייך זיך געווענדט אויף דו:

— קענסט עפּעס לשון־קודש?

— יאָ... אַוודאי...

דערווייל האָב איך געזען, ווי ער פּאַקט אויס זיינע קאַסטנס און לייגט אַרויס אַ בוך נאָך אַ בוך. און צווישן די ביכער — איי־ניקע אַזוינע לאַנגע און דיקע, אַזוי ווי גרויסע גמרות.

איך גיי צו נעענטער צום טיש און פרוו אַ מיש טאָן אַ בוך — ערשט פון כל־טוב און אויף יידיש! געבונדענע יאָרגאַנגען „פאָלקסבלאַט" פון 1884 ביז 1888, נאָכדעם אַ דיקער בוך פון אַ קלענערן פאָרמאַט „די יודישע פאָלקס־ביבליאָטעק", רעדאַקטירט פון שלום־עליכם — ערשטער באַנד, „דער הויזפריינד", אַרויסגעגעבן פון מ. ספּעקטאָר, ערשטער יאָרגאַנג...

איך הייב אָן אַזש ציטערן פאַר גליק. מערקן מערק איך אָבער, אַז יכנה'ן איז ניט פון די יידן, וואָס געטרויען ביכער אויף איי־גענע הענט... אמת, ער שטערט מיר ניט צו בלעטערן, אָבער בעטן אַ בוך אַהיים צו נעמען איז נאָך צו פרי... הגם אונזער הויז איז די צווייטע פון פעטערס, ביי וועמען דער חדר וועט זיין און וואו ער וועט שוין אויך וואוינען.

דערווייל קומט אויך אָן מיין טאַטע. ער זעט אויס אינ־גאַנצן יום־טובדיק, כאָטש ניט איבערגעטאָן זיך. דאָס פּנים אָבער שטראַלט — אַ סאַמע מיטנוואָכיקער פאַרנאַכט און ס'איז יום־טוב!

ער האָט שוין קענטיק פאַרבראַכט מיט יכנה'ן ביים גרויסן סוחר אין הויז, איז ער שוין דרייסטער. ער וויל אים עפּעס ווייזן.

דער טאַטע קריגט אַרויס פון זיין פעקל שירים דאָס בעסטע, דאָס טייערסטע, דאָס, וואָס איז געלעגן יאָרנלאַנג ביי אים גע־שריבענערהייט און קיינער, אַחוץ מיך און אַ פּאָר אַמאָליקע חברים זיינע, האָבן דאָס ניט אָנגעזען... מאַנכע ביי געלעגעך פּאַפּיר, אויף

זועלכע די שירים זיינען געשריבן, זיינען שוין פֿאַרוועלקט און דווקא אָט די וויזט דער טאַטע יכנה׳זן.

יכנה׳ז איז פֿריינדלעך, לייענט אַליין, לאָזט דעם טאַטן פֿאָר־לייענען און הערט אויס. און דער אורטייל איז פֿאַרן טאַטן זייער גינסטיק.

יכנה׳ז מאַכט נאָר אַ פּאָר באַמערקונגען וועגן דיקדוק — אין דער און אין דער שורה איז דער דיקדוק ניט אויסגעהאַלטן. דער געדאַנק אָבער איז גאָר גוט...

איך מיט מיינע לידער וואַרט נאָך אָפּ. מיינע זיינען דאָך בלויז יידישע און ווער ווייס בכלל, צי טויגן זיי.

מיינע וויז איך ערשט אין עטלעכע טעג אַרום, ווען איך ווער דרייסטער, און אַדאַנק אַ פּאָר תּלמידים זיינע, וואָס זיינען מיינע נאָענטסטע חברים, וואָג איך צו קומען אָפּטער... צוליב די תּלמידים, מיינע חברים, איז שוין יכנה׳ז צו מיר אויך מער צוגעלאָזט. איך לייען שוין פֿאַר אים פֿאָר אַ פּאָר לידער און ער לויבט זיי. נאָר דער משקל, זאָגט ער, איז ביי מיר עפּעס ניט ווי געהעריק... וואָס — ווייס ער אַליין ניט, נאָר עפּעס פֿעלט...

דערווייל אָבער ווער איך מיט אים גאָר גוט באַקאַנט און דרייסטער... אויב ער קען העברעיִש, — קען איך דערפֿאַר רוסיש גוט און האָב שוין געלייענט אַלע גרויסע ווערק פֿון די רוסישע שרייבער. וועגן יידיש רעדט מען ניט. און ער גיט מיר שוין נאָכן אַוועקגיין פֿון די תּלמידים — אַ זייגער ניין אין אָוונט — זיין סיפּור „גנב במחתרת“, איך זאָל אים זאָגן מבינות... אַ סיפּור, וואָס איז מיר אין יענער צייט טאַקע געפֿעלן געוואָרן.

דערפֿאַר בעט איך שוין ביי אים באָרגן שלום־עליכמס „די יודישע פֿאָלקסביבליאָטעק“.

— ניין, ברודער... — זאָגט ער שוין פֿאַמיליאַר, אויב דו ווילסט דאָ ביי מיר זיצן און לייענען — קענסטו.

און דערווייל דערציילט ער מיר, אַז ער אַליין האָט אין „פֿאָלקס־ביבליאָטעק“ אַ פֿעליעטאָן: „בריוו פֿון ליטע קיין אַמעריקע“ — פֿינף און צוואַנציק רובל באַקומען פֿאַר אים — באַרימט ער זיך צום סוף — פֿינף קאָפּיקעס אַ שורה...

ער האָט אָבער פאַריבל, וואָס שלום־עליכם האָט אים געקריוודעט: פרישמאַנען, קלאָגט ער זיך, האָט ער פאַר זיין פּאָעמע „אופיר“ געצאָלט אַ רובל אַ שורה — פינף הונדערט רובל באַצאָלט. — און ווען דו וועסט, אברהם, — הופט ער מיך שוין ביים נאָמען, — דורכליינען מיינע און פרישמאַנס, וועסטו זען, ווער איז מער ווערט.

דעם אמת געזאָגט, האָט מיך „אופיר“ אַנטציקט. איך האָב נאָך דעמאָלט היינעס ניט געקענט, אויסער „יהודה־הלוי“ אין דער העברעישער איבערזעצונג, וואָס די פאָרם איז געווען געענדערט, — אָבער יכנה״זס „בריוו פון ליטע קיין אַמעריקע“ איז מיר אויך שטאַרק געפעלן געוואָרן. דאָס זיינען געווען בילדער פול מיט הומאָר פון זיין געבורטסשטעטל מאָהילנע, אין דער פאָרם פון בריוו, וואָס אַ יונגערמאַן שרייבט צו זיינעם אַ חבר, וועלכער געפינט זיך שוין אין אַמעריקע. איך וואונדער זיך נאָר, וואָס די שפּראַך איז אַזוי ריין און שיין און כמעט שלום־עליכמדיק. קלאָגט ער זיך פאַר מיר טאַקע, אַז שלום־עליכם האָט די שפּראַך וואו־ניט־וואו פאַרריכט — אַ פּאָר „טייערע“ שטעלן אַרויסגעוואָרפן...

מיין טאַטן טרויט ער שוין די „פאָלקס־ביבליאָטעק“ אויף איבער נאַכט אַהיים. מיין פאָטער קען דאָך ניט זיצן ביי אים און לייענען. און מיין פאָטער איז אַזוי באַגייסטערט פאַר דעם דאָזיקן בוך, אַז זיין בליק אויף יידיש ענדערט זיך אינגאַנצן. ער זאָגט מיר ווי בסוד, אַז דאָס איז דאָס בעסטע בוך, וואָס ער האָט ווען געלייענט, און אַז אַפילו אין לשון־קודש איז אַזוינס ניטאָ. ער איז אויך אַנטציקט פון „אופיר“, פון פרצעס „מאָניש“ און פון שלום־עליכמס „סטעמפעניו“.

אָבער די „בריוו פון ליטע קיין אַמעריקע“ פון יכנה״זן לויבט ער אויך. „ער קען“, זאָגט ער מיר זיין מיינונג, און פאַר יכנה״זן לויבט ער עס נאָך מער.

דערווייל באַקאָן איך זיך מער מיטן כאַראַקטער פון „פאָלקס־בלאַט“, סיי פון די פאָריקע יאָרגאַנגען, סיי פון די נייע נומערן, וואָס יכנה״ז אַלס מיטאַרבעטער באַקומט יעדע וואָך. דער רעדאַקטאָר,

מערק איך אין די נייע נומערן, איז אַ ייד אַ רשע... יכנה׳ז אַליין דערציילט מיר, אַז לעווי איז אַ משוגענער...

וועגן שיקן אין „פאָלקסבלאַט“ מיינע לידער טראַט איך ניט, ווייל יעדע וואָך האָט זיך דאַמאָלסט אָנגעהויבן דרוקן דאָרט פּרוגס אַ ליד און עס איז אַ סכנה צו שיקן מיינע לידער, הגם מאַנכע פון זיי לויבט יכנה׳ז זייער.

פאַר מיר וועט געווען זיין דערווייל אַ קאָרעספּאָנדענץ. מיט קאָרעספּאָנדענציעס איז די „פאָלקסבלאַט“ דאַן פול געווען, צו עטלעכע אין אַ נומער... וואו נעמט מען נאָר שטאָף? שיקט מיר גאָט צו אַ פּאַסירונג. אַ פויער מאַכט אַ בילבול אויף אַ יידישער קרעמערין, אַז ער האָט איר באַצאָלט פאַר דער סחורה, וואָס ער האָט געקויפט, אַ רובל און זי לייקנט עס. דער פויער, אַן עקשן, האַלט זיך ביי זיינס; שלעפּט ער די קרעמערין צום רב... און דער רב פּסקנט, אַז אַזוי ווי קיין עדות זיינען ניטאָ, זאָל די קרעמערין דעם רובל אָפּגעבן מיט ליכט פאַרן בית־מדרש, — אַלע פרייטאָג פאַר צוואַנציק גראָשן ליכט... דער פויער איז מרוצה. אָבער ער געטרויט ניט דער קרעמערין און יעדן פרייטאָג קומט ער צו פאָרן רייטנדיק אויף אַ פערד און פאָרט נאָך דער קרעמערין ביזן בית־מדרש. ער היט זי, אַז זי זאָל ניט פאַלשעווען. אַזוי ציען זיך וואָכן. מאַכט זיך אַ מעשה — אַ קריג צווישן די פויערים אין דאָרף און דער פויער ווערט געהרגעט... מיר נאַטירלעך האָט ביים אויסהערן די פּאַסירונג שטאַרק וויי געטאָן דאָס האַרץ אויפן אָרעמען פויער, אָבער וואָס קאָן זיין אַן אינטערעסאַנטערער שטאָף פאַר אַ קאָרעספּאָנדענץ? געהערט די פּאַסירונג דערציילן פון ווייבער אין אונזער הויז, שרייב איך אָן אָט־די פּאַסירונג און הייב אָן: „ביי אונז אין שטעטל האָט פּאַסירט“... מיטן אמתן נוסח... דעם גוי מאַך איך, ווי מיר אַלס יינגל האָט געשיינט, פאַר אַ נייעם המן, וועלכער טראַכט אויס אַ בילבול אויף יידן און קומט אַלע וואָך טרייבן די קרעמערין צו ברענגען אין בית־מדרש די ליכט... און ענדיק, ווי דער שטייגער איז: אַזאַ סוף זאָלן האָבן אַלע המנס, וואָס מאַכן בילבולים אויף יידן...

די קאָרעספּאָנדענץ שיק איך אַוועק בשתיקה, ניט נאָר פון טאַטן, נאָר אַפילו פון יכנה׳׳ן, מיט וועלכן איך זע זיך שוין אין פּעטערס הויז עטלעכע מאָל אַ טאָג... טאָמער דרוקט מען זי ניט — און איך בין געווען זיכער, אַז ניט — צו וואָס זאָל מען פון מיר לאַכן... אָבער די קאָרעספּאָנדענץ האָט מען צום אומגליק יאָ גע־דרוקט. איך זאָג צום אומגליק, ווייל אונטער דער קאָרעספּאָנדענץ איז געווען אַ לאַנגע אָנמערקונג פון דעם רעדאַקטאָר, ישראל לעווי, וועלכער האָט מיך, ווי געהעריק און ווי איך האָב טאַקע פאַרדינט, אויסגעזידלט מיט די שאַרפסטע ווערטער און אויסדרוקן... איך האָב זיך געשעמט צו ווייזן די אויגן, איבערהויפּט פאַר מיין טאַטן. מיין טאַטע אָבער האָט אויף מיר זיך ניט געבייזערט, נאָר אַדרבא גע־טרייסט: שרייב אים, אַז דו ביסט ערשט אַלט דרייצן יאָר (איך בין שוין דאַן געווען, אַגב, פערצן יאָר אַלט) — און זידל אים אָפּ צוריק — האָט דער טאַטע מיר, ווי אַ חבר אין אַ נויט, געראָטן.

אויך יכנה׳׳ן האָט מיך געטרייסט, אַז איך זאָל זיך ניט גע־מען צום האַרצן ישראל לעווים זידלעריי. ער איז אַ משוגענער, ער האָט ליב צו שרייבן אָנמערקונגען צו יעדן אַרטיקל... ער זידלט אין זיי יעדערן, אַפילו שלום־עליכמען, קאַנטאָרן האָט ער שוין אין אָנמערקונגען אַמאָל שטאַרק באַליידיקט און זיי דערמיט פאַרטריבן פון „פאָלקסבלאַט״.

איך אָבער ווער ניט געטרייסט. ניט דאָס זידלען האָט מיך געאַרט, ווי דאָס, פאַרוואָס כ׳האָב ניט פאַרשטאַנען, אַז דער גוי איז טאַקע געווען ניט קיין שלעכטער. מעגלעך, אַז ער האָט איר דעם רובל יאָ געגעבן און די קרעמערין האָט אין איילעניש אַראָפּ־געוואָרפן און אַן אַנדערע האָט אויפגעהויבן. אָדער זי האָט טאַקע גע־וואָלט פאַרלייקענען... לעווים טענה, צי וואָלט אַ ייד מרוצה ווערן אין אַזאַ פאַל גיין צו אַ גלח זיך משפּטן — איז דאָך אַ ריכטיקע. קורץ, לויט לעווים אָנמערקונג איז אויסגעקומען, אַז דער פויער איז געווען איינער מחסידי אומות העולם און איך — דער קאָרעספּאָנ־דענט, ווי ער האָט מיך אָנגערופן, צולייגנדיק געוויסע טיטלען — האָב אים ניט פאַרשטאַנען און געמאַכט אים פאַר אַ המן...

עס איז אַ גליק געווען, וואָס מיין פולן נאָמען, וועלכן איך האָב אונטערגעשריבן אונטער דער קאָרעספּאָנדענץ, האָט דער בייזער רעדאַקטאָר דאָך ניט אַוועקגעשטעלט. ער האָט בלויז גענומען די ערשטע און לעצטע בוכשטאַבן פון מיין ערשטן און צווייטן נאָמען.

אָבער הגם איך בין דורכגעפאַלן מיט מיין ערשטער קאָרעספּאָנדענץ, בין איך דאָך ביי מיינע חברים, וואָס האָבן געלערנט ביי יכנה׳׳ן, דערהויבן געוואָרן. און איך אַליין האָב דערפילט דעם טעם פון זיין געדרוקט. מיין אונטערשריפט איז טאַקע ניטאָ, אָבער די ווערטער, וואָס איך האָב אַליין געשריבן מיט מיין האַנטשריפט, זיינען אַרויס געדרוקט און האָבן געוואונקען מיט אַלערליי חנען און געוויזן דעם וועג צו ווייטערדיקע ערפאָלגן...

אונטער אַ צווייטער קאָרעספּאָנדענץ האָב איך שוין ניט געוואַגט צו שרייבן מיין נאָמען און אַפילו ניט מיט מיין האַנטשריפט. איך האָב זי אָנגעשריבן, אַוועקגעשענקט מיינעם אַ חבר, אַ תלמיד פון יכנה׳׳ס חדר. ער האָט געהאַט אַ ריינע האַנטשריפט און האָט אויך געהאַט אַמביציע צו זיין געדרוקט, הגם קיין „ליטעראַרישע“ פעיקייט האָט ער ניט אַרויסגעוויזן. האָט ער עס איבערגעשריבן און מיט זיין אונטערשריפט אַוועקגעשיקט, אַ גליקלעכער, אַזש אין פּעטערבורג, אין „פאָלקסבלאַט“.

און דווקא די צווייטע קאָרעספּאָנדענץ איז געווען אָפּגעדרוקט אין פאַרלויף פון אַ וואָך מיט דעם אונטערשריפט פון מיין חבר... און אָן קיין שום בייזע אָנמערקונגען.

האָט עס מיר זייער פאַרדראָסן — מיין ווערק מיט אַ פרעמדן נאָמען! האָב איך זיך אָבער געטרייסט, וואָס מיינע ווערטער זיינען געדרוקט, און וואָס סיי־ווי־סיי ווייסן אַלע נאָענטע — אַפילו יכנה׳׳ז אַליין — אַז די קאָרעספּאָנדענץ איז מיינע. די דריטע האָב איך שוין געשריבן אַליין און מיט מיין אונטערשריפט. מיין האַרץ האָט מיר שטאַרק געקלאַפּט, ווען איך האָב די דאָזיקע קאָרעספּאָנדענץ אַוועקגעשיקט צו דעם שטרענגן ישראל לעווי.

אָבער די דריטע קאָרעספּאָנדענץ איז שוין געווען אָפּגעדרוקט מיט מיין פולן נאָמען, אָן שום באַמערקונג. די לעקציע, וואָס ישראל

לעווי האָט מיר געגעבן, האָט מיר געהאָלפן. איך האָב שוין גע־וואוסט, אַז קיין נאַרישקייטן שרייבן דאַרף מען ניט.

די פערטע קאָרעספּאָנדענץ איז שוין געווען אַ מין פעליעטאָן. איך האָב אין איר באַשריבן אַ יום־טוב אין חסידישן רבינס הויז (אין קאָידענאָוו איז געווען אַ חסידישער רבי) און יפנה״ז און אַפילו מיין פאָטער האָבן די דאָזיקע באַשרייבונג, — שוין מער ווי אַ קאָרעספּאָנדענץ, — שטאַרק געלויבט.

נאָך דער קאָרעספּאָנדענץ האָב איך שוין געקראָגן מוט אַוועקצו־שיקן אין „פאָלקסבלאַט“ איינינקע לידער.

---

# צווייטער קאַפּיטל

מיינע ערשטע לידער. — דאָס וואַרטן אויף דעם ענטפער פון דעם רעדאַקטאָר. — פּרוגס און פּרישמאַנס לידער אין „פאָלקס-בלאַט". — דער אונטערגאַנג פון „פאָלקס-בלאַט". — די ליטע-ראַרישע אַטמאָספערע אין יכנה"ס חדר. — די בריוו צו אים פון ד"ר ש. מאַנדעלקערן, ראובן בריינין און אַנדערע גדולים. — איך גיב אַרויס אַליין אַ געשריבענע צייטונג. — מיין ערשטער בריוו צו יעקב דינעזאָן אין וואַרשע. — איך ווער אַ ביכער-אַגענט.

די לידער, וואָס איך האָב אַוועקגעשיקט אין פּעטערבורגער „פאָלקסבלאַט", זיינען געווען היבש אין צאָל. איך האָב ניט גע-קאַרגט. איך אַליין האָב ניט געקענט באַשטימען, וועלכע איז בע-סער און וועלכע איז ערגער, טאָ זאָל דער רעדאַקטאָר האָבן פון וואָס אויסצוקלייבן... דער אינהאַלט פון די לידער איז געווען „סאָ-ציאַל-נאַציאָנאַל", נאָר ניט, חלילה, וועגן ציון. דער ציוניזם איז נאָך ניט אַנטשטאַנען, אָבער דער „חיבת-ציון" האָט זיך שוין דעמאָלט צע-בליט; עס איז שוין אַפילו דאַן ערשינען אין אָדעס אַ זאַמלבוך, „דער וועקער", אונטער דער רעדאַקציע פון משה-לייב ליליענבלום מיט פלאַם-פייערדיקע אַרטיקלען און לידער וועגן ציון. אויך האָט זיך אין יענער צייט, שוין אַרום 1890, געגרייט אַ זאַמלבוך אין זשיטאָמיר, „דאָס הייליקע לאַנד"... איך ווייס ניט פאַרוואָס — אָבער די מאָטיוון וועגן הייליקן לאַנד האָבן מיך אַפילו דאַן, אַ יינגל ערשט פון חומש, ניט באַהערשט. איך האָב שוין דאַן געזונגען וועגן יידישע צרות סתם... וועגן אמתע און אויסגעטראַכטע... אין איין ליד האָב איך פאָרגעשטעלט אַ בילד פון דער אָרעמקייט פון אונזער גאַס. פון דעם ליד געדענק איך איצט ווי דורך אַ חלום בלויז די ערשטע סטראָפע:

הויך פענסטער איז אין די יידישע שטעטלעך,
אָרעם, עלנט אומעטום;
דאַרע יידן, אַזוי ווי די ברעטלעך,
שלעפּן זיך אין די גאַסן אַרום...

איבעריקנס האָט דאָס דאָזיקע ליד אויך פאַרמאָגט, ווי מיר דאַכט זיך, אַ פּאָר רייפערע סטראָפן. אַ צווייט ליד האָט באַהאַנדלט די פראַגע פון פּילשפּראַכיקייט. צו וואָס? — האָב איך געשטעלט אַ פראַגע אין דעם ליד — צו וואָס לערנען יידן אַזוי פיל שפּראַכן?...

כ'לעבן עס איז דאָך נאָר צום לאַכן,
צו וואָס נוצט דיר אַזוי פיל שפּראַכן?

און איך האָב עס פאַרענטפערט:

ווייל איך האָב ניט קיין שטענדיקן אָרט,
היינט בין איך דאָ און מאָרגן דאָרט...
דאָ טרייבט מיך רוסלאַנד מיט אַ בייטש,
דאַרף מען שוין ווערן גאָר אַ דייטש...

און אַזוי ווייטער. דער „איך" איז דאָס נאַטירלעך געווען געמיינט דאָס גאַנצע יידישע פאָלק...

עס האָבן זיך געפונען צווישן די אַוועקגעשיקטע לידער אויך אייניקע לירישע, פּערזענלעכע לידער. יענע געדענק איך שוין ניט. דער מין איז דעמאָלסט ניט געווען בנמצא אין דער יידישער פּאָעזיע. אַפילו פרוגס ערשטע לידער אין „פאָלקסבלאַט", וואָס האָבן אויף מיר געמאַכט אַזאַ שטאַרקן רושם מיט זייער וואונדערלעכן קלאַנג (פונקט ווי ביי פושקינען! — פלעג איך דעמאָלט פאַרגלייכן מיט אַנטציקונג), האָבן באַהאַנדלט סאָציאַלע און יידישע מאָטיוון, מיט אַן אויסנאַם פון אייניקע סטראָפן, וואו דער דיכטער פלעגט זיך, ווי קענן זיין ווילן, אַוועקטראָגן אויף די פליגלען פון דער פאַנטאַזיע. איין ליד אַזאַ האָט טאַקע געהאַט דעם נאָמען „פאַנטאַזיע". אָנגעהויבן האָט זיך דאָס ליד אַפילו גאַנץ פּראָזאַיש, הגם מיט דער וואונדערלעכער פרוגישער וואוילקלאַנגישקייט..

דער מענטש איז אַ סוחר,
די וועלט — אַ יאַריד,
מען האַנדלט, מען וואַנדלט,
מען קאָכט און מען זידט...

נאָר צום סוף פון דעם ליד האָט זיך דער דיכטער צעזעגנט מיט זיין יוגנט, וואָס האָט אויף מיר געמאַכט אַן אומפאַרגעסלעכן רושם און איך האָב מיט דעם דאָזיקן ליד — איבערהויפּט מיט איר צווייטער העלפט — זיך אַ לאַנגע צייט געקוויקט.

געהאַט האָב איך קנאַפּע האָפענונגען, אַז מיינע לידער וועלן זיך דרוקן, איבערהויפּט נאָכדעם, ווי עס פלעגט אָנקומען אַ נומער און דאָרט איז געווען אַ ליד פון פרוגן און אַמאָל אויך פון פרישמאַן און אויך אַזאַ זינגענדיקס, כאָטש ניט אַזאַ שטאַרקס, ווי פרוגס. פאַרגלייכנדיק מיינע מיט זייערע, איז מיין מוט געפאַלן; מיין גלויבן, אַז מיינע לידער זאָלן זיך דרוקן צוזאַמען מיט אַזוינע גרויסע דיכטער, האָט געצאַנקט. דערפאַר אָבער, אַז אין נומער „פאָלקס-בלאַט“ האָט זיך דאַן באַוויזן אַ ליד פון אַנדערע דיכטער, אַפילו פון מיכל גאָרדאָן, האָט שוין מיין מוט געשטייגט און מיין האָפענונג האָט זיך צעבליט...

אין דער זעלבער צייט האָט זיך אויך מיין פאָטערס מוזע צעשפּילט, און דווקא אויף יידיש. ניט קוקנדיק וואָס אַראַנק יפנה׳זם שריפטשטעלערישער פּראָטעקציע האָט ער דאַן פאַרעפנטלעכט אין „המליץ“ צוויי פעליעטאָנען, איינעם מיטן נאָמען „גבר לא יוצלח“ און דעם צווייטן — „ואלה המשפטים“, אונטער דעם פסעוודאָנים יק״ר, האָט אים דאָך געצויגן מער צו יידיש. אפשר דערפאַר, וואָס ער האָט דערזען, אַראַנק שלום-עליכמס „פאָלקס-ביבליאָטעק“, אַז עס שרייבן יידיש אַזוינע בערן, ווי ד״ר קאַמינער, פרישמאַן, מנשה מרגליות, אינזשעניער אוסישקין (אַ קליייניקייט — אַן אינזשעניער אין יענער צייט שרייבט יידיש!) און פילע אַנדערע גדולים פון דער דאַמאָלסטיקער העברעישער ליטעראַטור; אָדער טאַקע דערפאַר, וואָס אַלס עכטער טאַלאַנט האָט ער אינסטינקטיוו געפילט, אַז אין יידיש, זיין מוטער-שפּראַך, איז נאַטירלעכער צו שרייבן און צו זינגען און צו זאָגן וואָס מען וויל, — אַזוי צי אַזוי, מיין פאָטער האָט אין יענער צייט געשריבן פיל זאַכן אין יידיש, צווישן זיי אַ צוויי הומאָריסטישע דערציילונגען.

די דערציילונגען האָבן שוין אויסגענומען ניט בלויז ביי די היזיקע אַליין און ביי מיר, וואָס איך בין ביים טאַטן נאָך מיין פאַר-

עפנטלעכן די פּאָר קאָרעספּאָנדענציעס אין „פאָלקסבלאַט“ שוין געווען פאַררעכנט פאַר אַ שטיקל אויטאָריטעט, נאָר אַפילו יכנה״ז האָט געמוזט מודה זיין אין זייער דרוקפעיִקייט... יכנה״ז, דער אמתער אויטאָריטעט, וואָס זיינע פעליעטאָנען דרוקן זיך סיי אין „המליץ“ און סיי אין „פאָלקסבלאַט“, און ניט בלויז מען דרוקט זיי, נאָר מען בעט זיך ביי אים, מ׳רייסט ממש פון די הענט, און ער באַקומט אַפילו אַמאָל אַ טעלעגראַמע אַזש פון פעטערבורג: „שיק וואָס גיכער!“ — אַפילו ער, יכנה״ז אַליין, וואָס איז שטרענג אין זיינע מיינונגען, ראָט דעם טאַטן אַוועקצושיקן די צוויי דערציילונגען אין „פאָלקסבלאַט“...

האָב איך שוין געהאָפט אויף צוויי גליקן, וואָרעם מיין פאָטערס ערפאָלג וואָלט געווען ביי מיר מער אָנגעלייגט ווי מיינער. הגם ער האָט ניט געגלויבט, אַז עס וועט זיין געדרוקט, און כלומרשט ניט געהאַלטן אינגאַנצן דערפון, האָב איך אָבער גוט געפילט און פאַרשטאַנען און אַפילו געמערקט, ווי מיין גוטער און קלוגער פאָטער נעמט פונאַנדער מיט גרויס איפרעגונג אַ נומער „פאָלקסבלאַט“ און זוכט זיינע אַ דערציילונג און ווערט מאָדנע אומעטיק, ווען ער געפינט קיין זכר ניט...

נאָר צי מיינע לידער זיינען יאָ ווערט געווען געדרוקט צו ווערן, צי ניט — בלייבט פאַר מיר אַ סוד אויף אייביק. אויך ביי מיין פאָטער איז דער זעלבער סוד געבליבן ניט געלייזט. אין עטלעכע וואָכן אַרום, נאָך אַן אָנגעשטרענגטן וואַרטן אויפן רעזולטאַט, אין אָנהויב פון יאָר 1890, איז „דאָס יודישע פאָלקסבלאַט“, די איינציקע יידישע צייטשריפט אין יענער צייט אין רוסלאַנד, אונטערגעגאַנגען.

אַן אומעט און טרויער איז אונז באַפאַלן, — מיך, מיין טאַטן און יכנה״זן אַליין, ווען נאָכדעם, ווי מיר האָבן אַ פאָר וואָכן געוואַרט, איז ענדלעך אָנגעקומען, אָנשטאָט אַ גאַנצן נומער — בלויז איין בלעטל; אויך דאָס בלעטל אַליין איז געווען בלויז אויף איין זייט געדרוקט, מיט אַ קליינער מעלדונג פון ישראל לעווי, אַז דאָס „פאָלקסבלאַט“ ווערט צייטווייליק פאַרמאַכט; לעווי גיט אָנצוהערעניש, אַז פאַרבאָטן האָט עס די רעגירונג צוליב אַ געוויסער אַריינ-

מישונג פון אינעווייניק. אין די לעצטע ציילן זעגנט ער זיך מיט די לעזער, און דער שטענדיקער בייזער און שטרענגער לעווי רעדט שוין מיט הכנעה, ווי אַן אָבל. צום סוף טרייסט ער אָפילו די לעזער, אַז ס'איז דאָ אַ מעגלעכקייט, אַז מ. ספּעקטאָר זאָל זי צוריק אַרויסגעבן, אָבער שוין ניט אין פּעטערבורג, נאָר אין וואַרשע...

מילא, יכנה'ז האָט אַ טרייסט דעם „המליץ", די זאַמלביכער „בית-עקד", וואָס ש. י. דורוויץ האָט דעמאָלט אַרויסגעגעבן אין גלוכאָוו, און ער פאַרוואַרפט אים מיט בריוו, ער זאָל אים עפּעס צושיקן. מיין פאָטער, וואָס דאַרף שפּייזן אַ פאַמיליע און דאַרף חתונה מאַכן אַ טאָכטער, נעמט זיך צום האַנדל מיט מער ברען ווי פריער, ווי אַ בעל-תשובה... איך אָבער פיל מיך, ווי אַ פאַרלאָרענער. הגם איך באַשעפטיק זיך שוין מיט לערערייַ און האָב דערווייַלע עטלעכע שטונדן אין גאַס, ביי די נאָענטע שכנים, נאָר דער הויפּט-ציל מיינער איז ליטעראַטור. ביי יכנה'ז אין צימער, וואוהין איך קום עטלעכע מאָל אַ טאָג, שווימלט און גריבלט מיט ליטעראַטור, ליטעראַרישע נייַס, ליטעראַרישע רכילות אַפילו.

אָט באַקומט יכנה'ז אַ בריוו פון ד"ר שלמה מאַנדעלקערן, וואָס איז יענער צייט ביי מיר פאַררעכנט געוואָרן פאַר איינעם פון די גרעסטע מענטשן אויף דער וועלט. וואוינען וואוינט ער אַזש אין ווין און איז אַ משורר פון עטלעכע ביכלעך שירים; דערצו נאָך האָט ער פאַרפאַסט אַ „קאָנקאָרדאַנציע" (גיי, רייד עס איצט אַרויס ריכטיק!...), און אָט דער ד"ר שלמה מאַנדעלקערן אַליין שיקט יכנה'ז זיינע ביכלעך און שרייבט אים נאָך, אַז ער וועט זיין גליקלעך, ווען יכנה'ז וועט אים אַרויסשיקן זיינע צוויי ביכלעך „סיפורים"...

אויך באַקומט יכנה'ז בריוו פון עפּעס איינעם אַ שרייבער יאפ"ז פון פּאַריז. סיי דער נאָמען יאפ"ז און סיי די שטאָט פּאַריז מאַכן אויף מיר אַ וואונדערלעך שטאַרקן רושם. מיר דאַכט זיך אַפילו אַמאָל, אַז זיי נאַרן זיך אָפּ, ווייל ווי איך האָב דאַן ניט געשעצט יכנה'ז, איז ער דאָך פאָרט אין לעבן אַ געוויינלעכער יונגערמאַן, לערנט מיט באַלעבאַטישע קינדער תנ"ך, „עין-יעקב", און

אינאָוונט — דיקדוק און שרייבט העברעיִשע קאָמפּאָזיציעס... אינאָוונט, הייסט עס, פּלעגט ער דערהויבן ווערן צום ראַנג לערער, נאָר אַ גאַנצן טאָג האָט ער פּשוט געקנעלט...

און דאָ באַקומט יכנה״ז בריוו פון אַ נייעם העברעיִשן שרייבער, ראובן בן מרדכי בריינין, און אַוש פון מאָסקווע. אויף דעם בריינינען זאָגט מיר עדות יכנה״ז, וואָס פּלעגט קאַרגן אין שבחים, אַז עס וואַקסט אַ גרויסער שרייבער און אַז ער איז אַ הייִנטיקער, ער גייט אויף אַ נייעם דרך...

מיט איין וואָרט — אַ ליטעראַרישע אַטמאָספערע, אַ ליטעראַרישער יאַריד, וואָס שפּילט זיך אָבער אָפּ בלויז אין אַ קליין שטיבל ביי מיין פעטער הירש דעם למדן, וואו יכנה״ז וואוינט די גאַנצע צייט און פילט זיך גוט און צופרידן.

און איך? וואָס וועט זיין מיט מיר? דאָס איינציקע יידישע „פאָלקסבלאַט" איז אונטערגעגאַנגען. וועגן זיין ווידער־ערשיינען הערט מען ניט. יכנה״ז, וואָס האָט אַזוי פיל יידיש געשריבן, נעמט זיך שרייבן בלויז העברעיִש. ווער רעדט, אַז זיין צווייטן טייל „בריוו פון ליטע קיין אַמעריקע", וואָס ער האָט שוין געשיקט פון קאָידענאָוו צו שלום־עליכמען פאַר דער צווייטער „יודישער פאָלקסביבליאָטעק", וואָס האָט זיך דאַמאָלסט געהאַלטן אין דרוקן, האָט שלום־עליכם אים אָפּגעשיקט צוריק און זיך נאָך ווי גערייצט, אַז פאַר דעם צווייטן יאָרגאַנג האָט ער אַ פעליעטאָן „נאָר אַ פערל פון יהל״ל און עס הייסט „ארץ־ישראל־ערד"... האָט עס טאַקע יכנה״זן דאַמאָלסט שטאַרק ווי געטאָן. ער האָט זיך אָבער געהאַט מיט וואָס צו טרייסטן — אין העברעיִש איז זיין רום געוואַקסן און באַשטעלונגען און בריוו פון אָנערקענונג האָבן זיך געשאָטן צו אים פון אַלע עקן לאַנד און אַפילו פון אויסלאַנד...

צו העברעיִש שרייבן האָט מיך ניט געצויגן. ערשטנס, האָב איך צו שטאַרק ליב געהאַט יידיש און צווייטנס, האָב איך די העברעיִשע שפּראַך ניט אַזוי גוט באַהערשט, אַז איך זאָל קענען שרייבן דאָס, וואָס איך האָב געפילט און געטראַכט אַפילו אין יענע יינגלשע יאָרן. אָבער אַ פּאָר שירים האָב איך אין יענער צייט

אָנגעשריבן אויף העברעיש. אין איין שיר אַזאַ ווענד איך זיך צו דער האָפענונג:

אם רע ומר גורלי באבי,
אָז התקוה תבוא בלבי...

איך בענק אויך נאָך ליטעראַרישער טעטיקייט, פאַרשפּיל זיך מיט אַ געשריבענער צייטונג, וואָס איך אַליין שרייב זי אָן אינגאַנצן און ווייז זי בלויז פאַר די תלמידים פון יכנה׳׳זס חדר, מיינע חברים. די צייטונג האָט פאַרמאָגט טעלעגראַמען, קאָרעספּאָנדענציעס, אַ לייט־אַרטיקל, אַ פעליעטאָן און אַפילו אַ ליד — און אַלץ הומאָריסטיש... די יונגע חברים האָבן גאָר אָנגעקוואָלן פון איר און די רייכערע האָבן אַפילו באַשטעלט ביי מיר קאָפּיעס פון איר. האָב איך זי איבערגעשריבן אין פינף עקזעמפּלאַרן — יעדער עקזעמפּלאַר פיר גרויסע, ריין־געשריבענע, ווי געדרוקט, זייטן, און האָב באַקומען פאַר אַן עקזעמפּלאַר פינף קאָפּיקעס, ס׳זאָל הייסן אַן אמתע צייטונג, פאַר וועלכער מען צאָלט...

נאָר דאָס שטעלט מיך ניט צופרידן. אין מיין קעסטעלע זיינען שוין דאָ גאַנצע פּעקן מיט לידער, צווישן זיי אַפילו אַ פאָר קליינע דערציילונגען, וואָס יכנה׳׳ז אַליין האָט זיי געריממט.

און איך הייב אָן זוכן וועגן און מיטלען, ווי אַזוי צו אַנטפּלעקן זיך פאַר דער וועלט...

אויסערדעם, בענק איך שוין נאָך עפּעס נייס אין יידיש. יכנה׳׳זן קומען אַלץ אָן העברעישע „אַנטיקן״. יידישע באַקומט ער זעלטן. די פּריוואַטע ביבליאָטעק, וואָס האָט געהערט צום דרדקי־מלמד, מאַכט זיך צו; ער אַליין לאָזט זיך אַוועק מיט אַנדערע שניידער און געפאַלענע בעלי־מלאכות קיין אַמעריקע. אין די מודעות פון דער „הצפירה״ לייען איך אַפילו אַמאָל וועגן אַ ניי־ערשינענעם ביכל אויף יידיש. נאָר אויסצושרייבן עס איז דאַן ניט געווען אַזוי גרינג.

זוך איך איבער אַמאָל, זיצנדיק ביי יכנה׳׳זן אין אַ פרייטאָג־טאָג, אויף דער פערטער זייט פון דער „הצפירה״, וואָס דאָס איז אויך געווען די לעצטע זייט — אַ נייעם יידישן בוך אין די מודעות — און אפשר אַן אָנזאָג אויף דער ווידער־ערשיינונג פון

„פאָלקסבלאַט“ אין וואַרשע דורך מ. ספּעקטאָר, ווי ישראל לעווי האָט צוגעזאָגט אין זיין געזעגענונגס־בלעטל, — ערשט מיין בליק פאַלט אויף אַ מודעה וועגן אַ נייעם בוך. און נאָך וואָס פאַר אַ בוך: „אבן נגף“ — אין פאַרטייטשט אויף יידיש — „אַ שטיין אין וועג“, פון יעקב דינעזאָן.

דאָס איז געווען ניט קיין שטיין אין וועג, נאָר אַ דימענט, וואָס האָט מיר אַ פינקל געטאָן פאַר די אויגן. איבערהויפּט דער נאָמען פון מחבר יעקב דינעזאָן, וואָס אַדאַנק זיין שוין דאַמאָלסט באַרימטן ראָמאַן „הנאהבים והנעימים“, אָדער מיט זיין יידישן נאָמען „דער שוואַרצער יונגערמאַנטשיק“ — איז אַזוי באַליבט געווען אַפילו אין אונזערע מקומות, וואו דער פּאָפּולערסטער, באַליבטסטער נאָמען ביי די, וואָס פלעגן יאָ לעזן ראָמאַנען, איז געווען שמ״ר... אַפילו די געציילטע משכּילים אין שטעטל, און אַפילו מיין פעטער הירש דער למדן האָט זיך „אָפּגעשעמט“ און „דעם שוואַרצן יונגנמאַנטשיק“ געליענט און אַפילו געוויינט איבער דעם טרויעריקן סוף פון זיינע ליבע העלדן ראָזע, רוחמה און יוסף, דער ליבער שיינער יוסף...

און איך ווייס ניט פאַרוואָס — עס האָט מיך עפּעס אַ צי געטאָן צו שרייבן אַ בריוו אָט צו דעם מחבר. אויב איך בין ניט אימשטאַנד אויסצושרייבן דאָס בוך אַליין, וועל איך אפשר באַקומען אַן ענטפער פון אים, וואָס דאָס וועט פאַר מיר זיין אַ גליק און אַ כבוד. די טעמע פון מיין בריוו האָט געזאָלט זיין טאַקע וועגן דער ווידער־ערשיינונג פון „פאָלקסבלאַט“ דורך מ. ספּעקטאָר.

דאָס איז געווען דאָס ערשטע בריוועלע, וואָס איך האָב געשריבן צו אַ מחבר, צו אַ יידישן שרייבער.

פון איין זייט בין איך געווען זיכער, אַז דינעזאָן וועט ניט ענטפערן, ווייל דאָס וואָלט געווען אַ צו גרויס גליק און אין גרויסע גליקן האָב איך ניט געגלייבט, אַפילו יינגלווייז. פון דער אַנדערער זייט אָבער האָב איך זיך געטרייסט, אַז דער פאַרפאַסער פון „הנאהבים והנעימים“ איז זיכער אַליין אויך אַ גוטער מענטש און ער וועט פאַרשטיין דאָס האַרץ פון אַ קליינשטעטלדיקן בחור'ל און מעגלעך, אַז ער וועט יאָ ענטפערן.

נאָך ווי געענטפֿערט: אמת — אַ פּאָסטקאַרטע, נאָר אַן אײַנגעטונקטע! דאָרט האָט זיך געפֿונען פֿון כּל טוב: האָפֿענונגען אויף דעם תּחית־המתים פֿון „פֿאָלקסבלאַט“, סך מײיסט־ווערטער צו מיר פֿערזענלעך, סתּם קלוגע רייד, און צום סוף לייגט ער מיר פֿאָר צו ווערן ניט מער און ניט ווייניקער, ווי אַן אַגענט אין מײַן שטעטל פֿאַר זײַן „אבן נגף“, און באַמערקט דערבײַ איידל וועגן דער שווערער לאַגע פֿון אַ יידישן מחבר בכלל. ער נעמט אָבער אויס תּנאָים: אויב דאָס איז מיר ניט צו שווער און צי עס זײַנען דאָ בכלל בעלנים פֿאַר אַזאַ בוך אין שטעטל.

ווי דאָס האַרץ וואָלט אים געזאָגט...

מײַן פֿאַנטאַזיע האָט זיך צעשפּילט. וואָס הייסט: אַ נייער ראָמאַן פֿון זעלבן פֿאַרפֿאַסער פֿון „שוואַרצן יונגנמאַנטשיק“, וועלכן גאַנץ שטעטל האָט געלייענט, אַפֿילו מײַן פֿעטער, הירש דער למדן, אַפֿילו מײַן טאַטע, דער העבֿרעער, אַפֿילו מײַן קלוגער זיידע. איך מאַך אַ חשבון און עס קומט בײַ מיר אויס, אַז זעקס עקזעמפּלאַרן מעג איך זיכער באַשטעלן.

איך ענטפֿער שוין אַ בריוועלע ווי אַ סוחר, אַז ער זאָל אַזוי פֿרײַנדלעך זײַן אַרויסשיקן מיר זעקס עקזעמפּלאַרן און מיט גאָטס הילף — קיין בעל־חוב וועלן מיר ניט בלײַבן... מיר וועלן טאָן, וואָס מיר וועלן קענען...

אין אַ וואָך אַרום באַקום איך אַ „פּאָסטקע“ פֿון דער פּאָסט. פֿאַרשטייט איך שוין, אַז דאָס איז עס... איך קום אויף דער פּאָסט מיט שטאָלץ, געמישט מיט שרעק... נאָך אַלע זאַכן, איז דאָך דאָס ניט קיין קלייניקייט. פֿרעמדע סחורה, גאָט ווייסט, צי וועל איך די אונטערנעמונג אויספֿירן.

איך ברענג עס אַהיים בשתיקה פֿון טאַטן, מורא האָבנדיק, אַז ער זאָל ניט זײַן אינגאַנצן קעגן דער דאָזיקער אונטערנעמונג. נאָר גיי באַהאַלט זיך אין אַ קליין שטיבל מיט זעקס גרויסע פֿורמיילירטע ראָמאַנען! צום גליק איז דער טאַטע אַליין נײַגעריק צו לייענען אַ נײַעם ראָמאַן פֿון יעקב דינעזאָן. ער נעמט דעם ערשטן בוך און הייבט אָן צו לייענען. מיטן צווייטן גיי איך אַוועק צום פֿעטער, אויב ניט ער אַליין, וועלן קויפֿן זײַנע טעכטער... נאָר דער

פעטער וויל גאָר ניט הערן: ער האָט בילכערע „ספרים" צו קויפן און קויפט ניט... און די עלטערע מיידל באַט מיר אָן פופצן קאָפּיקעס פאַרן דורכלעזן. בלייבט מיר די האָפענונג אויפן גבירס בחורל, מיי־נער אַ חבר. ער איז אַ בעלן אויף די זאַכן. נאָר אויך ער זאָגט זיך אָפּ צו קויפן. ער איז אָבער שוין בריטהאַרציקער פון פעטערס מיידל און באַט אָן פאַרן איבערלייענען צוויי גילדן...

איך זע, אַז איך בין פאַרלאָרן. נאָר דערווייל מוטיק איך זיך און זוך קונים און שרייב אָן איינציייטיק אַ בריוועלע צום מחבר, אַז די ביכער האָב איך דערהאַלטן, זידל איס מיין שטעטל, וואָס איז פאַרטראָגן אין איר אייגענעם וואָכעדיקן לעבן, אין איר קאַרגשאַפט, בין אָבער מבטיח, אַז ווי שווער עס זאָל ניט זיין — איך וועל די ביכער פאַרשפרייטן און גאָר אינגיכן אָפּשיקן דאָס געלט...

באַקום איך אַן ענטפער פון דינעזאָנען, וואו ער שרייבט מיר, אַז איך זאָל קיין צער ניט האָבן און ניט „מדחיק את השעה זיין" — ער האָט צייט צו וואַרטן. דער עיקר וויל ער די ביכער פאַרשפרייטן, מען זאָל זיי לייענען...

אויב אַזוי, פרווו איך די ביכער אַראָפּלאָזן פון פרייז. דאָס העלפט שוין אַ ביסל. איך פאַרקויף צוויי עקזעמפּלאַרן פאַר האַלב געלט אין שטעטל גופא, און די איבעריקע פיר פיר איך אָפּ אין מינסק און איך פאַרהאַנדל זיי צו אַ בוכהענדלער פאַר גאַנצע צוויי רובל... די רייזע קיין מינסק האָב איך געמאַכט מיט די בעל־עגלות און ס'האָט מיר געקאָסט בלויז צוויי גילדן הין און צו־ריק. אויף אַזאַ אופן בין איך אימשטאַנד אַוועקצושיקן צו די־נעזאָנען בײַ אַ דריי רובל.

ער שיקט מיר אַ „קבלה" דורך אַ פּאָסטקאַרטע און דאַנקט מיר זייער און איז מיר מודיע, אַז מער קיין געלט פאַרלאַנגט ער ניט פון מיר. ער פאַרשטייט אַלץ און ער איז מיר מוחל פון גאַנצן האַרצן...

גייען איבער עטלעכע וואָכן און איך דערזע אין „הצפירה" אַ מודעה, אַז עס איז דערשינען דער צווייטער באַנד פון שלום־עליכמס „יודישע פאָלקסביבליאָטעק" און אין דער מודעה איז אויס־גערעכנט אַלץ, וואָס דאָרט קומט אַריין. דער אינהאַלט איז אַזוי

פאַרלאָקנדיק, אַז איך האַלט ניט אויס פאַר נייגעריקייט... דערציילונגען, לידער, פעליעטאָנען, און צום סוף אַ ראָמאַן — „יאָסעלע סאָלאָוויי"... דער פּרייז איז אָבער אַ פאַרמעגן — מיט פאָרטאָ צוויי רובל! די מאַטעריעלע לאַגע ביי מיר איז נאָך אַלץ ניט געהויבן. איך פאַרדין אַמאָל אַ רובל פון מיין לערעריי, נאָר דאָס קלעקט מיר בלויז אויף צו קויפן קליינע ביכלעך און אַמאָל אויף אַ פעקל טאַבאַק (אַלץ בשתיקה, פון טאַטן!), אָבער צוויי רובל — אַזאַ סומע מיטאַמאָל איז ניט פאַר מיינע כוחות.

מאַך איך מיר האַרץ און ווענד זיך מיט אַ בקשה צו דינעזאָנען, אַז ער זאָל מיר אַרויסשיקן דעם דאָזיקן ליטעראַרישן אוצר. איך שרייב אים אויס אַלץ אָפנהאַרציק און פאַרזיכער אים, אַז איך וועל אים די באַטרעפנדיקע סומע מיט גרויס דאַנקבאַרקייט אָפּשיקן ביי דער ערשטער מעגלעכקייט, גאָר אינגיכן.

אין אַ וואָך אַרום באַקום איך ווידער אַן איינגעטונקטע פּאָסטקאַרטע פול מיט טרייסט, פול מיט גוטמוטיקע איינפאַלן, פול מיט האַרציקן הומאָר. ער פאַרשטייט מיך, הייסט עס, און ער געטרייט מיר און ער שיקט מיר דאָס בוך אַרויס מיט דער ערשטער פּאָסט.

אַך, ווי דאַנקבאַר איך בין דעמאָלט געווען דעם דאָזיקן „פאַרפאַסער" (דעמאָלט האָט אַ שריפטשטעלער פון אַ ווערק אַזוי געהייסן. דאָס איז געווען לשבח), דעם פאַרפאַסער פון אַזוינע צוויי וואונדערלעכע ראָמאַנען! איך גיב זיך אַליין אַ שבועה, אַז גלייך מוז איך אים אָפּשיקן דאָס געלט. צום גליק איז מיין פאָטער אַליין אַזוי באַגייסטערט סיי פון דעם צווייטן באַנד „יודישע פאָלקסביבליאָטעק" סיי פון דינעזאָנס גוטסקייט, אַז ער באָרגט מיר כלומרשט אויס די צוויי רובל און איך שיק עס אַרויס דינעזאָנען מיט אַ בריוו פול מיט דאַנקבאַרקייט...

אויף אַזאַ אופן האָב איך באַקומען פון דינעזאָנען אין פאַרלויף פון אַ קורצער צייט דרייסיק פּאָסטקאַרטן. איך געדענק נאָך ביז היינטיקן טאָג די צאָל, ווייל זיי זיינען מיר געווען טייער און איך האָב זיי געציילט און געהיט, ווי אַ פאַרמעגן. אייניקע פון זיי האָב איך געקענט אויף אויסנווייניק. אַדאַנק מיין שפּעטערן וואַנדער-לעבן האָב איך פון זיי קיין איינס ניט. ס'איז אַ גרויסער שאָד!

אין זיינע בריוועלעך האָט זיך אָפּגעשפּיגלט זיין גרויסע נשמה, זיין גרייטקייט צו דינען יעדן, וואָס האָט זיך געווענדט צו אים, מעג ער זיין אַ יינגל! ערגעץ פון אַ פאַרוואָרפן שטעטל. אַדרבא, מיט אַזאַ איז ער נאָך פאָרזיכטיקער געווען.

שפּעטער האָט די קאָרעספּאָנדענץ צווישן אונז אויפגעהערט. עס איז געווען נאָכדעם, ווי איך האָב דורכגעלייענט אין דער זעל־בער „הצפירה" די מודעה וועגן פּרצעס „יודישע ביבליאָטעק", וואָס האָט דעמאָלט אָנגעהויבן צו ערשיינען. איך האָב געפרווט „מזל" און אַוועקגעשיקט פּרצן איייניקע לידער און אַ קינדער־דערציילונג און אָנגעהויבן וואַרטן אויף אַן ענטפער.

---

# דריטער קאַפּיטל

פּרצעס ערשטער בריוו צו מיר. — מיינס אַ ליד אָנגענומען פֿאַר דער ערשטער „יודישער ביבליאָטעק". — מיין פֿרייד. — יפֿנה"ז און מיין פֿעטער דער למדן ווילן מיין פֿרייד צו־נישט מאַכן. — מיין פֿאָטערס באַציִונג צו מיר און צו פּרצעס בריוו. — איך ווער אַ לערער אין אַ קליין שטעטעלע. — מיינע באַזוכן אין מינסק. — דער מינסקער שול־הויף. — מיין פֿרייד פֿון דעם ערשטן געדרוקטן ליד. — דער פּרייז פֿאַר אַ האַלבער שעה לייענען דאָס וואונדערלעכע בוך. — מיין אַוועקפֿאָר קיין מינסק. — מאַטעריעלע נויט. — מיין באַקאַנטשאַפֿט מיט אַ יידישער סאָציאַליסטקע. — אירע געפֿערלעכע געכט. — די ערשטע טריט פֿון דער סאָציאַליסטישער און רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין מינסק.

דער צער, וואָס איך האָב געהאַט פֿון דעם אונטערגאַנג פֿון דעם „יודישן פֿאָלקסבלאַט", וואָס האָט געדאַרפֿט באַשטימען דעם גורל פֿון מיינע ערשטע לידער און מיין אייגענעם גורל, האָט זיך טאָפּלט באַצאָלט מיט דער פֿרייד פֿון דעם בריוו, וואָס איך האָב געקראָגן פֿון דעם רעדאַקטאָר פֿון דער „יודישער ביבליאָטעק" — י. ל. פּרץ: אַן ענטפֿער אויף מיינע לידער און דער קליינער דערציילונג, וואָס איך האָב „אויף מזל" געשיקט צו פּרצן. געענטפֿערט האָט ער מיר מיט אַ גרויסן בריוו, וואו ער האָט אַנאַליזירט מיינע לידער און די דערציילונג מיט גרויס ערנסט, באַוויזן אין זיין שוין דעמאָלט אייגנטימלעכן לאַקאָנישן סטיל די שוואַכע זייטן פֿון מיינע שאַפֿונגען, און דערקלערט, אַז דרוקן דערווייל קאָן מען זיי ניט... ער האָט אָבער קענטיק פֿאַרשטאַנען, אַז ער האָט צו טאָן מיט אַן אָנפֿאַנגער, אַ יינגל, וואָס קאָן זיך צעוויינען פֿון אַזאַ האַרבן אָפּזאָג, — האָט ער צום סוף בריוו מיך געטרייסט:

„אָבער אַראָפּפֿאַלן ביי זיך זאָלט איר ניט — איר „האָט טאַלאַנט"... און דערביי געראָטן צו שרייבן און צושיקן נאָך עפּעס....

„ווייל אונזער ציל“ — האָט ער אין פאַרלויף פון זיין גרויסן בריוו באַטאָנט — „איז צו דערציען און צו אַנטוויקלען ביי יידן טאַלאַנטן“.

בכלל האָט דער טאָן פון פרצעס בריוו געקלונגען ווי אַ מאַניפעסט, ווי אַן אָנזאָג אויף אַ נייער צייט; פון צווישן די שורות האָט מען געקענט אַרויסלייענען אָנדייטונגען אויף אַ נייער ריכטונג אין ליטעראַטור און לעבן. עפּעס אַ פרישקייט און אַ נייקייט האָט געווייט פון יעדער שורה, פון יעדן וואָרט און אַפילו פון דעם העל־ליכטיקן פּאַפּיר אַליין, אויף וועלכן דער דאָזיקער דאָקומענטאַלער בריוו איז געשריבן געוואָרן.

אויך דער צווייטער בריוו, וואָס איך האָב פון פרצן באַקומען, אַלס ענטפער אויף אַנדערע לידער, איז באַשטאַנען פון קריטיק. דאָס ליד „דער ווינט און די זון“ פאַרמעגט אַ „שיינעם“ געדאַנק, אָבער די פאָרם איז פאַרעלטערט — „היינט שרייבט מען אַנדערש“. אויך דאָס ליד „דער חלום“ פאַרמעגט אַ שיינעם אינהאַלט, אָבער דאָס דערוואַכן פון אַ חלום אין אַ ליד איז ניט זייער ניי... פון די לידער קען ער — ליידער — גאָרנישט נעמען פאַר זיין „ביבליאָטעק“...

דאָך דער טאָן פון צווייטן בריוו איז שוין געווען פיל מילדער. ער רעדט זיך שוין מיט מיר דורך כמעט ווי מיט אַן אייגענעם מענטשן... אַלנפאַלס אַזוי איז דער אַיינדרוק, וואָס איך האָב דאַן באַקומען. אין אַ געוויסער שטעלע וואַרפט ער מיר פאָר, אַז עס פעלט מעטער און וואוילקלאַנג אין מיינע לידער און ווי אַ חבר ראָט ער מיר עס צו לערנען...

ערשט אויף עטלעכע לידער, וואָס איך שיק אים צום דריטן מאָל, באַקום איך — שוין דווקא אַ פאָסטקאַרטל און אויף העברעיִש, — אַז פון די דאָזיקע לידער האָט ער אויסגעוויילט בלויז דאָס ליד „ווען דאָס לעבן“ און עס וועט זיין געדרוקט מיט אַ קליינער ענדערונג אין דעם ערשטן באַנד „יודישע ביבליאָטעק“.

אַ פריילעכער טאָג געווען, נאָר וואָס עפּעס אַ טאָג — אַזאַ שמחה, פראַוועט מען אַ גאַנצע וואָך: איך לויף אַריין מיט דער בשורה, גלייך צו מיין פעטער הירש דעם למדן, ווייז אים דאָס

קאַרטל, זאָל ער לייענען. דער פעטער הירש שמייכלט מיט ביטול, הגם די פּאָסטקאַרטע איז געשריבן אין לשון־קודש.... „נו, וואָס? — זאָגט ער מיט אַ גמרא־ניגון, — וואָס איז דאָס פאַר אַ תּכלית? — וואָס איז שוין, אַז מען קען זשאַרגאָן? דו ווייסט, אברהמעלע, — כאַפּט ער זיך אָן ווי מיט פרייד, — ווי אַזוי יהושוע שטיינבערג טייטשט זשאַרגאָן אין זיין „סלאָוואַר“? — שפת עלגים טייטשט ער“...

דאָס האָט ער זיך אין מיר געוואָלט נוקם זיין דערפאַר, וואָס איך האָב, אַריינלויפנדיק צו אים אין שטוב מיט דער בשורה, פאַר שמחה אַ שפרונג געטאָן אַזש ביז דער סטעליע און אַזוינס האָט דער רויִקער פעטער הירש ניט ליב געהאַט...

דערפאַר די עלטערע טאָכטער זיינע, חיה־רייזל, וואָס איז געווען אַ וואוילקענעוודיקע מיידל און געלייענט אַפילו דעם „אַהבת ציון“ און אַלע העברעיִשע שירים, וואָס זיינען געווען געדרוקט אַלס פאָרוואָרט אין שמ״רס ראָמאַנען, פון וועלכע זי איז אויך געווען אַ ליידנשאַפטלעכע לעזערין, — זי נעמט יאָ אָנטייל אין מיין פרייד. אָבער אויך זי מוסרט מיך, אַז ווילד דאַרף מען ניט זיין.

צו יכנה׳׳ן, וואָס וואוינט נאָך אַלץ ביים פעטער הירש, גיי איך שוין אַריין מיושבדיקער... ווייז אים דאָס פּאָסטקאַרטל. ער לייענט עס לאַנגזאַם, הגם אַ גרויסער העברעער, ער זוכט קענטיק, אַ גרייז אין לשון... ענדלעך זאָגט ער אַרויס, שוין אַ ביסל מיט אָנטייל אין מיין פרייד:

— זייער שיין, אברהם...

אָבער איינגאַנצן נאָכגעבן מיר וויל ער אויך ניט.

— דו ווייסט, אברהם, — גיט ער צו, — אַז איך האַלט ניט זייער פיל פון פרצן...

נאַטירלעך נעם איך פרצן גלייך אונטער מיין שוץ. דערמאָן יכנה׳׳ן פרצעס „מאָניש“, „ווענוס און שולמית“, „דער כעלעמער מלמד“, וואָס זיינען געווען געדרוקט אין די צוויי בענד פון שלום־עליכמס „יודישער פאָלקסביבליאָטעק“, און זיינע פאָר העברעיִשע סיפורים אין „הצפירה“.

— אָ, פון וואָס דו ווערסט נתפעל — מורמלט ער און שמייכלט צווידייטיק.

און ער נעמט זיך גריבלען אין זיינע פאַרשריבענע בייגעלעך פּאַפּיר — אַ מאַנוסקריפּט, וואָס ער האַלט אַזועקצושיקן אין „המליץ"...

— אָט קום אַהער, אברהם, איך וועל דיר פאָרלייענען אַ פּאָר שטיקלעלעך פון מיין סיפור... וועסט הערן אַ שפּראַך!...

פון יכנה"ין גיי איך צוריק, נאָך אַלץ אַ פריילעכער, אַהיים. דעם לעצטן ווייז איך דאָס פּאָסטקאַרטל מיין טאַטן.

ווילסט זען?... — גיב איך ניט דרייסט אַ מורמל און גיב אים איבער דאָס קאַרטל...

— גאָר אויף לשון-קודש? — וואונדערט זיך דער טאַטע און ער לייענט דורך פּאַרטיפּט דאָס פּאָסטקאַרטל, קוקט מיך נאָכדעם אָן מיט אַ צופרידענעם שמייכל און זאָגט עפּעס אַ גוט וואָרט וועגן פּרצן.

ער אַליין וועט אָבער גאָרנישט ניט שיקן צו פּרצן... די פריערדיקע שטרענגע בריוו צו מיר, וועלכע ער האָט אויך געלייענט, האָבן אים באַאומרויקט. „אַ שטרענגער איז ער, דער פּרץ, אָבער „קענען" קען ער!"

מיין פאָטער, אַ ליידנשאַפטלעכער רויכערער, הייבט אָן וויקלען אַ פּאַפּיראָס, פאַררויכערט, לאָזט שטיקער רויך פון מויל און פאַרטראַכט זיך.

ענדלעך רופט ער זיך אָן:

— נו, מיין זון, דו האָסט שוין ניט, וואָס צו זאָרגן... — און שמייכלט צו. —

פאַרדריסט מיך שוין, וואָס איך בין מזלדיקער פון מיין פאָטער, וועמעס שירים און לידער זיינען מיר אַזוי געפעלן, הגם איך ווייס, אַז פּרץ וואָלט צום טאַטנס לידער נאָך שטרענגער געווען.

און אין מיין פרייד מישט זיך שוין אַריין אַ צער, דער צער פון מיין פאָטער...

אמת, איך בין ניט זיכער, צי מיין טאַטן אַרט באמת אַזוי, וואָס ער קען ניט גיין אַזוי „ווייט", ווי איך... איבעריקנס האָט יעדעס נייע לידל, וואָס איך האָב אין יענער צייט געשריבן, בײ־

אים אַרויסגערופן פרייד, און זיין אָנערקענונג צו מיר איז גרע-
סער געוואָרן פון טאָג צו טאָג, ביז ער האָט זיך צו מיר אָנגע-
הויבן באַציען ווי צו אַ יינגערן חבר.

דער פערטער בריוו פון פרצן איז שוין געווען ווידער אויף יידיש,
ווי די ערשטע צוויי, אָבער ניט קיין פריינדלעכער... איך האָב אים
קענטיק מיט אַ פראַזע אויפגערייצט. ער שרייבט קורץ און צווישן
אַנדערן ראָט ער מיר צו קויפן אַ „פאָעטיק" (ער האָט אַוודאי
געמיינט אַ „טעאָריאַ סלאָוועסנאָסטי"), און באַמערקט ביים סוף פון
דער פּאָסטקאַרטל, אַז „בריוו שרייבן קאָסט צייט און געלט"...

דעם בריוועלע האָב איך שוין קיינעם ניט געוויזן. צעריסן
האָב איך דאָך עס ניט. צו טייער איז מיר שוין געוואָרן פרצעס
האַנטשריפט אַליין, אַז איך זאָל פאַרניכטן זיינס אַפילו אַ קאַלטן
און אומפריינדלעכן בריוו.

אָבער ווי געטאָן האָט עס שטאַרק, און דער ווייטאָג האָט
אַרויסגערופן אייניקע נייע לידער... אָבער געשיקט זיי האָב איך
אים שוין ניט. איך האָב זיך באַנוגנט מיט דעם, וואָס אַ ליד
פון מיר וועט דאָך געדרוקט ווערן, און בין נאָך אַלץ געווען פריי-
לעך....

* * *

די פרייד האָט לאַנג ניט געדויערט, זי איז צעשטערט געוואָרן
פון דעם אומגליק, וואָס אונזער פאַמיליע האָט דאַן געטראָפן. מיין
ליבע און גוטע מוטער איז נאָך אַ קורצער קראַנקהייט אַוועק פון
דער וועלט אין אירע בעסטע יאָרן. אין עלטער פון ניין און דריי-
סיק יאָר האָט זי געשלאָסן אירע מילדע בלויע אויגן.

די פרייד, וואָס די מוטער האָט ביים לעבן מיט איר גוטסקייט,
איידלקייט און מיט איר שטענדיק ליבן גוטן שמייכל געשפרייט
איבער אונזער קליינער, אָבער געמיטלעכער וואוינונג, איז צעשטערט
געוואָרן. איך האָב שוין ניט געקענט בלייבן אין קאָידענאָוו און
בין אין אַ פּאָר וואָכן אַרום, ס'איז געווען נאָך פּסח, אַוועקגעפאָרן
אין אַ קליין שטעטעלע מיטן נאָמען סאַמאַכוואַלעוויטש, וואָס האָט

זיך געפונען פינף רוסישע מייל פון קאָידענאָוו — צו זיין דאָרט אַ לערער.

דאָס שטעטעלע האָט פאַרמעגט בלויז אַ פערציק יידישע פאַמיליעס. אַ רויקע, אַ ציכטיקע. אינמיטן שטעטעלע באַרג־אַראָפּ האָט זיך געשפיגלט אַ טייך, ביי וועלכן עס איז געשטאַנען אַ וואַסער־מיל און טאָג און נאַכט גערוישט. דער מילנער, אַ וואוילער ליבער ייד, האָט געהאַט אַ שיינע טאָכטער. איך בין איר לערער געווען. ערשט איצט דערמאָן איך זיך, ווי אַזוי די אַכצניעריקע מיידל האָט מיך, דאַמאָלסט אַ קוים זעכצניעריקן בחור, ל״ב געהאַט, נ״ט זאָגנדיק מיר עס אַפילו. מיין אין דער שטיל טרויערן נאָך מיין מוטער, מיין בענקשאַפט נאָך דער היים, נאָכן פאָטער און די צוויי ברידערלעך און שוועסטערל שרה־בתיה (איצט די דיכטערין שרה רייזען), האָט אַזוי פאַרטיפט מיין נשמה און האָט מיך אַזוי ערנסט אויסזען געמאַכט, אַז די שטעטלדיקע יידן — און וואוילע יידן געווען — האָבן פאַר מיר געהאַט דרך־ארץ, ווי פאַר אַ דערוואַקסענעם. איך בין געווען פאַרנומען בלויז זעקס שטונדן אַ טאָג, אין יעדן הויז האָב איך געלערנט צו איין שעה מיט יינגלעך און מיידלעך, צווישן וועלכע עס זיינען געווען אייניקע דערוואַקסענע. צווישן זיי די דערמאָנטע מילנערס טאָכטער, וואָס האָט אין דער צייט פון לערנען אויף מיר אַרויפגעקוקט מיט פאַרבענקטע און פאַרליבטע בליקן... ביי איין באַלעבאָס האָב איך פאַר שכר־לימוד געוואוינט און געגעסן קעסט — עס איז געווען אַ פשוטע, אָבער גוטהאַרציקע פאַמיליע. די עלטערע טאָכטער, שוין אַ דרייסטערע, האָט זיך אַפילו „געשניטן" אויף אַ היינטוועלטיקער און דערוויסנדיק זיך, אַז איך שרייב לידער און מעשהלעך, האָט זי אַלץ געוואָרנט:

— איר זאָלט אונז אָקאָרשט ניט באַשרייבן, איר הערט, לערער!...

און אַזוי האָב איך יעדעס ליד, וואָס איך האָב דאַן אָנגעשריבן, ווי פאַר אַ צענזאָר, געמוזט דורכליינען פאַר איר, כדי זי זאָל וויסן, אַז ניט איר און ניט איר טאַטן און מאַמען און ניט אירע ברידער, צוויי פעסט געבויטע יונגעלייט, האָב איך, חלילה, ניט באַשריבן...

צווישן מיינע באַלעבאַטים איז אויך געווען אַ ייד אַ בעל-עגלה, וואָס פֿלעגט אָפֿט פֿאָרן קיין מינסק, וואָס איז פֿון דער דאָזיקער שטעטל געווען ווייט דריי רוסישע מייל. פֿלעג איך מיט אים אָפֿט, אויפֿן חשבון פֿון שכר-לימוד, אין אַ פֿרייטאָגדיקן טאָג, מיטפֿאָרן קיין מינסק... ער פֿלעגט אַרויספֿאָרן פֿאַרטאָג און צוריקקומען פֿאַר ליכט-בענטשן. פֿלעג איך קוים האָבן צייט אַרומצוגיין איבער די מינסקער בוכהאַנדלונגען און נאָכפֿרעגן אויף פּרצעס „יודישער ביבליאָטעק", וואו מיין ליד האָט זיך געדאַרפֿט געפֿינען...

— נאָך ניטאָ! — פֿלעגט מען מיר ענטפֿערן מיט אַ האַרבן קול, ווי דער שטייגער איז פֿון סוחרים, ווען די סחורה, וואָס מען פֿאָדערט ביי זיי, האָבן זיי ניט און זיינען טאָפּלט אומהעפֿלעך.

און אפֿשר האָבן זיי געפֿילט, אַז קויפֿן וועל איך סיי-ווי-סיי ניט, ווייל אַזאַ סומע ווי די „יודישע ביבליאָטעק" האָט געזאָלט אָנטרעפֿן, האָב איך אין דער ערשטער צייט פֿון מיין לערערײ אין סאַמאַכוואַלעוויטש נאָך ניט אָפּגעשפּאָרט, ווייל דעם הויפּט-שכר-לימוד האָב איך באַדאַרפֿט באַקומען ערשט סוף הזמן (אַפֿנים, זיי האָבן מיך געוואָלט דערמיט פֿאַרהאַלטן, אַז איך זאָל ניט אַנטלויפֿן אינמיטן זמן, הגם עס איז ניט געווען קיין אורזאַך דערפֿאַר, סיידן די בענקשאַפֿט נאָך דער היים...).

און איינמאָל, אַרום נאָך-שבועות, מאַכנדיק די נסיעה קיין מינסק מיט מיין באַלעבאָס דעם בעל-עגלה און אַראָפּשטייגנדיק לעבן דעם גרויסן שולהויף, וואו די פֿור פֿלעגט זיך אָפּשטעלן, בין איך דורכגעגאַנגען דעם גרויסן שולהויף. עס האָט געשווירבלט און געגריבלט מיט אַלערליי דורכגייער, געררוישט פֿון אַלערליי מסחרים, פֿאַרקויפֿערינס, פֿאַקנטרעגערס און מוכרי-ספֿרים, וואָס זיינען געזעסן לעבן זייערע גרויסע רונדע קוישן אָנגעפּאַקט מיט אַלערליי ספֿרים און אויך מיט וועלטלעכע ביכער. צו איינעם, דעם הויפּט-מוכר-ספֿרים, וואָס איז ווי אַ שררה געזעסן אינמיטן שול-הויף ביי זיין גרויסן קויש מיט ספֿרים און אַרום אים אַ פּאָר קלענערע קיישלעך מיט אַנדערע סחורות, וואָס האָבן אַ שייכות צו ספֿרים — צו דעם איינעם בין איך צוגעגאַנגען, זיך אָפּגעשטעלט און אַ פֿרעג געטאָן:

— האָט איר אפֿשר נייע יידישע ביכער?

— אַ שאַלה, צי איך האָב? ענטפערט ער מיט גדלות. אפשר זייט איר אַ בעלן אויף צוויי יאָרגענג „הויזפריינד“, שלום־עליכמס „ביבליאָטעק“?

אַ שאַלה — צי איך בין אַ בעלן! (הגם שלום־עליכמס „ביבליאָטעק“ צווייטן יאָרגאַנג האָב איך שוין). מיר איז אָבער איצט וויכטיק דער ערשטער באַנד „יודישע ביבליאָטעק“ פון י. ל. פּרץ.

נאָך מיין חשבון האָט זי שוין געדאַרפט ערשיינען. און אפשר האָב איך עס געוואוסט אויף זיכער, פון אַן אַנאָנס אין דער „הצפירה“, וואָס איך פלעג אויך אין סאַמאַכוואַלעוויטש ביי דעם גבירס איידעם, דעם משכיל, אַמאָל לייענען.

איך גיב ניט אָן אינערלעכער אויפרעגונג אַ פרעג:

— נו, און פּרצעס „יודישע ביבליאָטעק“?

— דאָס האָב איך שוין אויך — ענטפערט ער מיט גדלות און קוקט מיך שוין אַ ביסל פאַרוואונדערט אָן.

קענטיק, אַז פאַר פרצעס „ביבליאָטעק“ איז אין מינסק דאַן געווען נאָך ווייניק בעלנים.

און ער נעמט אַרויס אַ גרויס בראָשירט בוך מיט אַ רויטן פּאָדער־בלאַט.

איך גיב דאָס בוך אַ כאַפּ פון זיין האַנט, פאַרגעס, אַז דעם פולן פרייז צו באַצאָלן האָב איך ניט — דער פרייז איז געווען, דאַכט זיך, אָנדערטהאַלבן רובל — און איך הייב זי אָן בגנבה דורכבלעטערן, אַריינקוקן אינעווייניק, זוכן...

ערשט עס גיבן מיר אַ פינקל פאַר מיינע אויגן האַלב־באַקאַנטע ווערטער און אונטן מיין מיר באַקאַנטער פּילער נאָמען...

אַ פאַרוואונדערונג און אַ פרייד האָט מיך אַרומגענומען, כאָטש נעם און טייל זיך מיט דער פרייד אָט דאָ מיט יעדן פרעמדן דורכגייער אויפן שולהויף, מיט דעם מוכר־ספרימניק אַליין, וואָס הייבט שוין אָן ווערן אומגעדולדיק. עפּעס קוק איך צו לאַנג אַריין. און ער ציט פון מיין האַנט אַרויס דאָס בוך.

— וואָס, יונגערמאַן? — איז מיינט טאַקע צו קויפן?

— קויפן? — זאָג איך פאַרווירט... — אַוודאי, נאָר איך האָב ג ר אָ ד ביי זיך ניט קיין איבעריקע געלט... דערלויבט מיר דאָ שטיין

לעבן אַייך און דורכקוקן דאָס בוך און איך בין גרייט אַייך דערפאַר צו באַצאָלן.

ער ישובט זיך... עפּעס איז אים דער גאַנצער מסחר פאַרדעכטיק. נעמען דאָס בוך אַהיים און לאָזן אים „זאַלאָג“ וואָלט געווען אַ גלאַטערער מסחר, אָבער שטיין לעבן אים און אַריינקוקן און באַצאָלן דערפאַר — אַזוינס האָט נאָך ביי אים ניט פּאַסירט...

פונדעסטוועגן באַשליסט ער זיך אויף יאָ. די צייט באַשטימט ער — אַ האַלבע שעה, דער פּרייז — פופציק קאָפּיקעס...

געווען אַ ייד אַ יקרן. אָבער וויבאַלד אַז אַזאַ כומע האָב איך יאָ ביי זיך, איז באַצאָל איך אים מיט פרייד און נעם זיך ווידער צו מיין איינציק לידעלע צווישן די לידער דאָרט, וואָס זעט אויס, ווי אַ קליין אינזעלע אין אַ ברייטן ים, און אויך דאָס אינזעלע איז ניט אינגאַנצן מיינס, פרץ האָט אַ חלק אין אים — צוויי שורות האָט ער דורכאויס זיינע און אין די איבעריקע זעקס האָט ער אַריינגעוואָרפן אַ פּאָר ווערטער פון זיין פאַרמעגן...

אָבער די ערשטע שורה איז אינגאַנצן מיינע אַן אייגענע.

ווען דאָס לעבן ווערט פאַרביטערט...

אויך די צווייטע:

ווען דאָס האַרץ הייבט אָן צו קלעמען...

צו דער דריטער איז ער שוין אַ שותף מיט אַ וואָרט.
די פערטע איז כמעט ווי מיינע: —

אין פערציילן — האָסט ניט וועמען...

איך האָב געשריבן „ערציילן“...

דערנאָך וואַרף איך זיך אויף די איבעריקע לידער, וואָס דער גרעסטער טייל פון זיי באַשטייט פון יהואָשעס און פרצעס.

יהואָשעס לידער אַנטציקן מיך אַזש. אַזוינע נייע פאָרמען, מאָטיוון, אַזאַ זינגעוודיקייט! איך מיט מיין קליין לידעלע פיל מיך געפאַלן קעגן זייערע. איך טרייסט זיך אָבער, וואָס איך בין דער יינגסטער פון זיי. דעם נאָמען יהואָש באַגעגן איך דאָס ערשטע מאָל, אָבער צו דערגרייכן אַזאַ פולקומענהייט מוז מען שוין זיין אַ דער־

וואַקסענער מאַן... און אפשר, טרייסט איך זיך, האָט אויך אים פּריץ פאַררייכט...

אָבער צופעלן צו משער זיין, צו וועגן און מעסטן איז ניטאָ קיין צייט. די האַלבע שעה, וואָס איז מיר באַשטימט געוואָרן צו שפּילן זיך מיט דעם דאָזיקן בוך, איז אַריבער, ווי אַ גליקלעכער חלום. די ווירקלעכקייט קומט צוריק... דער מוכר־ספרים ציט די האַריקע האַנט און די אויגן קוקן שטרענג:

— נו, בחור, גענוג צו בלעטערן.

איך וואַרף אַ געזעגנבליק אויף דער זייט, וואו מיין לידל איז געדרוקט, און צעשייד זיך מיט דעם בוך, ווי מיט אַ נאָענטן, אַ פריינד.

* * *

ענדע זומער, סוף־הזמן הייסט עס, בין איך צוריקגעקומען אַהיים, קיין קאָידענאָוו, און געשמילט מיין בענקשאַפט מיט מיין צוזאַמענזיין איבער די יום־טובים מיט מיין פאָטער און מיט די צווי ברידערלעך זלמן און הירשל און מיין שוועסטערל שרה־בתיה. נאָך סוכות בין איך שוין אַוועקגעפאָרן זוכן מיין גליק אין מינסק. זיך אויפגעהאַלטן ביי כלומרשט אַ רייכער קרובה פון מיין מאַמעס צד, וואָס איר מאַן און אירע צוויי טעכטער זיינען שוין געווען עטלעכע יאָר אין אַמעריקע און זי האָט געוואוינט מיט אירע צוויי קלענערע קינדער, יינגלעך, אין אַ שיינער און גערוימער וואוינונג. אַ קאַמער פון איר וואוינונג האָט זי פאַרדונגען איינער אַ יונגער אַקושערקע, וועלכע האָט זיך אָבער מיט איר פּראָפעסיע ניט באַשעפטיקט און איז געווען, ווי איך האָב שוין דעמאָלט טונקל געמערקט, אַ שטאַרק טעטיקע אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, וואָס האָט זיך דאַמאָלסט אָנגעהויבן אין מינסק אין שטאַרקער געהיימקייט און קאָנ־ספּיראַציע. דער ערשטער צייכן איז געווען, וואָס זי איז געגאַנגען אין געשווירענע האָר, דערצו האָט זי גערעדט רוסיש, און אין עט־לעכע טעג אַרום, אַז זי האָט זיך דערוואוסט, ווער איך בין, האָט זי געגעבן מיר לייענען געוויסע רוסישע ביכלעך מיט אַ שטאַרק סאָציאַלן אינהאַלט, הגם צענזורירטע.

אין מאַנכע אָווונטן פלעגט ביי איר אָפּגעהאַלטן ווערן אַ קליינע פאַרזאַמלונג מיט דעם אָנטייל פון אַ פּאָר יונגעלייט, וואָס ווער ווייס איצט ווער זיי זיינען געווען. עס איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז דער שפּעטער באַרימטער גערשוני האָט אַמאָל אָנטייל גענומען אין די פאַרזאַמלונגען אין דעם גאַנץ גרויסן צימער, וואָס זי מיט איר מוטער, אַ מאָדנע אָבער ליבע איינגענעמע אַלטיטשקע, מיט שוין דאַמאָלסט ראַדיקאַלע מיינונגען — האָבן פאַרנומען ביי מיין קרובה... סיי זי, די רעוואָלוציאָנערין, מיטן צווייטן נאָמען ציפּקינאַ — מיט אַ ליבנסווערדיקן אויסזען, מיט גוטע גרויסע שמייכלענדיקע אויגן אַפילו אין די ערנסטע געשפּרעכן — סיי איר מוטער האָבן מיך שטאַרק מקרב געווען. די טאָכטער, דערווייסנדיק זיך, שפּעטער־צו, אַז איך „שרייב“, האָט זיך מיט מיר נאָך שטאַרקער פאַראינטערעסירט, געפּאָדערט, ווי אַ העכערע, אָבער מיט אַ ליבן שמייכל, אַז איך זאָל איר עפּעס פאָרלעזן. איך ווייס ניט, צי פאַר גוטסקייט, צי עס איז איר טאַקע געפעלן געוואָרן — נאָך יעדן מאָל פאָרלעזן פאַר איר פלעגט זי פאַר מיין קרובה און פאַר איר מוטער און אַמאָל אויך פאַר די געפּערלעכע געהיימניספולע באַזוכער אירע, פאַר וועלכע זי האָט מיך אַמאָל פאָרגעשטעלט, אויסדריקן איר גלויבן אין מיין צוקונפט... גערעדט האָט זי בלויז רוסיש, אָבער זי האָט שוין דעמאָלסט — דער „בונד“ איז נאָך ניט געווען — גע־פילט די נייטיקייט פון דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור פאַר דער נייער באַוועגונג, וואָס האָט אָנגעהויבן אַריינדרינגען אַלץ ווייטער און טיפער אין יידישן לעבן צווישן די אַרבעטער און דער בעסע־רער אינטעליגענץ.

אין מינסק איז מיין מאַטעריעלע לאַגע געווען זייער שלעכט. איך האָב זיך דערנערט מיט דעם פאַרדינסט פון צוויי לעקציעס, וואָס איך האָב באַקומען און אויך דורך פּראָטעקציע: איינע אין אַ חדר, וואו איך האָב געלערנט אַ פּאָר קינדער רוסיש לעזן, שרייבן און אַ ביסל אַריטמעטיק, און אַ צווייטע לעקציע — וואָס אין אַ מאָ־נאַט אַרום איז זי געווען שוין די איינציקע, אין אַ פּריוואַט הויז, ביי אַ באַלעבאָס אַ קרעמער, וואָס האָט, ווייסנדיק מיין לאַגע, מיר געצאָלט פאַר יעדער שעה טעגלעך — צען קאָפּיקעס און מיט

די צען קאָפּיקעס בין איך דורכגעקומען דעם טאָג... פרייטאָג האָב איך שוין דאָס אויך ניט געהאַט. נאָר אַדאַנק מיינעם אַ שוועסטערקינד אַ „מאַלער“, וואָס האָט גוט פאַרדינט, אַלס גרויסער מייסטער אין מאָלן די צימערן ביי די גרויסע מינסקער גבירים, בין איך אויך פרייטאָג און שבת ניט פאַרלאָרן געגאַנגען... פרייטאָג אָוונט און שבת בין איך געווען זיין גאַסט. די דאָזיקע פרייע דריי שבתדיקע מאָלצייטן האָבן מיך געהאַלטן אויף די פיס אַ גאַנצע וואָך. וואָלט אַלץ גוט געווען. האָבן זיך אָבער אונטערגערוקט די גרויסע פרעסט און מיין מאַנטל האָט זיך אַנטזאָגט צו דינען. האָט שוין די ליבע פריילין, אָדער חברטע ציפּקינאַ, מיט אַ געוויסן כיטרען מיטל אויסגעזוכט פאַר מיר אַ פאַרדינסטל — איבערשרייבן עפּעס, אַפּנים רוסישע פּאַפּירן, וואָס זי האָט זיי כלל ניט געדאַרפט — האָט מיר מיט אַ שמייכל באַצאָלט עטלעכע רובל און איך האָב געקויפט אַ מאַנטל, נאַטירלעך אין אַ קראָם פון אַלטע קליידער.

איך געדענק, ווי איצט, די פרייד, מיט וועלכער זי האָט מיך באַגעגנט, ווען איך בין אינאָוונט געקומען צו מיין קרובה, וואו איך האָב זיך נאָך דאַן אויפגעהאַלטן, אין מיין ווינטערדיקן נייעם מאַנטל. אירע גרויסע שוואַרצע אויגן האָבן אַזש געשטראַלט. מיין קרובה איז שוין מיט מיר דאַן געווען ניט שטאַרק צופרידן, די אורזאַך איז געווען די פאָלגנדיקע: איך האָב אַ גאַנג חומשים אירע, בסוד פון איר, נאָר מיטן וויסן פון איר יינגל, אַוועקגעטראָגן אין דער באַרימטער מינסקער לייענביבליאָטעק, וואָס האָט זיך געפונען ביי דער גרויסער שול, אַלס אַ משכּון פאַר די ביכער, וואָס איך האָב פון דאָרט אַרויסגענומען צו לייענען אינדערהיים. זי האָט דעם דאָזיקן פאַרברעך מיר לאַנג ניט געקענט מוחל זיין. אָבער די גוטע פריילין ציפּקינאַ האָט מיט אַ שמייכל מיך פאַרטיידיקט...

---

# פערטער קאַפּיטל

מיינע באַזוכן אין די בתי־מדרשים; — די תּלמוד־תּורה־שול. — דער נייער קרייז און זיין ווירקונג. — דער באַנד שעווטשענקאָס לידער. — מיין שטרענגע קרובה וועקט מיך צו ליטעראַרישער אַרבעט. — מיין ערשטע דערציילונג אויף שמ"רם מאַניער. — אַ נייע דירה ביי אַנדערע קרובים. — מיין קוזינע די סאָציאַליסטין. — איר מאַן דער זינגער. — דאָס ערשטע פּרייהייטס־ליד פון ערעלשטאַט. — דער אומפאַרגעסלעכער רושם. — איך ווער אַ מחבר.

מיין „שוואַכקייט" צו אַ בית־מדרש איז אין מיינע קינדעריאָרן און שפּעטערע יוגנטיאָרן געווען זייער גרויס. ניט קוקנדיק, וואָס איך בין שוין צו פערצן־פופצן יאָר געווען אַ פולשטענדיקער „פריי־דענקער", האָב איך ליב געהאַט צו באַזוכן אַפילו אין קאָידענאָוו די בתי־מדרשים אינמיטן טאָג. ניט דאָס געטלעכע האָט מיר גע־צויגן אַהין, נאָר דאָס מענטשלעכע... צווישן די אָרעמע ישיבה־בחורים פלעגן זיך שטענדיק געפינען איינער אָדער צוויי לעבנסלוסטיקע און לעבנסדאָרשטיקע יונגע בחורים, וואָס זייער גמרא־לערנען איז נאָר געווען לפנים; אין בית־מדרש פלעגן זיי אָדער ליי־ענען וועלטלעכע ביכער, אָדער לערנען זיך די רוסישע שפּראַך און אַנדערע געגנשטאַנדן, צי גאָר פאַרברענגען די צייט אין פאַרשיידענע שמועסן און אַפילו — אין שפּילערייען מיט די שטעטלשע באַלעבאַטישע בחורים, וואָס פלעגן אויס לאַנגווייל אויך קומען אין בית־מדרש (אין אונזער שטעטל קאָידענאָוו זיינען געווען פיר בתי־מדרשים און איין חסידישע שטיבל). אַמאָל פלעגט אַריינ־פאַלן אין בית־מדרש בייטאָג, צי אינאָוונט, — ווען די בתי־מדרשים זיינען ליידיק פון דאַוונער — אַ בעל־מלאכה, דער וואַסערטרע־גער, אַ מלמד, וואָס איז געבליבן אָן אַ קנעלונג, און זייערע שמו־עסן איינע מיט די אַנדערע, זייערע זאַפּטיקע יידישע אויסדרוקן, זיי־

ער תמימות אין הומאָר, און אַפילו זייערע וועלטאַנשויאונגען—האָבן מיך דעמאָלט אומבאַוואוסטערהייט באַצויבערט און אַפילו באַלערנט...

אין סאַמאַכוואַלעוויטשער בית-מדרש, וואוהין איך פלעג זיך אין אַ מיטן טאָג אַריינכאַפּן, האָב איך, למשל, זיך נאָענט באַקענט מיט אַ פּרוש, וואָס איז געווען איינע פון די אינטערעסאַנטסטע געשטאַלטן, וואָס איך האָב אין מיין לעבן געזען. אַ גלויביקער און אַ סקעפּטיקער, אַ ציניקער און אַ געהויבענער — האָט ער מיך אין יענער צייט אינטערעסירט און אינטריגירט. אין דער דערציילונג „דער פּרוש", וואָס איך האָב געשריבן אין יאָרן אַרום, געפינען זיך פיל פון זיינע כאַראַקטער-שטריכן.

די מינסקער בתי-מדרשים, וואָס האָבן זיך געפונען אין אַ באַדייטנדיקער צאָל אויפן גרויסן פּירקאַנטיקן שולהויף, האָב איך אָבער געמוזט באַזוכן ניט צוליב נייגער און אינטערעס אַליין, נאָר אויך צוליבן דאַוונען, און אויך דאָס דאַוונען איז געווען צוליבן קדיש, וואָס איך האָב געמוזט און געוואָלט זאָגן נאָך מיין מוטער. בנוגע די שולן, בין איך געווען ניט אויסקלייבעריש. אויסער דעם גרויסן בית-מדרש, וואָס האָט מיך ניט געלאָקט, צוליב דער גרויסער צאָל גבירים, וואָס האָבן אין אים געדאַוונט, פלעג איך אַריינגיין קדיש זאָגן וואו עס האָט זיך געמאַכט, ביז איך בין איינמאָל, ווי דורך אַ „גליקלעכן" צופאַל, אַריינגעפאַלן אין תלמוד-תורה-שול: דאָרט האָב איך זיך באַקענט מיט עטלעכע יונגע באַלעבאַטישע בחורים, וואָס די ערינערונג וועגן זיי איז מיר טייער עד-היום...

עס פאַרדריסט מיך, וואָס איך קען ניט געדענקען דעם אורשפּרונג פון דער באַקאַנטשאַפט. איך געדענק נאָר, אַז אין נייעם בית-מדרש, איינעם פון די דעמאָקראַטישסטע בתי-מדרשים, וואָס איך האָב די ערשטע צייט פון מיין קומען אין מינסק אויך באַזוכט, האָב איך זיך אויך באַקענט מיט אַ שיינעם, ברונעטן, רייךגעקליידטן יונגנמאַן מיטן נאָמען בערל שילער, אַ זון פון פאַרמעגלעכע עלטערן אין מינסק, און פון גרויסן יחוס — אַן אייניקל פון אַ מינסקער באַרימטן ייִדן, ר' לייזער פריק. ער איז געווען דווקא אַ מתמיד און אין יענער צייט רעליגיעז געשטימט, אָבער

דאָך אַ משכיל, אַ געלערנטער און אַ גרויסער העברעער, און אויך געשריבן העברעיִשע שירים — מיט יאָרן שפּעטער זיך געדרוקט אין „השלח" און שוין מיט דעם טיטל ד״ר דוב שילער... דערפאַרנדיק — איך ווייס ניט ווי אַזוי, — אַז איך שרייב אויך לידער, האָט ער זיך מיט מיר שטאַרק פאַראינטערעסירט. איך האָב אים געוויזן מיינע לידער, וואָס איך האָב שוין געהאַט געזאַמלט אין אַ גרויסן געשריבענעם העפט, אויך די בריוו פון י. ל. פּרץ, איבערהויפּט יענעם בריוו, וואו פּרץ הייסט מיר לערנען זיך די מעטריק... מיינע לידער האָט בערל שילער שטאַרק געלויבט, פון מאַנכע געכאַפּט גרויס התפעלות, און וואָס עס איז נוגע דעם „מעטער", האָט ער מיר געבאָרגט אַ רוסישע „טעאָריאַ סלאָוועסנאָסטי", און אין צוויי־דריי טעג בין איך געוואָרן אַ למדן ניט נאָר אין „מעטער", נאָר אין אַלע פאָרמען פון פּאָעזיע און ליטעראַטור בכלל... אָבער נאָך וויכטיקער איז מיר געווען זיין יִינגערער ברודער, וואָס האָט זיך אייניקע שעה אין טאָג אויפגעהאַלטן אין דער דערבייִקער תלמוד־תורה־שול, צוזאַמען מיט נאָך צוויי יונגע בחורימלעך — איינער מיטן נאָמען יודל סלעפּיאַן, דער צווייטער — שערמאַן. די אַלע דריי, גוטע, איידעלע און קלוגע און פאַר זייערע יאָרן שטאַרק געלערנטע, האָבן אין מאָראַלישן, דערציערישן און גייסטיקן זין מיר פיל גוטס געטאָן. ניט קוקנדיק, וואָס איך בין געווען דער פּאָעט, ווי זיי האָבן מיך גערופן, — איך האָב ניט געוואוסט און ווייס עד־היום ניט, צי לשבח, צי פאַרקערט, — אָבער סיי־ווי־סיי האָב איך דאַן צו זיי אַרויפגעקוקט, ווי צו העכערע, געלערנטערע. איך רייד שוין ניט — ווי צו רייכערע, איבערהויפּט יודל סלעפּיאַן און בן־ציון שילער; שערמאַן איז געווען אָרעמער, אָבער פון מיר איז ער דעמאָלט אויך רייכער געווען...

די תלמוד־תורה־שול איז געווען אַ קליינע און אַ געמיטלעכע. בייטאָג האָט זי אויסגעזען מער ווי אַ לייענזאַל... קיין ישיבה־בחורים זיינען דאָרט ניט געווען, אויסער די דערמאָנטע דריי יונגע אַכצן־ניינצניאָריקע בחורים, וואָס האָבן כלומרשט געדאַרפט נאָר זיצן דאָ און לערנען, ווי זייערע עלטערן האָבן אַוודאי געמיינט, און אויסער שערמאַנען, וואָס איז געווען דווקא אַ לערנער, האָבן זיי גאָר דאָ געלערנט אַלערליי וויסנשאַפטן, געגרייט זיך בשתיקה צו די לעצטע

קלאַסן גימנאַזיע, צום אוניווערסיטעט. פונדעסטוועגן האָבן זיי געהאַט גענוג צייט צו פאַרברענגען און צו ריידן איבער ליטעראַטור.

זיי, שוין דעמאָלט פיל באַלעזענע אין דער רוסישער, דייטשער ליטעראַטור, — יודל סלעפּיאַן האָט אַפילו פראַנצויזיש געלייענט — האָבן זיך שוין צו מיינע לידער באַצויגן שטרענגער, כאָטש אַ גוט וואָרט פלעגן איך אויך פון זיי אָפט הערן. ווער רעדט, אַז איך האָב, נאָכדעם ווי איך האָב אויסגעלערנט די „טעאָריאַ סלאָוועסנאָסטי", גע־שריבן מיינע ווייטערדיקע לידער מיט אַ קלינגענדיקן ריטם, האָבן זיי אויף מיר אָנגעהויבן קוקן ווי אויף אַ צוקינפטיקן שטערן, כאָטש אַלץ נאָך מיט אַ צומיש פון גרינשעצונג. אפשר — ווייל יידיש, הגם פון מענדעלען זיינען זיי שוין דאַמאָלסט געווען באַגייסטערט. איבערהויפּט יודל סלעפּיאַן — אַ גרויסער מבין אויף ליטעראַטור, אַ פאַרערער פון גאָגאָל, היינע און אַנדערע „זיינע" קלאַסיקער,— איז גאָר נתפּעל געוואָרן פון אַ פּאָר לידער מיינע אין יענער צייט. בן־ציון שילער, ווידער, אַן איראָניקער, הגם זייער אַ גוטמוטיקער און ליבער, האָט זיך איינמאָל אַזש מתקנא געווען אויף מיר פאַר די לויבגעזאַנגען, וואָס איך באַקום פון יודל סלעפּיאַן, איבערהויפּט פאַר דער פּאַראָדיע, וואָס איך האָב דאַן אָנגעשריבן אויף „קענסטו דאָס לאַנד, וואו די ציטראָנען בליען" — „קענסטו די שטאָט..." עס איז געווען אַ „סאַטירע" אויף דער דאַמאָלסטיקער ניט באַזונדערס גוט־דופטנדיקער שטאָט מינסק, בפרט אין געוויסע אָרעמע גאַסן, — האָט דער דאָזיקער ליבער בן־ציון שילער אַ זאָג געטאָן:

— אַ וואַזשנע זאַך... אַז אירווילט, שרייב איך אייך אָן אויך אַ פּאַראָדיע...

און ער איז אַוועק אין אַ ווינקעלע פון דער קליינער שול, זיך פאַרטיפט און אין אַ שעה אַרום געבראַכט אַ לאַנג פאַרשריבן שטיקל פּאַפּיר. אַלע חברים זיינען געוואָרן נייגעריק און לאַכנדיקע געוואַרט, ער זאָל פאָרלייענען.

איך בין געווען מער נייגעריק פון אַלע. צום „גליק" איז זיין פּאַראָדיע גוטמוטיק פאַרבראַקירט געוואָרן און איך בין געבליבן דער פּאָעט־„טשעמפּיאָן" אין דער תּלמוד־תּורה־שול.

מער האָט ער שוין מיך ניט „געוואַגט“ צו באַקעמפן. אָבער צו זיינער אַ מיינונג האָב איך זיך נאָך אַליין צוגעהערט, הגם דער אמתער מבין איז געבליבן יודל סלעפּיאַן, וואָס — טראָץ זיין באַזונדערער ליבע צו מאַטעמאַטיק — שפּעטער איז ער טאַקע געוואָרן אַ לערער אין מינסק פון מאַטעמאַטיק — האָט ער באַוויזן אַ פּאָעטישע נאַטור. אויך שערמאַן, דער לערנער און פרום געשטימטער, האָט אַרויסגעוויזן מבינות, ער האָט אָבער געהאַט אויף ליטעראַטור אַ מער פּראַקטישן בליק....

זייער סאָציאַלער קוק איז מיר דעמאָלט ניט אַזוי אָנגעגאַנגען. אָבער ווי איך געדענק איצט, האָבן זיי שוין געוואוסט פון דער געהיימער באַוועגונג, וואָס קומט פאַר ערגעץ אין דער טיפעניש פון לאַנד, און הגם זייער זעלטן, אָבער אויך די פראַגע האָבן זיי מיט גרויס ערנסט פון צייט־צו־צייט באַרירט אין זייערע גייסטרייכע און פאַר מיר אין יענער צייט אינטערעסאַנטע געשפּרעכן.

פון מיינע מאַטעריעלע נייטן האָב איך זיי קיינמאָל ניט דערציילט. ניט מיין שטאָלץ האָט עס מיך דערלויבט, ניט זיי וואָלטן, אַלס יונגע בחורים, וואָס זיינען נאָך געווען אָנגעוויזן אויף זייערע עלטערן, מיר געקענט העלפן. בפרט אַז שערמאַן איז אַליין געווען זייער אָרעם און שילער און סלעפּיאַן, שוין רייכערע, האָבן אָבער זעלטן געהאַט אַ מזומנעם גראָשן. עס איז געווען אַ גליק, ווען איך האָב ביי זיי אַמאָל אויף אַן אײדעלן אופן געקראָגן אַ פּאַפּיראָס, וואָס זיי איז אַליין אַוודאי שווער אָנגעקומען צו קויפן, און אַמאָל באַגנוגט זיך מיט אַ „פּאָר צי“, וואָס עס איז געווען דאַן דערלויבט אַפילו ביי אַזוינע געלערנטע און פאָרגעשריטענע בחורים.

פלעג איך טאַקע אַמאָל שפּעט אינאָוונט, נאָכן פאַרברענגען מיט מיינע נייע חברים אין תלמוד־תורה־שול, אַריינפאַלן אַ הונגעריקער אויף מיין קוואַרטיר ביי מיין שטרענגער קרובה באַשע. אַמאָל פלעגט זי זיך אָנשטויסן, אַז איך בין הונגעריק, פלעגט זי אַ פרעג טאָן:

— וואָס, רייזען (זי איז געווען כלומרשט אַן אויפגעקלערטע און האָט מיך גערופן ביי מיין צווייטן נאָמען), ווילסט אפשר עסן?

דאָס רוב פלעג איך זיך שעמען צו ענטפערן יאָ און פלעג ענטפערן — אַדרבא — אַז איך האָב נאָר־וואָס אָפּגעגעסן. נאָר וואָס דען? אַ גלאָז טיי וואָלט איך געטרונקען גערן... טיי איז שוין ניט אַזוי די חרפה גרויס... אָבער איר עלטערער ייִנגל, פון אַ יאָר צוועלף־דרייצן, איז געווען קליגער און אפשר אויך בעסער פאַר דער מאַמען און ממזריש פלעגט ער מיר צום טיי עפּעס דערלאַנגען. דער דאָזיקער ייִנגל איז געווען פשוט פאַרליבט אין מיר. ערשטנס, דערפאַר, וואָס איך, וועלכער האָט פאַר דירה־געלט געדאַרפט אים לערנען לייענען און שרייבן, און ער האָט שטאַרק ניט „געוואָלט״,— פלעג אים ניט צופיל אָנשטרענגען מיט די לימודים, און צווייטנס, וואָס איך, אַ גרעסערער פון אים, האַלט זיך מיט אים ווי אַ חבר און גיי מיט אים אַמאָל שפּאַצירן איבער די מינסקער רייכערע גאַסן, ווי גובערנאַטאָרסקאַיאַ, זאַכאַריעווסקאַיאַ, דעם הויכן מאַרק, וואו דער גובערנאַטאָר אַליין וואוינט, און איבער אַנדערע טשיקאַווע ווינקלען פון מינסק.

און ווען איך בייס־צו צום טיי, ווענדט זיך צו מיר די קרובה:

— איז, רייזען, וואָס וועט טאַקע זיין דער תכלית פון דיר?

האָב איך שוין חרטה אויף דעם גאַנצן טיי מיט דעם צובייס.

„זיי מיר ניט קיין פעטער און ניי מיר ניט קיין שיך ...״

אָבער איך ענטפער איר איבערצייגנדיק:

— אָט שרייב איך איצט אָן אַ גאַנצן מעשה־ביכל, איך שיק עס אַוועק אין ווילנע צו אַ דרוקער און איך וועל באַקומען אַ גאַנצן פינפאונצוואַנציקער און אפשר אַ פופציקער...

די אידעע איז טאַקע ביי מיר געבוירן געוואָרן גלייך — איך וועל מיין קליינע דערציילונג, וואָס איך האָב מיט אַ האַלב יאָר צוריק אָנגעשריבן, אויסציען, גרעסער מאַכן און פרווון מזל, אַוועקשיקן —אויב ניט אין אַ זאַמלבוך, איז צו אַ פּשוטן דרוקער, י. ל. מ״ץ, וואָס גיט אַרויס קליינע 32זייטיקע ביכעלעך, פון שמ״ר, עוזר בלאָשטיין און אַנדערע מחברים, און דער עולם צעכאַפּט זיי ביי די פאַקנטרעגער ווי מצה־וואַסער...

איך פאַרגעס זיך, אַז פאַר מיר, שוין דעמאָלט אַ ליטעראַריש געשטימטן מענטשן, וואָס האָט שוין ביי יכנה׳ן נאָך אין שטיבל

דורכגעלייענט דאָס ביכעלע פון שלום-עליכם „שמ״רס משפּט״, און כאָטש אויף שמר׳ן האָט מיר געוויינט דאָס האַרץ, וואָס מען משפּט אים אַזוי שטרענג, האָב איך געוואוסט, אַז גאָר אינגאַנצן אומגערעכט איז שלום-עליכם ניט — אַז פאַר מיר פּאַסט ניט אַריינ-צופאַלן צו אַ פאַרלעגער פון אָט דער קאָמפּאַניע פון בלאָשטיין און די איבעריקע. אָבער די קרובה טרייבט מיך שוין צו:

— נו, אַדרבא, לאָמיר טאַקע זען...

און ביים געשפּרעך קומט אַריין נאָך אַ קרובה, אַ שיין, יונג ווייבל, ערשט ניט לאַנג נאָך איר חתונה, דער מאַן איז שוין אין אַמעריקע און שיקט נאָך קיין געלט ניט — און זי אויך:

— טאַקע, אַברהמעלע — דו מיט דיין קאָפּ — האָסט דאָך גע-קענט אויפטאָן עפּעס...

די דאָזיקע קרובה איז אַ ריכטיקע שוועסטערקינד, מיין מאַמעס שוועסטערס אַ טאָכטער, מיט וועלכער איך האָב זיך אינאיינעם גע-האָדעוועט. זי האָט געוואוינט אין אַ דאָרף ניט וויט פון קאָידענאָוו, פלעגט אָבער קומען אַלס יתומה צו אונז צו גאַסט, אָפּזיין ביי אונז וואָכן און מיט איר יוגנטלעכקייט און שיינקייט און פריילעכקייט אָנפילן אונזער קליינע שטוב מיט פרייד. אירע ווערטער דאָ אין מינסק, אין דער פרעמד, ווירקן אויף מיר נאָך מער. זי האָט טאַקע געוואוינט ניט וויט פון דער קרובה באַשע, וואו איך האָב גע-האַט קוואַרטיר, און צו איר אין דער קליינער דירה, וואו זי האָט געוואוינט צוזאַמען מיט איר שווער און שוויגער און געוואַרט אויף ישועות פון מאַן אין אַמעריקע, פלעג איך זיך אויך אַמאָל אַריינ-כאַפּן און זיך דערקוויקן מיט אירע פריילעכע און מונטערע רייד, מיט איר הילכיקן לאַכן און אַמאָל אויך מיט אַ פּוטער-ברויט, וואָס זי פלעגט מיך מכבד זיין און צווינגען, אַז איך „מוז״ עסן. טאָמער פלעג איך זיך שעמען און אָפּזאָגן, פלעג איך אַרויסגייענדיק פון הויף, אַריינלייגנדיק די האַנט אין מיין קעשענע, געפינען דאָס פּו-טער-ברויט, טאַקע אין קעשענע, איינגעוויקלט אין אַ פּאַפּיר. דאָס פלעגט זי מיר בשתיקה אַריינוואַרפן אין מאַנטל-קעשענע און איך האָב שוין דאָס פּוטער-ברויט געקייט גייענדיק...

איר, אַט דאָס שוועסטערקינד, רחל־לאהן, וויל איך אַוודאי ניט אַנטוישן. זי מוז פֿון מיר דערלעבן נחת...

איך זעץ זיך אַוועק אויף אַ גאַנצער נאַכט — מיין שטרענגע קרובה האָט מיר שוין דאַן קיין קעראָסין ניט געזשאַלעוועט — און באַאַרבעט דעם שטאָף פֿון מיין קליינער דערציילונג אין אַ גרעסערער און אין אַ לייכטערער „ראָמאַנמעסיקער" פֿאָרם... עס העלפֿט אָבער ניט מיין מי — פֿילע שטעלן קומען אַרויס צו ליטעראַריש... און איך פֿאַרענדיק דריי אַ זייגער פֿאַרטאָג מיין ערשט פּראָזע־ווערק...

מיר דאַכט זיך אָבער, אַז עס איז נאָך צו ווייניק פֿאַר צוויי און דרייסיק זייטלעך, און לייג צו נאָך צוויי קליינע בילדלעך פֿון לעבן, וואָס זיי האָבן זיך שוין געפֿונען גרייט. זאָל י. ל. פּ.־ץ זען, אַז איך בין ניט קיין בלאָשטיין... די צוויי „בילדלעך" האָב איך שוין געהאַט פֿאָרגעלייענט פֿאַר דער שוין דערמאָנטער פֿריילין ציפּקינאַ, וועלכע האָט זיי זייער גערימט, אַלס „טשודניאַ ביטאָוויאַ קאַרטינקי"...

אויף מאָרגן פֿרי האָב איך עס מיט דער הילף פֿון מיין קרובה, אויף מאַרקעס און מיט דער הילף פֿון מיין „פֿריינד", איר עלטערן ייִנגל, וואָס האָט מיך באַגלייט צו דער הויפּט־פּאָסט־קאָנטאָר (די לאָקאַלע פּאָסט־קאָנטאָרן האָבן מיר ניט געטרויט אַזאַ וויכטיקן פּאַקעט!...), האָב איך עס שטאַרק רעגיסטרירט, אַוועקגעשיקט אַזש קיין ווילנע, צום דרוקער־פֿאַרלעגער פֿון מעשה־ביכלעך יהודה־לייב מ״ץ...

האָב איך שוין געהאַט אויף וואָס צו האָפֿן און מיט וואָס צו באַרויִקן דעם צייטנווייז שטורמישן געמיט פֿון מיין קרובה באַשע, וואָס האָט פֿון מיר געפֿאָדערט גרויסע טאַטן...

און דער ענטפֿער איז געקומען צוזאַמען מיטן פּאַקעט — אויך רעגיסטרירט.

מיט ציטערדיקע הענט אויפֿגעריסן דעם גרויסן קאָנווערט ביי דער אָנוועזנהייט פֿון דער קרובה, איר ייִנגל און פֿריילין ציפּקינאַ אַליין.

— נו, נו?

איך צי אַרויס פֿון צווישן דעם מאַנוסקריפּט אַ בייגעלע פּאַ־פּיר פֿאַרשריבן אויף אַלע פיר זייטן. דאָס איז געווען דער בריוו. ער שרייבט מיר אויף לשון־קודש, אַז די זאַך אַליין איז גוט און פּאַסיק פֿאַר זיין פֿאַרלאַג, נישט מער עס האָט צוויי פֿעלערן. ערשטנס, דערציייל איך ניט, ווי אַ ראָמאַניסט, נאָר „כמספר איש לרעהו...", דאָס הייסט, ווי איינער דערציילט דעם צווייטן אַ מעשה, און צווייטנס, וועט ניט זיין גענוג צו פֿאַרנעמען 32 זייטלעך, בפֿרט אַז די צוויי בילדלעך, הגם זיי געפֿעלן אים, זיינען לגמרי ניט פֿאַר זיינע „אויס־גאַבן". איז בכן גיט ער מיר אַן עצה, איך זאָל די זאַך גרעסער מאַכן און מער „ראָמאַנענמעסיק" און גיט מיר אַפֿילו אַ פּאָר „פּאָינטס", ווי אַזוי שטאַרקער מאַכן די סיטואַציע...

אַ ברירה האָב איך געהאַט. איבער דער צווייטער באַאַרבעטונג בין איך שוין געזעסן צוויי נעכט. ווידער מיט שוועריקייט (די מאַרקעס האָבן שוין, צוליבן פֿאַרגרעסערטן מאַנוסקריפּט, אָנגעטראָפֿן אַ פֿאַרמעגן!) אַוועקגעשיקט צו מ״צן און ווידער גענומען מיט אומ־געדולד וואַרטן אויף אַ תשובה.

מיין קרובה האָט שוין אָבער דעם ענטפֿער ניט ערוואַרט. מיין אָנזען אין אירע אויגן האָב איך שוין פֿאַרלאָרן. זי האָט אַליין זיך צו מיר געטשעפּעט פֿאַר אירע חומשים, וואָס איך האָב געגעבן אַלס „זאַלאָג" אין דער לייענביבליאָטעק, פֿאַר די ביכער, וואָס איך האָב פֿון דאָרט גענומען צום לעזן... זי האָט געטענהט נאָכאַנאַנד, ווי אויף דאָס ניי: „מען זאָל האָבן אַ העזה פֿאַרזעצן חומשים!" — הגם זי האָט זיי שוין לאַנג צוריק באַקומען. דער עלטערער יינגל, וואָס האָט ביי מיר געדאַרפֿט ווערן אַ „קענער" פֿאַר דעם שכר־לימוד — דער דירה, וואָס איך האָב פֿאַרנומען, האָט אַליין ווייניקער געוואָלט לערנען... האָב איך זיך אין אַ ליכטיקן פֿרימאָרגן — עס רעדט זיך נאָר אַזוי — אַריינגעצויגן צו אַן אַנדער קרובה, שוין אַ שוועס־טערקינד פֿון מיין טאַטנס צד, צו וועלכער איך פֿלעג בלויז פֿון צייט צו צייט אַריינגיין אויף כּיבוד. דערהערט, אַז איך, אברהמעלע קלמנס, קום אָפּ אַזוי ביי יענער קרובה, האָט דאָס איר פֿאַרדראָסן:

— געהערט אַ ביסל, — האָט זי מיר אונטערגעגעבן פֿייער, — פֿאַר לערנען שרייבן מיט אירע קינדער ביסטו דאָך ווערט אַליין...

ווען דו, אברהמעלע, וועסט מיין מיידל (אַ קינד פון עלף יאָר) לערנען נאָר אַ ביסעלע יידיש — זי האָט, דאַכט זיך, אָנגעוויזן אויפן פינגער, וויפיל... — וועסטו דאָך ביי מיר וואוינען ווי אַ גראַף...

ווי אַ גראַף, ניט ווי אַ גראַף — ביי איר האָב איך די ערשטע פּאָר טעג אָפּגעלעבט. אַ גוטע פון דער נאַטור, האָט זי נאָך געוואָלט ווייזן איר יחוס — אַ קליינינקייט, קלמנס אַ זון: אַזאַ „קענער"!... בפרט אַז איך האָב איר קינד (אַ ליב, שיין, כאָטש צעבאַלעוועט מיידעלע) געלערנט שרייבן, וואָס ביי דער פּשוטער קרובה האָט עס געהייסן, אַז איך מאַך איר קינד פאַר אַ מענטשן.

איר מאַן, וואָס האָט געאַרבעט אין פּרומקינס ברויז, אַ הויכער, מילדער יונגער מענטש, אַ פּשוטער ייד, אָבער אַ וועלטלעכער — האָט גאָרניט געוואוסט, וואָס צו טאָן מיט מיר. ער האָט גאָר געכאַפּט התפעלות סיי פון מיר אַליין, סיי פון מיינע לידער, וואָס איך האָב אויך פאַר אים אַמאָל, ווען ער האָט מיך אויפגעלייגט מיט זיין פּשטות און גוטסקייט — פאָרגעלייענט...

— גאָלד און זילבער! — פלעגט ער זאָגן, ניט געפינענדיק קיין אַנדערע ליטעראַרישע ווערטער אויסצודריקן זיין באַגייסטערונג.

און די קרובה אַליין, וואָס האָט געקענט גוט פון איר קינדהייט מיין טאַטן, האָט צוגעגעבן:

— גאָר דער טאַטע מיט די ביינער!...

און נאָך אַ גליק איז געווען, וואָס אין יענעם גרויסן דרייגאָרנדיקן הויז, אין זעלבן קאָרידאָר, האָט געוואוינט מיינע נאָך אַ יונגע קרובה — מיין מאַמעס אַ שוועסטערקינד, וואָס האָט נאָרוואָס חתונה געהאַט מיט אַ שוין דעמאָלט קלאַסנבאַוואוסטזיניקן יונגנמאַן. אויך זי, מיידלוויז אַן אַרבעטערין, איז קענטיק שוין געווען באַהויכט פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, הגם געלייענט האָט זי נאָר שמ״רס ראָמאַנען. אָבער צו די ראָמאַנען האָט זי, און איבערדהויפּט ער אַליין, געזונגען די ערשטע רעוואָלוציאָנערע לידער אין יידיש. איינס פון יענע לידער איז געווען דאָס איצט באַקאַנטע און דעמאָלט שפּאָגל־נייע, הגם שטאַרק „פאַרבאָטענע" ליד „מיר ווערן געהאַסט און געטריבן" פון עדעלשטאַט. דאָס דאָזיקע ליד,

וואָס ער און זי פֿלעגן זינגען מיט גרויס כּוונה, האָט אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן, לאַנג אומפֿאַרגעסלעכן רושם. די נאַיווע, אָבער אין דער זעלבער צייט פֿלאַמענדיקע ווערטער, מיט דעם האַלב-טרויעריקן, האַלב אויפֿמונטערנדיקן ניגון, האָבן געוועקט אין מיר די געפֿילן פֿון קאַמף קעגן אונטערדריקונג און מײַן „נאָענטקייט" און אַפֿילו ליבע צו אונטערדריקטע.

„שמידט אונז, טיראַנען, אין קייטן,
ווי בלוטיקע חיות אונז רײַסט,
איר קענט אונזער קערפּער נאָר טויטן,
דאָך ניט אונזער הייליקן גייסט.

דאָך האָבן די דאָזיקע לידער, געזונגען פֿון די צוויי יונגע מענטשן, באַלויכטן שוין מיט די שטראַלן פֿון אַ נײַער באַוועגונג, געווירקט מער אויף מײַן געמיט, ווי אויף מײַן דעמאָלסטיקן שאַפֿן. מײַנע לידער פֿון יענער צייט זײַנען געווען מער ליריש און ענג סובּיעקטיוו. אַ גרעסערן רושם האָט אויף מיר דעמאָלט געמאַכט אַ באַנד אוקראַאינישע לידער מיט דעם נאָמען „קאָבזאַר" פֿון שעווטשענקאָ, וואָס די פֿרײַלין ציפּקינאַ האָט מיר געגעבן צו לייענען... איך האָב די לידער געלייענט און פֿיל מאָל איבערגעלייענט און דער אײַנדרוק, וואָס זיי האָבן אויף מיר איבערגעלאָזט, האָט אַ לאַנגע צייט ניט געקענט אָפּגעווישט ווערן. מעגלעך, אַז בײַ שעווטשענקאָ אין „קאָבזאַר", וואָס איך האָב געלייענט אין אָריגינאַל, ניט גוט פֿאַרשטייענדיק די אוקראַאינישע שפּראַך, האָבן זיך אויך געפֿונען קאַמפֿס-לידער; איך האָב אָבער נאָר געלייענט און פֿאַרשטאַנען, — מער אפֿשר צוליב דער פֿרעמדער, מיר ניט באַקאַנטער שפּראַך — די לירישע מאָטיוון. עס האָט געדויערט אַ לענגערע צייט, ביז איך בין פֿון די דאָזיקע היים-בענקשאַפֿט-מאָטיוון באַפֿרײַט געוואָרן, און אויך ניט אינגאַנצן...

פֿונדעסטוועגן האָב איך שוין אין יענעם ווינטער — צווישן 1891 און 1892 — געשריבן אַ צאָל לידער, וואָס האָבן באַרירט דאָס סאָציאַלע פֿון יענער צייט, און איבערהויפּט די אומגערעכטיקייט, אויב ניט פֿון דער אָרדענונג, איז פֿון דער וועלט בכלל...

אַזוי אַרום האָב איך שוין אויף מיין זיבעצנטן יאָר באַקומען מיין ערשטע ליטעראַרישע אַנטוויקלונג.

דערווייל זיינען שוין אָנגעקומען די ערבֿ־פּסחדיקע טעג. נאָך אַלע גליקן, וואָס איך האָב געהאַט בײַ מיינע נייע קרובֿים, אויף דער נייער דירה, בין איך צוליב דעם לאַנגן, ווינטערדיקן מאַנגלען, פיזיש געוואָרן אויסגעשעפּט. איך האָב זיך פאַרבענקט נאָך אַן אמתער היים, הגם נאָך מיין מוטערס טויט איז שוין קיין אמתע היים ניט געווען, אַפילו אין קאָידענאָוו... מיין עלטערע שוועסטער, רבֿקה, וואָס האָט אין יענעם יאָר חתונה געהאַט, האָט שוין געוואוינט אין אַ קליין שטעטל מאָהילנע, דער דאַמאָלסט שטענדיקער וואוינאָרט פון יכנה׳׳ז (ער איז טאַקע געווען דער שדכן...); בײַ איר האָט זיך אויך דערצויגן מיין דאַמאָלסט פינפיאָריקער ברודער הירשל. אָבער געבענקט נאָך קאָידענאָוו האָב איך שטאַרק, הגם מינסק, אַלס גרויסע שטאָט, האָט מיר געגעבן אויך דאָן פיל פרייליכע טעג. מיינע בריוו אין יענער צייט צו מיין פאָטער און צו מיין קליין, אָבער געראָטן שוועסטערל שרה־בתיה, זיינען געווען זייער רירנד. זייערע וואַרעמע ענטפערס האָבן פאַרגרעסערט מיין בענקשאַפט. עס האָבן מיר אָבער געפעלט מאַטעריעלע מיטלען צו מאַכן די נסיעה צוריק אַהיים, כאָטש אויף פּסח. רייזע־געלט, ווער רעדט נאָך ניט מיט דער באַן, נאָר מיט די בעלי־עגלות, האָט קיין סך טאַקע ניט באַדאַרפט קאָסטן, אַפילו לויט דעם דעמאָלסטיקן באַגריף, אָבער ווי קומט מען אַראָפּ נאָכן „אָפּזיין“ אַ ווינטער אין אַזאַ כרך ווי מינסק ניט קיין שיין־באַקליידטער?....

צום גליק איז מיר אַ פּאָר טעג פאַר פּסח, אויף אַ שטרענגער אָנפראַגע דורך אַ טאָפּלטער פּאָסטקאַרטע, וואָס איך האָב מ׳׳צן געשיקט (די לעצטע זעקס קאָפּיקעס אויסגעגעבן!): וואָס הערט זיך מיט מיין דערציילונג „נאָר אַ גאָלדענער זייגער“ (אַזוי האָט די דערציילונג געהייסן)? — אָנגעקומען מיר בלויז עטלעכע שורות פון אים אַלס ענטפער:

„סיפורך כבר נדפס, והנה מונח עתה בבית־הבקורת“...

דאָס הייסט, מיין דערציילונג איז אָפּגעדרוקט, זי געפינט זיך

איצט אין דער צענזור... און אַז עס וועט אַרויס פֿון דאָרטן — איז ער צום סוף מבטיח — וועל איך באַקומען מיין האָנאָראַר...

מיט אַזאַ קאַרטל קען מען שוין האָבן מוט צו קריגן אַ פּאָר רובל... מיינע באַקאַנטע, פֿון דער תּלמוד־תּורה־שול, וועלכע זיינען שוין געוואָרן מיינע פּריינט, באָרגן מיר אויס אויף דעם סמך עט־לעכע רובל, איך קויף זיך אַן אַלטן אָנצוג, וואָס זעט אויס שענער נאָך ווי ניי, און איך פֿאָר אַרויס אַ טאָג פֿאַר פּסח צו גאַסט קיין קאָידענאָוו, שוין מיטן שטעמפּל פֿון אַ מחבר...

---

# פינפטער קאַפּיטל

די רירנדיקע אויפנאַמע.— מיינע מתּנות, די לידער.— מיין זיידע.— חיים - יודע מערלים דער קריטיקער. — זיין אַרויסטריט קעגן אליקום צונזער אין „הצפירה". — דער ענטפער פון אליקום צונזער. — נחום סאָקאָלאָוו בריוו צו מערלים. — די פאַבריק אין שטעטל. — די אויפוואַכונג. — דעם פאַבריקאַנטס טאָכטער. — דער מאָדעל פאַר מיין שפּעטערדיקער דערציילונג די „נייע שאלה".

די אויפנאַמע, וואָס איך האָב באַקומען פון מיין פאָטער און שוועסטערל שרה־בּתיה נאָך אַ האַלב יאָר אָפּוועזנהייט, איז געווען אַ רירנדיקע. מיין ליבע און שיין דאַן טיף־פילנדיקע און קלוגע שוועסטערל האָט זיך פאַר פרייד אַזש צעוויינט. אָבער אַזוי ווי דאָס פּנים און אירע שוואַרצע אויגן האָבן פאַר פרייד פון מיין קומען געשיינט, האָבן די טרערן אין אירע אויגן אויסגעזען ווי פינקלדיקע טראָפּן אויף דער זון, נאָך אַ זומער־רעגן. אויסער איר שוועסטערלעכער ליבשאַפט צו מיר, איז זי, דאַן קוים אַ צעניעריק קינד, געווען אויך מיינע אַ פאַרערין. נאָך פון מינסק האָב איך איר צוגעשיקט אַ קליין העפטעלע געשריבענע לידער, צווישן וועלכע עס האָט זיך געפונען אַ ליד וועגן אונזער ליבער מוטער. איך פרווו זיך איצט דערמאָנען עס:

צו דער פייגעלע.

— אַך, דו ליבע פייגעלע —
זאָג פון וואַנען פליסטו?
אפשר אויפן ריינעם פעלד
דאָרט געוועזן ביסטו?

אויב געוועזן ביסטו דאָרט,
זיי־זשע מיך מחיה
און דערצייל מיר, וואָס עס מאַכט
מיין מוטער די געטרייע.

האָסט זיך אפשר אָפּגעשטעלט
אויף איר קבר קוקן?
האָסט זיך אפשר אָפּגעשטעלט
דאָרט די גרעזלעך פּיקן?

האָסטו אפשר דאָרט געהערט —
אַך, דערציייל געשווינדער,
ווי די מאַמע וויינט און קלאָגט
נאָך די ליבע קינדער? —

וואָס-זשע זינגסטו, פייגעלע —
כ׳קען דיין שפּראַך ניט וויסן;
פלי צוריק דאָרט אויפן פעלד,
לאָז מיין מאַמען גריסן.

זינג איר דאָרט אַ לידעלע,
זי זאָל פילן, הערן,
אַז עס קלינגען אין דיין ליד
אירע קינדערס טרערן...

אויך מיט מיין קומען אַליין האָב איך פאַר איר קיין אַנדער מתנה ניט געבראַכט, ווי אַ צאָל נייע לידער. די זעלבע מתנה איז שוין אויך געווען פאַרן טאַטן, וועלכער האָט שוין אין מיר דאַמאָלסט געזען ניט נאָר קיין „אָנפאַנגער“, נאָר אַ פאַרטיקן פּאָעט...

עס איז געווען אַן אומעטיקלעך-פרייילעכער פּסח. די צוויי ברידערלעך הירשל און זלמן זיינען ניט געווען אין דער היים, נאָר אין דער שוין דערמאָנטער קליינשטעטעלע מאָהילנע, ביי דער עלטערער שוין פאַרהייראַטער שוועסטער רבקה, וועלכע האָט זיי, ביז זיי זיינען אַ ביסל אונטערגעוואַקסן, דערצויגן. די באַלעבאָסטע פון אונזער פאַראיינזאַמט קליין שטיבל איז געווען טאַקע די שוועסטערל שרה-בתיה, און די ווייבער שכנהס האָבן זיך ניט געקענט אָפּוואונדערן אויף דער בריהשאַפט פון אַזאַ יונג קינד. געווים האָט עטוואָס צוגעהאָלפן די באָבע שולקע, דעם טאַטנס מוטער, וואָס האָט געוואוינט די צווייטע שטוב פון אונז, אין איין וואוינונג מיט איר זון הירש דעם למדן, וועלכן זי האָט, אַלס רייכע קרעמערין, אַ גאַנץ לעבן געשפּייזט — געהאַלטן אים מיט זיין הויזגעזינד אויף קעסט און באַזאָרגט אים אַפילו מיט אַ בערך גרויס הויז, מיט אַ הינטערשטן שטיבל, וואו

עס האָט אַ געווּיסע צייט, ווי איך האָב שוין דערציילט, געוואוינט
יכנה"ז אין דער צייט, וואָס ער איז געווען לערער אין קאָידענאָוו.
דאָס איז טאַקע די זעלבע באָבע, וואָס האָט מיר געצאָלט מזומן
געלט צוויי קאָפּיקעס פֿאַר מיינס אַ ליד, וואָס איך פֿלעג, אַלס צענ=
יעריק יינגל, אָנשרייבן און פֿאַר איר פֿאָרלעזן. אַ גוטמוטיקע, קלוגע,
הגם ניט געלערנטע יידענע, האָט זי אָבער איר גוטסקייט מער גע=
צייגט צו הירש דעם למדן צוליב דעם, וואָס ער, מיין טאַטנס איינ=
ציקער, עלטערער ברודער, איז געווען פֿרימער, ווי מיין טאַטע, וואָס
האָט געהאַט אין שטעטל אַ שם אַלס אַן אַפּיקורס, הגם ער האָט
אויך געפֿירט אַ יידישן שטאַט. פֿונדעסטוועגן האָט זי, איבערהויפּט נאָך
מיין מוטערס טויט, אַרויסגעוויזן פֿיל ליבשאַפֿט און גוטסקייט און
אַפֿילו מאַטעריעלע הילף צו מיין דאַן פֿאַראָרעמטן פֿאָטער, וואָס האָט
אויס צער, שטילן עגמת=נפֿש פֿון מיין מוטערס פֿריצייטיקן אַוועקגיין
פֿון דער וועלט — פֿאַרלאָרן זיין שוואונג אין האַנדל. אויך דער זיי=
דע משה, דעם טאַטנס פֿאָטער, אַ ייד ניט קיין למדן, אָבער באַהאַוונט
אין די מוסר=ספֿרים אויף עברי=טייטש, האָט — אַוודאי צוליב „יע=
נער וועלט" — מער געשטיצט דעם פֿעטער דעם למדן, ווי מיין
פֿאָטער דעם פֿרייגעזונענעם, הגם טיף אין האַרצן האָט ער מיין
טאַטן זייער ליב געהאַט. צו מיר האָט זיך דער זיידע שוין באַ=
צויגן מיט חשד: אין אַפּיקורסות וועל איך נאָך אַריבערשטייגן דעם
טאַטן — פֿלעגט ער אָפֿט אין דער שטיל מורמלען, ווי זיין שטייגער
ריידן איז געווען בכלל... כאָטש איך האָב פֿאַר אים אין די אויגן,
אַפֿילו שוין אין די מער דערוואַקסענע יאָרן, קיין „שלעכטס" לויט
זיין באַגריף ניט באַגאַנגען. ער, דער זיידע, האָט דווקא פֿון מיינע
לידעלעך ניט געהאַלטן: „וואָס, אַ בדחן ווילסטו ווערן? — פֿלעגט
ער מורמלען — אַ זכריה דער בדחן?"... דאָס האָט ער געמיינט
דעם שטעטלשן בדחן, וואָס איז געווען אי אַ שמש אין שניי=
דערשן בית=מדרש אי אַ שניידער און איז געווען אַ ייד אַן אָרעמאַן,
הגם אַ פֿריילעכער און לעבנסלוסטיקער. דערקלערן דעם זיידן, אַז איך
בין פֿון אַן אַנדער „מין", האָב איך ניט געוואוסט דאַן ווי אַזוי, און
אַפֿילו שפּעטער, אַז מען האָט שוין אין שטעטל אָנגעהויבן ריידן
וועגן מיר ווי וועגן עפּעס אַ שרייבער, און ער האָט שוין דערפֿילט,

אַז קיין בדחן איז עס טאַקע ניט, האָט ער דאָך אַלץ געמורמלט מיט ביטול:

— גרויסע גליקן!...

פֿונדעסטוועגן האָט מיין קומען אויף פּסח אַהיים דעם דאָזיקן כּלומרשט בייזלעכן זיידן אויך געפֿרייט...

דערפֿאַר בין איך שוין געווען אַ גאַסט בײַ מיין צווייטן זיידן, פּסח עפּשטיין — מיין מוטערס פֿאָטער, וועלכער האָט געוואוינט אין אַ צווייטער גאַס, בײַם סאַמע סוף שטעטל, פֿונוואַנען עס האָבן זיך שוין אָנגעהויבן ציען די גויישע פֿעלדער און די גרינע געדיכטע וועלדער. דער דאָזיקער זיידע, פֿיל אָרעמער, ווי מיין זיידע משה, דעם טאַטנס פֿאָטער, האָט אַדאַנק זיינע יונגע טעכטער, וואָס האָבן זיך נאָך געפֿונען אין הויז אויף זיינע עלטערע יאָרן און אַדאַנק זיין יינגערער צווייטער פֿרוי, וואָס איז געווען שוין מיינע אַ שטיפֿבאָבע, — שוין זיך געפֿירט, ווי אַן „אַריסטאָקראַט“. מיטן סאַמאָוואַר אַלע אינדערפֿרי און אינאָוונט און מיט אַ רייכערער קיך און מיט וואַזאָנעס אויף די פֿענסטער און מיט אַלע תּגן... ער איז געווען אַפֿילו ניט קיין גרויסער למדן, אָבער געווען אַן איידעלער ייד, אַ בן־תּורה, האָט געשטאַמט פֿון גאָר אַ געהויבענער משפּחה—פֿון די אמתע עפּשטיינס, הגם געהייסן האָט ער אין שטעטל אויף זיין טאַטנס און אַפֿילו זיידנס נאָמען — פּסח פּייווע יקותיאלס... און אויסגעזען האָט ער, מיט זיין הויכן וואוקס, מיט זיינע וואונדערלעכע בלייע, שטענדיק לויטערע אויגן און מיט זיין ברייטער צעקאַמטער ווייסער באָרד ווי אַ העכערער און מער געהויבענער פֿון אַלע פֿון זיין דור. ער האָט שוין געהאַט אַ ידיעה אין השׂכּלה־ביכער, אַמאָל אַריינגעקוקט, אַפֿילו אויף די גאָר עלטערע יאָרן, אין אַ העברעיִשער צייטונג, אין אַ ספֿרל פֿון קלמן שולמאַן; געוואוסט, וואָס עס הייסט אַ שיר, און געשטאָלצירט דערמיט. האָט ער אַוודאי פֿון מיר שוין מער געהאַלטן ווי יענער זיידע, הגם אויך ער פֿלעגט מיט אַ שמייכל אַ זאָג טאָן:

— אַלץ גוט, אָבער צו פּרנסה קומט עס ניט...

סיידן אַז דאָס ליד, וואָס איך פֿלעג פֿאַר אים דורכלעזן, ווען איך פֿלעג קומען צו אים צו גאַסט, האָט בײַ אים גאָר שטאַרק

אויסגענומען — און ער איז, אויף זיין שטייגער, געווען אַ מבין — האָט ער שוין גאָר אָנגעקוואָלן, ניט גערעדט וועגן פּרנסה און זיך אָנגערופן צו דער שטיפבאָבען:

— נו, בלומע, מאַך עפּעס אַ גוטע זאַך פאַר אברהמלען, ער איז ווערט.

ביי דעם דאָזיקן ייִדן פלעג איך ייִנגלוויז פאַרבלייבן אַמאָל אויף אַ גאַנצע וואָך, געלערנט די צוויי ייִנגערע טעכטער — מיינע יונגע מומעס, גרויסע שיינהייטן, — שרייבן און לייענען, פאַרוואָס ער איז מיר שטענדיק דאַנקבאַר געווען און אַפילו שפּעטער, ווען זיי זיינען שוין געוואָרן „קענערקעס", פלעגט ער אַלץ זיי זאָגן:

— פאַרדאַנקען האָט איר עס אברהמלען.

איבערהויפּט מעג איך זיך „באַרימען", אַז פיל מיטגלידער פון מיין, „קיין עין־הרע" ניט, גרויסער משפּחה, האָבן מיר צו פאַר־דאַנקען, וואָס איך האָב זיי אויסגעלערנט שרייבן ייִדיש, רוסיש, אַריפ־מעטיק און אַפילו לייענען דייטש, וואָס איך האָב ניט שטאַרק גע־קענט. נאָר אַז מען האָט פון מיר געפאָדערט דייטש, האָב איך געמוזט קענען...

איז דערפאַר, אַז איך בין, אַ זיבעצניעריקער בחור, אָבער שוין אַ פאַרטיקער מענטש אַראָפּגעקומען, נאָך אַ האַלב יאָר אָפּזיין אין אַ גרויסער שטאָט ווי מינסק, אַהיים, בין איך שוין געווען גאָר אַן אָנגעלייגטער גאַסט ביי מיין צווייטן ייִדן און דער פסחדיקער כּיבוד, וואָס מ'האָט לכּבוד מיר אַוועקגעשטעלט אויפן טיש, איז באַשטאַ־נען פון די בעסטע זאַכן און שענסטע מאכלים...

מיין באָבע בלומע, הגם אַ שטיפבאָבע, האָט מיך באַזונדערס גערן געהאַט, ווייל זי איז איז געווען אַ גרויסשטאָטיקע, אַ לעזע־רין, און געשטאַמט אויך פון אַ יחוסדיקער, הגם וועלטלעכער פאַ־מיליע, מיט אַ ברודער אַן אַדוואָקאַט אין דער משפּחה, און זי האָט שוין מיין „בילדונג" און מיין „שרייבן" אַוודאי אָפּגעשאַצט...

די יונגע מומעס, ראַשקע און יודית, זיינען שיער ניט פאַרליבט געווען אין מיר. און די שטיפבאָבע בלומע פלעגט אַלץ, אין אַ שפּאַס נאַטירלעך, זיי מוזן וואָרענען: קינדערלעך, פאַרליבט זיך קיינער ניט אין אים, חתונה האָבן מיט אים טאָרט איר דאָך סיי־ווי־סיי ניט...

אַ גרויסער גאַסט בין איך אויך געווען ביי מיינע פאָר חברים און באַקאַנטע, צווישן וועלכע עס האָט זיך געפונען חיים=יודע מערלים, הגם ער איז געווען עלטער פאַר מיר מיט עטלעכע יאָר. ער איז דאַן אַראָפּגעקומען פון ערגעץ אַ דייטשישער שטאָט, וואו ער האָט שטודירט פילאָסאָפיע — און אויף זיינע שטאַרקע אַקסלען האָט ער געטראָגן אַ דאַמאָלסט מאָדערנע פעלערינע, מיט אַ הויכן שטייפן הוט אויף זיין שיינעם קאָפּ. זיינע קליינע, אָבער וואונדערלעכע קלוגע אויגן, פלעגן טיף אַריינדרינגען אין דעם, איבערהויפּט אין דער, וואָס זיי האָבן אָנגעקוקט. מיט זיין שיינעם שמאָלן, מאַטאָוון פנים, מיט דער געטאָקטער נאָז, אויף וועלכער עס האָט גראַציעז געריטן אַ זיידענע פענסנע — האָט ער דאַמאָלסט ניט נאָר אַלע מיידלעך אין שטעטל באַצויבערט, נאָר אַפילו יונגעלייט האָבן געהאַט אַ זכיה, אַז חיים=יודע רעדט מיט זיי אויס אַ וואָרט, צי ענטפערט זיי אויף זייער באַגריסונג מיט אַן עלעגאַנטן פאַרנייג און מיט ציען עפּעס, ניט צו פיל, דעם הוט... מיר אָבער האָט אָט דער חיים=יודע אַנטפּאַנגען כמעט ווי אַ קאָלעגע, ווייל אויסער זיין אַלגעמיינער בילדונג איז ער אויך געווען אַ גרויסער העברעער און אין יענער צייט אַ שרייבער.

זיין הויפּטקראַפט איז באַשטאַנען אין „בקורת“ — קריטיק. נאָך יינגלווייז, ווען איך האָב די ערשטע לידער געשריבן, פלעג איך זיי ביי אַ געלעגנהייט, אַמאָל אין אַ בית=מדרש, וואו איך פלעג זיך ביטאָג אַריינכאַפּן, מיט אַ האַרץ=קלאַפּעניש פאַר זיין אורטייל, אים ציינן און מיט מער האַרץ=קלאַפּעניש אויסהערן זיין מיינונג... שפּעטער איז זיין אויטאָריטעט נאָך מער אויסגעוואַקסן. ער, אַ קאָזי=דענאָווער בחור, דאַן ניט עלטער פון אַכצן=ניינצן יאָר (לויט ווי איך בין זיך איצט משער), האָט פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל אין „הצפירה“, וואו ער האָט באַוויזן „שוואַרץ אויף ווייס“, אַז אליקום צונזער, וואָס איז דאַמאָלסט געווען אַזוי באַרימט, איבערהויפּט אין אונזערע מקומות, וואָס אַפילו מענטשן, וואָס האָבן ניט געקענט לייענען, האָבן זיינע לידער געזונגען, אַז אָט דער אליקום צונזער איז ניט קיין פאָלקס=דיכטער, ווי מען באַטיטלט אים... און באַוויזן האָט ער, חיים=יודע מערלים, וואָס אַ פאָלקס=דיכטער מיינט באמת... מיט איין וואָרט —

ער האָט, אמת, מיט גרויס יראת־הכבוד פאַר אליקום צונזערן אַראָפּ־
גענומען, צי געוואָלט אַראָפּנעמען די קרוין פון אים אַלס אַ פאָלקס־
דיכטער.

האָט זיך אליקום צונזער נאַטירלעך ניט געלאָזט און ער האָט
אָפּגעענטפערט מיט אַן אַרטיקל „תשובה למבקרי", געאַמפּערט זיך
אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז ער האָט באַוויזן, אַז חיים־יודע מערלים
איז ניט באַהאַוונט אין אַזוינע ענינים...

האָט חיים־יודע מערלים אָנגעשריבן נאָך אַ פייערדיקערע קרי־
טיק — אַן ענטפער אויף אַן ענטפער. אָבער דער אַרטיקל איז שוין
ניט געדרוקט געוואָרן. אָנשטאָט דעם האָט ער באַקומען אַ פּרי־
וואַט בריוועלע פון רעדאַקטאָר נחום סאָקאָלאָוון אַליין. דאָס ברי־
וועלע איז געווען געשריבן מיט גרויס אַכטונג צו אים און דער
רעדאַקטאָר האָט זיך ווי געבעטן: „הנח לו, כי איש מכובד בעם הוא"...
דאָס הייסט, לאָז אָפּ — ער (אליקום צונזער) איז געשעצט ביים
פאָלק... דאָס בריוועלע האָב איך נאָך אַלס יינגל זוכה געווען
אַליין צו לייענען.

מיט אַזאַ איז שוין געווען אַ מורא זיך אָנצוהויבן, אַפילו דאַן,
ווען איך בין שוין געקומען פון מינסק אַלס דערוואַקסענער... פונ־
דעסטוועגן האָב איך ריזיקירט און אים געוויזן מיינע נייע לידער,
וואָס איך האָב געשריבן אין מינסק און אַ טייל פון זיי געטראָגן
מיט זיך... דאָס לייענען זיי איז שוין פאָרגעקומען ניט אין אַ
בית־מדרש, ווי מיט עטלעכע יאָר צוריק, וואו מיר פלעגן זיך ביי־
דע טרעפן אין די פרייע בייטאָגן, נאָר אויף די הויכע בערג, הינטערן
שטעטל.

צו מיין מזל איז געווען אַ פריער פרילינג און דער וועג צו
די בערג איז שוין טרוקן געווען און די בערג אַליין זיינען שוין
געווען גרין. און כאָטש די לידער זיינען ניט געווען וועגן דער נאַ־
טור — און אפשר אַ פּאָר לידער יאָ — איך האָב אַזעלכע שוין
אויך פאַרמאָגט אין יענער צייט — אָבער מערלים, אויפגעלייגט פון
דער שיינער נאַטור אַרום שטעטל, פון די בערג און טאָלן, פון
די ביימער, וואָס האָבן שוין זיך געצויגן אינדערהויך און זיך אויסגע־
גלייכט די גלידער, נאָכן שווערן ווינטער — האָט ער מיינע נייע

לידער אױפגענומען מיט באַשטעטיקונג, אױף אַ פּאָר סטראָפן פון אַ ליד געזאָגט מיט אַ שמײכל, אַז זײ זײנען אַפילו גאָר הײנט=מאָדיש. „אַזױ שרײבט מען איצט אין דײטשלאַנד“... די לעצע װערטער האָבן אױף מיר געמאַכט אַזאַ אײנדרוק, אַז איך קען זײ אַפילו איצטער ניט פאַרגעסן...

אָבער אױסער אים, װאָס האָט װירקלעך פאַרמעגט אַ חוש פאַר קריטיק, הגם ער איז בײ דעם ניט געבליבן, ער האָט שפּעטער געגרינדעט אַ העברעישע שול אין קאָידענאָװ, װאו ער האָט די קאָידענאָװער מײדלעך פאַר העברעערינס געמאַכט — אױסער אים, װעמען איך האָב אױך צו פאַרדאַנקען פאַר מײן װײטערער אַנטװיקלונג, — האָבן זיך שױן אין קאָידענאָװ געפונען נאָך יונגע מענטשן, מיט װעמען מען האָט שױן געקאָנט רײדן װעגן ליטעראַטור בכלל און יידישער ליטעראַטור בפרט...

קאָידענאָװ האָט אױפגעװאַכט. אַ ביסל האָט געװירקט די צײט אַלײן, און טײלװײז איז עס געװען צו פאַרדאַנקען דער פאַבריק פון באַרשטן=חזיר=האָר, װאָס עס האָט אױפגעעפנט דער רײכער ייד, װעלכן איך האָב שױן דערמאָנט אינם ערשטן קאַפּיטל, צו װעמען עס פלעגט אָנקומען דאָס „יודישע פאָלקסבלאַט“. די אַרבעטער האָט דער פאַבריקאַנט אַראָפּגעבראַכט אַזש פון פױלן, דאָס רוב פון מעזעריטש און, הגם זײ האָבן אַלע געטראָגן לאַנגע קאַפּאָטעס און די געװיסע פױלישע היטעלעך מיט די דאַשעקעס, איז אַ גרױסער טײל פון זײ — דאָס רוב יונגע בחורימלעך, — שױן געװען קלאַסנבאַװאוסט, און איבערהױפּט האָבן זײ זיך געהאַלטן, װי בכלל יוגנט אין דער פרעמד, פרײ, אױסגעטאָן פון אַ סך מצװות... אײניקע פון זײ האָבן געװאױנט אין אַ באַזונדער הױז, װאָס זײ האָבן געדונגען בײ אַ בעל=הגוף אין אונזער גאַס, און האָבן דאָרטן אין די פרײע שבתים=טעג געטאַנצט מיט מײדלעך, צװישן װעלכע עס האָבן זיך אױך געפונען די טעכטער פון בעל=הגוף, דעם װירט פון הױז. דאָס שטעטל איז אַ צײט געגאַנגען כאָדראָם, אָבער מען איז דאָך מיט דעם צוגעװױנט געװאָרן, בפרט אַז מײדלעך איז אין שטעטל געװען מער װי בחורים און חתנים האָט מען נײטיק געדאַרפט.

ווער רעדט, אַז אַ ביסל פּרנסה האָבן די אַרבעטער צוגעגעבן דער ניט גאָר רייכער שטעטל און מיט דער צייט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז צווישן די בערשטער האָבן זיך געפונען אַ סך פרומע און אַפילו בחורים לערנער... האָט מען שוין פאַרקוקט זייער פרייע האַלטונג און מען האָט זיך געטרייסט, וואָס זיי טראָגן כאָטש יידישע קליי־דער, נאָך יידישערע ווי די רבנישע זין ביי אונז, ווייל די קורצע קליידונג פאַר מאַנסביל איז שוין לאַנג געווען איינגעפירט אין ליטע ...

עס איז אַפילו געווען באַשערט אונזער שטעטל צו געוואָר ווערן אַדאַנק דער פאַבריק און אירע אַרבעטער פון אַ שטרייק, וואָס דאָס האָט דאַמאָלסט געהייסן ביי דער יוגנט אַ „זאַבאַסטאָווקע" און ביי עלטערע יידן „יד־אַחת געמאַכט"... און שטעלט זיך פאָר, אַז אויסגעפירט ביי אַזאַ שיינעם און איידעלן יידן, ווי דער פאַב־ריקאַנט איז געווען (ער איז ווירקלעך אין פריוואַטן לעבן געווען אַ זייער ליבער און גוטמוטיקער מענטש), האָבן אויפגעפירט די בעלי־מלאכות, די בערשטער.

דער גביר האָט געמוזט נאָכגעבן: אַ הוספה, וואַרשיינלעך אַ האַלבן רובל אַ וואָך, און איבערהויפט — ניט צו אַרבעטן ביי גאָר שלעכטע סחורה, די ווייכע חזיר־האָר, וואָס האָבן אין זיך אַזוי פיל שטויב פאַרמעגט, אַז פילע פלעגן קראַנק ווערן ביי דער אַרבעט...

אַפנים, אַז פון גוטע סחורה אַליין האָט דער פאַבריקאַנט ניט געקענט עקסיסטירן, ער האָט אין אַ קורצער צייט אַרום באַנקראָ־טירט... די פאַבריק האָט זיך צוגעמאַכט, די אַרבעטער זיינען זיך צעפאָרן, בלויז אַ פּאָר פון זיי זיינען געבליבן איידעמס אין שטעטל גופא און האָבן שוין געגרינדעט אַליין קליינע פאַבריקלעך.

אָבער דאָס שטעטל האָט אויפגעוואַכט. און דער פאַבריקאַנט אַליין — לאָמיר אים שוין אָנרופן ביים נאָמען, אָרע־זיסל יאָסעליעוו, איז נאָכן באַנקראָט, אַ פאַראָרעמטער, הגם אַ באַלעבאָס פון היי־זער און אַ גרויסער שניטקראָם, וואָס דאָס ווייב האָט געהאַט אויף איר נאָמען און אַליין טאַקע געפירט — דער פאַבריקאַנט אַליין איז געוואָרן נאָך מער איידעלער און לויטערער. איך בין זיך מודה, איך פלעג צו אים אַריינגיין אַמאָל אין הויז, ווייל זיינער אַ זון, יעקב, איז געווען מיינער אַ חבר און זיינע צוויי טעכטער האָבן

מיר שוין געלאָקט מיט זייער איידלקייט, שיינקייט און גרויסער בילדונג. די יינגערע טאָכטער, אין מיינע יאָרן, האָט, אויסער איר חנעוודיקייט און שיינקייט, באַזעסן אַ פאָעטישע נאַטור, און האָט שוין דאַן ליב געהאַט צו לייענען יידיש, וואָס דאָס איז אין אַ רייכערן הויז, נאָך ביי געבילדעטע, געווען אַ מוטיקייט אין יענער צייט. זי האָט שוין דאַן געוואוסט פון נאַדסאָנס לידער, און אויסהערנדיק אַ פאָר לידער מיינע, האָט זי זיי שיר ניט פאַרגליכן צו זיינע לידער. איך האָב זיך אין דער דאָזיקער יונגער און זייער באַגאַבטער מיידל, וואָס שפעטער איז זי געוואָרן טעטיק אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און אין איר פאָטערס נאָך אַליין רייך=מעבלירטער וואוינונג פלעגן פאָרקומען די ערשטע פאַרזאַמלונגען פון די דעמאָלט נאָר=וואָס אויפגעוואַקסטע אַרבעטער און אינטעליגענטע אַרבעטער=פריינט — איך האָב זיך אין דער דאָזיקער מיידל שיר ניט פאַרליבט. איך זאָג שיר ניט צוליב איידלקייט. זי האָט אָבער דערפון ניט געוואוסט, ווי זי האָט ניט געוואוסט פון די ליידן פון אַנדערע, די אַרבעטער פון דער פאַבריק, וואָס — ווי איך האָב שפעטער דערפאַרן, — זיינען זיי געווען צו איר ניט גלייכגילטיק. די דאָזיקע אָפקלאַנגען האָבן מיך אין פיל יאָרן אַרום באַוואויגן צו שרייבן מיין דערציילונג „די נייע שאַלה“...

---

# זעקסטער קאַפּיטל

צוריק אין מינסק. — ישובניקעס קומען זוכן מלמדים און לערער. — די מעקלער. — איך קריג אַ באַלעבאָס. — דער דאָרף. — די באַלעבאָטים. — איך גיי צו פֿוס קיין מינסק. — אַ בריוו פֿון פּרצן. — די ערשיינונג פֿון מיין ערשטן ביכל. — מיין פּאַרלעגערס שווער און שוויגער. — מיין האָנאָראַר אין עקזעמפּלאַרן. — איך פֿאָר צוריק אין דאָרף. — מיין קראַנק ווערן. — מיין צוריקקער קיין קאַידאַנאָוו. — דער רושם פֿון מיין ביכל. — די ליידן און פֿריידן פֿון אַ יונגן מחבר.

אַוועקגעקוקט פֿון די אַלע פֿריידן און גליקן, וואָס איך האָב געהאַט אין קאָידענאָוו אין די אַכט טעג פֿון פּסח, וואָס איך האָב שוין פֿאַרבראַכט אַלס גאַסט, איז דאָך דאָס בלייבן אין קאָידענאָוו פֿאַר מיר געווען שוין אַן אוממעגלעכקייט, בפֿרט אַז מיין פֿאָטער אַליין האָט שוין באַשלאָסן צו פֿאָרן זוכן זיין גליק ערגעץ־ווייט אין דער פֿרעמד און ער איז טאַקע יענעם זומער אַוועקגעפֿאָרן אין זשיטאָמיר צו זיינעם אַ יוגנט־חבר, מאָדל קראָל, וואָס האָט אין דער דערמאָנטער שטאָט שוין געוואוינט מיט זיין פֿאַמיליע אַ היבשע צייט און האָט שוין באַוויזן צו ווערן אַ גביר פֿון די גרויסע „פּאָדריאַדן", וואָס ער האָט געהאַט אַזש ביי דער רוסישער רעגירונג אַליין...

געפֿאָרן בין איך צוריק קיין מינסק, און כאָטש מיינע יונגע דריי חברים, שערמאַן, סלעפּיאַן און שילער, האָבן מיך זייער פֿריינדלעך אויפֿגענומען, און אויך ביי מיינע קרובים בין איך געווען אַ גאַסט, האָב איך דאָך שוין אָבער מורא געהאַט צו ריזיקירן און צו בלייבן אָן אַן אויסזיכט צו קענען עקסיסטירן אין דער גרויסער שטאָט. צו פֿירן צוריק אַזאַ לעבן ווי ווינטער האָב איך שוין ניט געהאַט קיין חשק ביי די אַלע מאָראַלישע גליקן און „ערפֿאָלגן", וואָס אויך דער שווערער ווינטער אין מינסק האָט מיר געגעבן.

אין דער נאָכפּסחדיקער וואָך איז דער מינסקער שולהויף, וואו איך פלעג נאָך אַלץ קומען צוליב מיינע דריי דערמאָנטע חברים, וועלכע האָבן אויך זומער־צייט באַזוכט די תלמוד־תורה־שול, וואָס איז געווען זייער ביטאָגיקער קלוב — אין יענער וואָך נאָך פּסח איז דער שולהויף געווען דער זאַמלפּונקט פון אַ סך ישובניקעס, וואָס פלעגן אַראָפּקומען אַהער פון די אַרומיקע דערפער צו אויסקלויבן פאַר זייערע קינדער אַ מלמד אָדער אַ לערער. צווישן די דאָזיקע ישובניקעס האָבן זיך געפונען רייכע און אָרעמע, איידעלע און פּשוטע. די פּשוטע, וואָס האָבן געהאַלטן אין דער אַרענדע קרעטשמעס, וואַסער־מילן, קראָמען, „פּאַקטן" — האָבן גענומען „מלמדים"; די, וואָס האָבן געהאַלטן גרויסע פּאַראָווע מילן, פעלדער און וועלדער און געוואוינט אין פּולוואַרקעס, זיינען שוין געווען האַלבע פּריצים און אַזעלכע האָבן שוין גענומען פאַר זייערע קינדער לערער, הגם אויסער די וועלטלעכע לימודים האָט מען חומש מיט רש"י, תנ"ך און אַפילו גמרא אויך געמוזט לערנען מיט זייערע „פּריצישע" קינדער.

האָבן זיך צווישן די דאָזיקע אָנגעפּאָרענע, ווי אויף אַ יאַריד, ישובניקעס אַרומגעדרייט אַלערליי „מעקלער", וועלכע האָבן גוט געקענט די אַלע בחורים, וואָס זיינען צוליב דעם מלמדים־און לערער־סעזאָן אין דער דאָזיקער וואָך פון נאָך־פּסח געקומען אויפן שולהויף נאָך אין אַ גרעסערער צאָל, ווי די ישובניקעס, און האָבן געהאַט חשק צו פאָרן אין אַ דאָרף און ווערן דאָרט מלמדים אָדער לערער. די מעקלער, אַליין אויך געוועזענע מלמדים אָדער לערער אויף דערפער, האָבן שוין געהאַט די דערפאַרונג, ווי אַזוי און וועמען פאַר וועמען צו „פאַרשלייערן"... נאַטירלעך, האָט מען זיי, די דאָזיקע מעקלער, געמוזט אונטערקויפן אָדער צוזאָגן גוט צו באַצאָלן, אויב זיי וועלן אויסזוכן אַ גוטן ישוב. אויך דער ישובניק האָט פון זיין זייט צוגעזאָגט אַ מתנה, אויסער די „מעקלערײ־געלט" פאַר אַ ריכטיקן מלמד...

צוקוקנדיק דאָס גאַנצע בילד, בין איך אַליין פאַרכאַפּט געוואָרן פון איר אינטערעסאַנטקייט. אייניקע מעקלער, יונגעלייט, וואָס האָבן, איך ווייס ניט ווי אַזוי, פון מיר געוואוסט, האָבן אויך מיך

געפרעגט, צי זוך איך אַ „קאַנדיציע”... אָנפאַנגס האָט עס מיך ווי אָפּגעשראָקן — נאָר אַזוי ווי איינער אַ יונגער ישובניק, שוין גע־קליידט, מיט אַן אינטעליגענטן אויסדרוק אויף זיין פּנים, האָט מיך אויך אָנגענומען פאַר אַ קאַנדידאַט, און איך בין אים, איך ווייס ניט פאַרוואָס, שטאַרק געפעלן געוואָרן, דאָט ער מיר גלייך פאַר־געלייגט צו פאָרן צו אים אין דאָרף, דריי מייל פון מינסק.

עס האָט זיך אַריינגעמישט אַ שיינער, געזונטער בחור, וואָס האָט ווינטער געלערנט אויפן דאָרף, טאַקע מיט דעם יונגמאַנס קינדער. דער בחור, וואָס איז אויך געווען אַ „מעקלער”, האָט פונדעסטוועגן ניט אויסן געווען קיין שום מעקלעריי־געלט. ער ווייס פון מיר און איז מיינער אַ פריינד, אויך איז ער אַ פריינד פון דעם ישובניק. — פאָרט, רייזען! — האָט ער ווי באַפוילן, — עס וועט אייך זיין גוט.

און דערצו האָט ער מיר פאַרזיכערט, אַז דאָס מיינט צו זיין אַ לערער, ווייל דער „באַלעבאָס” איז אַ היינטוועלטיקער, אַ גע־בילדעטער און פון נאַרישקייטן האַלט ער ניט...

איך האָב זיך געלאָזט איבעררעדן...

דער יונגער ישובניק איז געווען גליקלעך, ווען איך האָב נאָך אַ טאָג וואַקלען זיך אָנגענומען צו פאָרן צו אים אויפן זומערדיקן זמן און לערנען מיט זיינע צוויי קינדער: אַ יינגעלע און אַ מיידעלע — יידיש און רוסיש שרייבן, לייענען און — וואָס איז זיך דאָ צו שעמען — אַ ביסל חומש.

און וויסנדיק, איך ווייס ניט ווי אַזוי, אַז איך בין אַ פּאָעט, האָט ער מיט אַ שמייכל צוגעגעבן:

— ביי אונז וועט איר ערשט קענען שרייבן מיט „וודאָכנאָ־וועניע” וויפיל איר ווילט. די „פּרירָאָדע” איז אַ וואונדערלעכע.

* * *

די „נאַטור” איז אין דאָרף ווירקלעך געווען וואונדערלעך שיין; דאָס הויז, דאָס שענסטע אין דאָרף, איז געשטאַנען טיף פאַרקלערט אין אַ געדיכטן וואַלד. פון אַנדערע זייטן האָב זיך געצויגן פעלדער, שוין באַגרינטע און בונט באַשפּרינקלטע. אַ ביסל ווייטער

פון הויז האָט צווישן בערגלעך געשטראָמט אַ שמאָלער, קלאָרער טייך.

אויך די מענטשן האָבן אין די ערשטע טעג מיך שטאַרק פאַר־אינטערעסירט.

מיין באַלעבאָס, נאָך אַ יונגערמאַן, אַ בן־יחיד ביי זיינע עלטערן, וואָס האָבן געוואוינט מיט אים אין זעלבן הויז, איז געווען אַ טשי־קאַווער מענטש; אַ באַלעזונער און דערצויגענער אין דער רוסי־שער ליטעראַטור, האָט ער פון דער יידישער ניט געוואוסט. ניט גע־גלויבט, אַז אויף יידיש קען מען שרייבן „פּאָעזיע", זיך געאַמפּערט מיט מיר, שטאָלץ ווי אַ בן־יחיד, אָבער מיט אינטעליגענץ, האָט ער שטענדיק געוואָלט זיין דער זיגער... פונדעסטוועגן, אַז איך האָב אים פאָרגעלייענט אייניקע פון מיינע נייערע לידער און ווער רעדט, אַז איך האָב אים געוויזן דעם צווייטן באַנד שלום־עליכמס „יודישע פאָלקסביבליאָטעק", וואָס איך האָב נאָך אַלץ געהאַט אין מיין אייגנטום, און ווי אַ פרומער ייד פאַרקויפט ניט זיין טלית און תפילין — אַזוי האָב איך עס אין די ערגסטע טעג פון מיין זיין אין מינסק ניט פאַרקויפט, אַז איך האָב אים געוויזן די „יודישע פאָלקסביבליאָ־טעק", און ער האָט, אַפילו אַ שוואַכער יידיש־לעזער, זיך באַקענט מיט פרוגס יידישע לידער און פּאָעמען, האָט ער, בטבע אַן עקשן, שוין צוגעגעבן, אַז ער וואָלט עס קיינמאָל ניט געגלויבט.

זיין פרוי אַ הויכע, אַ שלאַנקע, ניט שטאַרק געבילדעט, דער־פאַר אָבער זייער אַ קלוגע, הגם קיין איבעריקע גוטע איז זי ניט געווען, איז דאָך מיט מיר געווען צופרידן. איבערהויפּט בין איך איר געפעלן געווען, וואָס איך עס אַליין, וואָס מען דערלאַנגט מיר.

— יענער, האָט זי זיך געקלאָגט, איז געווען אַ גרויסער אויס־קלייבער, געהאַט פון אים אויסצושטיין.

און וואָס אַ טאָג איז טאַקע דאָס עסן געוואָרן ערגער. ווי זי וואָלט מיך געוואָלט אויספּרובירן, צי וועל איך פּראָטעסטירן.

נאַטירלעך האָב איך ניט פּראָטעסטירט. די שפּייז, פּראָסט און אָרעם, איז אָבער געווען פריש און גענוג אַוודאי. עס האָט מיך בלויז באַליידיקט, וואָס זי נוצט אויס מיין שטילקייט און איז מיר ניט מכבד מיט אַ בעסערן ביסן, ווי איר מאַן און קינדער.

און אפשר האָט זיך מיר עס בלויז געדאַכט...

געלערנט האָב איך מיט די צוויי קינדער זייער ווייניק. דער יונגער פּאָטער האָט אַליין ניט געלאָזט צופיל לערנען מיט זיי. אָנשטאָט צו לערנען מיט די קינדער, האָט ער — אַ ליידיקגייער — געוואָלט, איך זאָל מיט אים פירן שמועסן וועגן העכערע ענינים. ער האָט געהאַט אַ נייגונג צו חקירה, צו גריבלען זיך אין אַבּ־סטראַקציעס...

דערפאַר איז שוין זיין פּאָטער, וואָס האָט געפירט דאָס הויז — אַ מין קרעטשמע געווען — און זיך געעסקט מיט די פעלדער, וועלכע עס האָבן באַאַרבעט די פויערים פון דאָרף, געווען אַן איינ־פאַכער דאָרפס־ייד, אַ געזונטער אין גוף און אין גייסט, מיט אַ חוש פאַר הומאָר. דעם זון, ווי אַ בן־יחיד, האָט ער אוודאי ליב געהאַט, אָבער געהאַלטן פון אים שטאַרק האָט ער ניט... פלעג איך טאַקע זיך אָפּפרישן מיט אַ שמועס מיט דעם פאָטער, וואָס זיינע פשוטע ווערטער האָבן מיך מער באַלערנט און מער געשטימט, ווי די הויכע ווערטער פון געלערנטן זון...

בעסער האָב איך זיך אָבער געפילט, ווען איך פלעג פאַר־נאַכט ביים זון־פאַרגאַנג לאָזן זיך אַליין איבער די פעלדער, אַריין אין געדיכטן, שטילן וואַלד, וואָס האָט וואו־ניט־וואו געהאַט אַ קליין שמאָל שטעגעלע און האָט אַזוי סודותדיק געוואונקען און געצויגן צו גיין און גיין און דערגיין צו ערגעץ אַ וואונדערלעכן אָרט.

אָבער אַז דער יונגער באַלעבאָס פלעגט איינשפּאַנען זיין פערד־און־וואָגן און גרייטן זיך צו פאָרן קיין מינסק, פלעג איך ניט קענען זיך באַהערשן און פלעג מוזן מיט אים מיטפאָרן.

דאָס ערשטע מאָל האָט ער ניט געוואַגט מיר אָפּצוזאָגן, דאָס צווייטע מאָל האָט ער שוין מיך אָפּגערעדט: — צו־וואָס אין מינסק?

דאָס דריטע מאָל האָט ער שוין מיך ניט געוואָלט מיטנע־מען:

— אַ שאָד די צייט...

הגם ער איז ניט געווען להוט, איך זאָל לערנען צו־פיל מיט די קינדער.

האָט מיך אָבער אַזוי אַ ציִ געטאָן קיין מינסק, אַז גלייך ווי ער איז אַרויסגעפאָרן, בין איך אַוועק קיין מינסק צופוס.

אין דריי שעה בין איך געקומען צו אים אין מינסק אויף זיין אַכסניא.

— וואו האָט איר גענומען אַ פור? האָט ער מיך אָנגעקוקט פאַרוואונדערט.

— איך בין געקומען צופוס.

— דריי מייל? (רוסישע, איין־און־צוואַנציק ווערסט) אין דריי שעה... און ער איז געוואָרן איבערראַשט פון אַזאַ שנעלן גיין.

האָב איך שוין דערמיט ביי אים נושא־חן געווען, און ער האָט געמאָלדן פאַרן באַלעבאָס פון דער אַכסניא און פאַר אַלע געסט:

— ווי געפעלט אייך מיין לערער? — איך בין אַרויסגעפאָרן אויף צוויי פערד, סך־הכל מיט אַ האַלבער שעה פריער פאַר אים, און ער איז שוין דאָ, געקומען צו־פוס.

האָב איך ביי אים גענומען אַ פּאָר רובל אויף דעם חשבון פון מיין שכר־לימוד און בין אַוועק אין שטאָט.

מיין ערשטער וויזיט איז געווען צו יכּנה׳׳זן, וועלכער איז שוין געווען אַ לערער אין מינסק. ביי אים האָב איך געפונען צוויי פּאָסט־קאַרטלעך פאַר מיר, איינע פון פּרצן, אַן ענטפער אויף אַ צאָל לידער, וואָס איך האָב פון דאָרף שוין געשיקט, נאָך אַ לאַנגער צייט, וואָס איך האָב זיך אָפּגעהאַלטן צו שיקן אים.

דאָס קאַרטל איז געווען געשריבן אין לאַקאָנישע זאַצן. פון וועלכע איך געדענק אייניקע.

„עס צייגן זיך מאַנכע פונקען.

„דאָס ליד — „דער קאַלטער מאַי" — איז געוואַרעמט".

„ס׳האָט דער ווינט געברומט געשטורעמט..." זייער ליריש, אָבער אַ ווינט שטורעמט ניט..."

און נאָך אייניקע באַמערקונגען, וואָס האָבן נאָך פּרצעס ערשטע שטרענגע בריוו מיר געקלונגען ווי קאָמפּלימענטן.

דאָס צווייטע קאַרטל איז שוין געווען פון י. ל. מ׳׳ץ. דאָס ביכל, מעלדעט ער מיר בקיצור, איז שוין פאַרטיק פון דרוק און ער שיקט מיר אַרויס אַלס האָנאָראַר 250 עקזעמפּלאַרן... און ער

ווייזט מיר אָן דעם אַדרעס, וואו איך וועל זיי באַקומען, ביי זיין שווער, וואָס וואוינט אין מינסק.

— נו, אַברהמל, דאַרפסטו זאָרגן?... — רופט זיך צו מיר אָן יכנה'ז מיט זיין געוויינלעכן הומאָר און שמייכלט צו, ווי מיט הנאה...

— וואָס וועל איך טאָן מיט צוויי הונדערט און פופציק ביכעלעך? — פרעג איך אים ווי אַ געניטן. —

— וואָס הייסט? — פאַרקויפן! — ענטפערט יכנה'ז מעשה־סוחר — קענסט אָפּלייזן ביי אַ צוויי-און-האַלב קערבלעך...

איך פיל, ווי יכנה'ז מאַכט חוזק... אָבער פאַרפאַלן, די עקזעמפּלאַרן מוז מען אַרויסנעמען... איך קען דאָך זיי ניט צוואַרפן. מ'׳צכ שווער, עפּעס איינער אַ ייד משה פּאָליאַטשיק...

איך לאָז זיך לויטן אַדרעס: משה פּאָליאַטשיק, יוריעווסקאַיאַ אוליצאַ, סאָבסטווענני דאָם, — ס'הייסט אַ ייד אַ גביר...

און ווירקלעך אַ רייכער ייד. אַריינגיין צו אים מוז מען פריער אָנקלינגען, ציען אַזאַ מין גלאָק, וואָס הענגט ביי דער טיר ווי אַן אָפּשרעקונג...

איך קלינג אָן. די טיר עפנט אַ דינסטמיידל, קוקט מיך אָן — אַזאַ מין יונגן באַזוכער האָט זי ביי אירע אַלטע באַלעבאַטים נאָך קענטיק ניט געזען — זי שמייכלט אַזש.

באַלד באַווייזט זיך די באַלעבאָסטע אַליין, אַ עלטערע שיינע דאַמע, מיט אַ יידיש אַריסטאָקראַטישן אויסזען און נאָכדעם ער — משה פּאָליאַטשיק — אַ שיינער אַלטער ייד, מיט אַ זילבער-ווייסער באָרד.

איך שטאַמל אַרויס דעם ציל פון מיין קומען.

— אָ, אַזוי!... רופט אויס די דאַמע, — מ'׳צס שוויגער, הייסט עס. — איך האָב עס טאַקע שוין דורכגעלייענט... אַ שיינע זאַך...

און ער אַליין, מיין אַרויסגעבערס שווער, משה פּאָליאַטשיק, רופט מיך אַריין אין אַ זייטיקן, האַלב-טונקעלן צימער... פון אַ לאַנגער באַנק, וואו עס זיינען אויסגעלייגט די ביכלעך, קוקן צו מיר אַרויף גרויסע ווערטער פון אַלע זייטן — איינע און די זעלביקע:

דאָס איז דער גרויסער, לאַנגער נאָמען פון מיין ערשטער דערציילונג.

דער נאָמען איז ניט אינגאַנצן מיינער.
ווי קום איך צו געבן אַזאַ לאַנגן נאָמען...
די דערציילונג האָט געדאַרפט הייסן קורץ:

„אַ גאָלדענער זייגער"

און איצט הייסט עס גאָר:

„אַ כפרה דער נאָז אַבי אַ גאָלדע־
נער זייגער מיט דריי הונדערט
רובל"

אַ גאַנצע מגילה...

און ווייטער אַ צווייטע צייל — שוין מיין צייל —

אַ בילד פון אַ יידישן שידוך.

און אַ דריטע צייל, די וויכטיקסטע:

פון א. רייזען...

פרייד מיט פאַרדרוס... דער טיטל איז שרעקלעך: „אַ כפרה דער נאָז"... אַזוי אומעסטעטיש משנה־שם געווען...

— אַך, שריי איך אויס, ווי פון אַ ווייטאָג — ווי אַזוי רופט מען דאָס אָן אַ ביכל מיט אַזאַ נאָמען!

משה פּאָליאַטשיק אַליין ווייס ניט פון וואָס צו זאָגן, נאָר זי', מ״צס שוויגער, איז שוין קענטיק געניטער... זי טרייסט מיך, אַז פאַרקערט, דער נאָמען איז זייער אַ געלונגענער... דער עולם וועט אַזאַ ביכעלע פאַרצוקערן...

און מיט גרויס פאַרערונג צו מיר, אַלס צו אַ יונגן מחבר, פאַקט זי מיר איין אַלע 250 עקזעמפּלאַרן, וואָס יעדע האַלט 32 זייטן, אין אַ שיינעם פּאַפּיר, פאַרבינדט עס מיט אַ ווייסן פאָדעם און בענטשט מיך, איך זאָל האָבן ערפאָלג און זאָל ווערן באַרימט ווי שמ״ר און בלאָשטיין...

אויך דער שווער פון מיין פאַרלעגער, משה פּאָליאַטשיק, גיט מיר פון זיין זייט זיין ברכה, שוין מיט לשון־קודש געמישט, און

איך גיי אַרויס אַ פֿאַרווירטער פֿון מיין פֿאַרלעגערס שווערס הויז מיטן פּעקעלע אונטערן אָרעם...

עס איז געווען אַרום איינס אַ זייגער ביטאָג. מיין באַלעבאָס פֿאָרט ערשט צוריק אין דאָרף — פֿאַרנאַכט; איך האָב נאָך אַ פּאָר פֿרייע שעה, בין איך אַוועק צוריק צו יכנה"ן מיטן גאַנצן פּעקל... געטראָפֿן אים ווידער אינדערהיים, בינד איך אויף דאָס פּעקעלע און, ווייזנדיק אים אַן עקזעמפּלאַר, זאָג איך דערוויייל פֿאַר אים אויס מיין צער פֿון דעם געענדערטן נאָמען; איך גרייט אים צו.

ער נעמט עס ניט אַזוי ערנסט, ווי איך, הגם אויך אים געפֿעלט ניט אַזאַ נאָמען. פֿונדעסטוועגן — אַ ביכעלע אַלס מתּנה גיב איך אים און נאָך מיט אַן אויפֿשריפֿט:

„לכבוד הסופר הנעלה... י. נ. הכּהן גאָלדבערג, המכונה יכנה"ז... מאת מוקירו ומכבדו כּערכּו הרם המחבר...

יכנה"ז דערזעט אַזאַ טיטל, ווערט ער שוין נאָך ווייכער און גיט מיר דערפֿאַר זיין וואָרט, אַז ער וועט דאָס ביכל איבערלייענען פֿון אָנהייב ביזן סוף...

מיט די איבעריקע לאָז איך זיך צו מיינע חברים אין תּלמוד-תּורה-שול. איך דערצייל זיי פֿאָראויס, איך בין זיי מכין צום „אומגליק", וואָס עס האָט געטראָפֿן מיטן נאָמען. זיי לאַכן גוטמוטיק, אָבער די מתּנה מיט די אויפֿשריפֿטן צו יעדן באַזונדער — שוין אויף יידיש — נעמען זיי אָן... איינער פֿון זיי, יודל סלעפּיאַן, דער אמתער קריטיקער, לעזט דורך דעם פֿאָרוואָרט, וואָס די דערציילונג האָט געהאַט. איך פֿיל מיך אומבאַקוועם, די הקדמה איז געשריבן אין שמ"רס גייסט — און בכלל ווי קומט אַ הקדמה צו אַ דערציילונג; איך בין שוין אין דער צייט, וואָס דאָס ביכל איז געלעגן ביים פֿאַרלעגער, אַליין אַזוי ווייט אַוועק אין ליטעראַרישער דערציונג, אַז איך ווייס שוין, אַז אַ הקדמה צו בעלעטריסטיק איז ניט מאָדערן... אָבער סלעפּיאַנען געפֿעלט די הקדמה דווקא יאָ... „זייער וויציק" — לויבט ער. ווערט מיר שוין גרינגער. אַ צווייטער חבר, שילער, דאַכט זיך, קוקט אַריין דערוויילע אינעווייניק, געפֿינט

אַ געלונגענעם דיאַלאָג צווישן די העלדן, און לויבט אויך, אַ שמייכלענדיקער...

זעגן איך זיך אָפּ מיט זיי און גיי שוין אַוועק אַ פריילעכער: אפשר וועל איך נאָך האָבן נחת אויך פון אָט דעם ערשטן יינגלישן ווערקל...

און איך לאָז זיך גיין צו מיין באַלעבאָס אַכסניא.

מיין באַלעבאָס, וועלכער איז שוין גרייט באַלד צו פאָרן, נעמט אויף מיין ביכעלע אויך מיט אָנערקענונג. פאַר אים איז גענוג אַ געדרוקט ביכעלע אַליין. ער קען עס גאָרניט באַגרייפן — אַזוי יונג און שוין אַן „אַוטאָר"... ער פאַראינטערעסירט זיך שטאַרק מיט דער גרויסער צאָל עקזעמפּלאַרן, וואָס איך האָב געקראָגן: 250, און ער באַטראַכט מיך שוין מיט מער רעספּעקט ווי פריער...

דאַרף איך שוין צוריק צו פוס ניט גיין. ער מאַכט פאַר מיר אויפן וואָגן, וואָס איז אָנגעלייגט מיט אַלערליי סחורות, וואָס ער האָט איינגעקויפט פאַר דעם היימישן, דאָרפישן געברויך — אַ באַקוועמען פּלאַץ.

און איך פאָר „אַהיים", צוריק אין דאָרף, מיט אַ פּעקל ליטעראַרישע סחורה, ערשט פון ווילנע...

אויף מאָרגן, פריי געוואָרן פון לערנען מיט די צוויי קינדער — נעם איך זיך ווידער צום פּעקל... איך צייל אָפּ אַ צאָל עקזעמפּלאַרן, שרייב אָן אויפשריפטן אויף די צווייטע זייטן פון שער צו מיינע קאָדענאָווער פאָר חברים, פריינד און קרובים — אַזוי ביי אַ צוואַנציק אין צאָל — און מאַך אַליין באַנדראָלן, שרייב אויף די אַדרעסן, און מיין באַלעבאָס, געריהרט פון אַזאַ הייליקער אַרבעט, פאָרט אַליין מיט מיר צו אין „וואָלאָסט", וואו עס איז דאָ אַ פּאָסט צו קויפן מאַרקעס, און איך שיק זיי אַוועק. אמת, דער נאָמען איז אַ שרייענדיקער, אַן אומעסטעטישער. אויך אין דער דערציילונג גופא האָט דער פאַרלעגער געענדערט אַ פּאָר שטעלן, דאָס פנים פון דער מיאוסער כלה — די העלדין פון דער דערציילונג אינגאַנצן פאַרקריפּלט — אָבער נאָכדעם, ווי איך האָב עס דורכגעלייענט, האָב איך פאָרט געהאָפט, אַז די דערציילונג וועט אַדאַנק איר אינהאַלט אפשר האָבן אַן ערפאָלג ביי מיינע ניט-איבערקליי-

בערישע לעזער, פריינד און קרובים אין קאָידענאָוו, הגם צווישן די, וואָס איך האָב געשיקט אַלס מתנה דאָס ביכעלע, איז אויך געווען דעם גבירס יינגערע טאָכטער, פאַניע יאָסעליעוו, וועלכע האָט האָט שוין געלעזן, — ווי איך האָב דערמאָנט אין דעם פריערדיקן קאַפּיטל — איסער נאַדסאָנען, אויך טורגעניעוון און די בעסטע רוסישע קלאַסיקער.

ווי גוט מיין באַלעבאָס איז צו מיר ניט געווען, איבערהויפּט נאָך דער ערשיינונג פון מיין „ווערקל“, איז ער אָבער געוואָרן אינגאַנצן אומגעביטן, ווען אין עטלעכע וואָכן אַרום בין איך קראַנק געוואָרן פון אַ בים אין האַנט, וואָס איך האָב באַקומען, קענטיק, פון אַ גיפטיקער פליג...

כ׳האָב שוין ניט געקענט לערנען מיט די קינדער זיינע... און בכלל אַ פרעמדער אין אַ הויז, וואָס קרעכצט־צו פאַר גרויס ווייטאָג, איז ניט שטאַרק אָנגעלייגט... דערזען, אַז דאָ אין דאָרף איז אַ געפאַר צו בלייבן, בין איך אַוועקגעפאָרן פון דאָרף... מיין שכר־לימוד פאַר די דריי מאָנאַטן צייט האָב איך שוין, צו ביסלעך, אָפּגענומען, אַזוי אַז ער האָט מיר געגעבן בלויז פינף־און־צוואַנציק קאָפּיקעס צו באַצאָלן דעם פויער פאַר דער פור, וואָס האָט געדאַרפט אָנטרעפן פונקט אַזוי פיל...

אין מינסק בין איך אַראָפּ אָן אַ גראָשן מזומן געלט. האָב איך פאַרקויפט אַ פאַקנטרעגער אַ צוויי הונדערט עקזעמפּלאַרן, אָפּגעלייזט אַ רובל און ניט געוואוסט וואָס ווייטער צו טאָן...

איך בין אַוועק צו יכנה׳ן דערציילן אים די טרויעריקע לאַגע... ער האָט זיך שוין ניט געוויצלט, נאָר גאַנץ ערנסט געראָטן מיר צו פאָרן צוריק קיין קאָידענאָוו. און אויף מאָרגן בין איך מיט אַ קאָידענאָווער בעל־עגלה געפאָרן צוריק אַהיים...

מיין פאָטער איז שוין געווען אין זשיטאָמיר, מיינע צוויי ברידערלעך נאָך אַליץ ביי מיין שוועסטער אין מאָהילנע. אין קאָידענאָוו איז בלויז געבליבן מיין שוועסטערל שרה־בתיה, וועלכע האָט זיך אויפגעהאַלטן ביי איינעם פון די זיידעס.

אָבער אינדערהיים ווערט מען ניט פאַרלאָרן. איך בין ווידער געווען אַ גאַסט, בפרט, אַז די ביכעלעך, וואָס איך האָב אַריינגעשיקט

אין קאָידענאָוו צו די פריינד, האָט אָנגעמאַכט אַ גרויסן רושם. דער אומעסטעטישער טיטל „אַ כפּרה דער נאָז, אַבי אַ גאָלדענער זייגער", וואָס מיר האָט אַזוי געאַרט, האָט קענטיק געווירקט באַר־קערט — ער האָט סיי דאָס ביכל און סיי מיך אַליין נאָך פּאָפּולערער און באַליבטער געמאַכט.

באַגעגענענדיק זיך אין גאַס, אויף מאָרגן נאָך מיין קומען אַהיים, מיט פאַניע יאָסעליעוו, וועלכע איז פאַר דער צייט נאָך שענער און אָנציענדער געוואָרן, האָב איך, זיך שעמענדיק צו ווייזן פאַר איר, מיט מיין קראַנקער האַנט, וואָס איז געהאַנגען אויף אַ באַנד, ניט געוואָלט אַפילו אָפּשטעלן זיך צו באַגריסן. זי אָבער איז מיט אַ שטראַלנדיקן געזיכט מיר אַנטקעגנגעלאָפן, אויסגעצויגן איר האַנט און געדריקט מיין רעכטע — געזונטע — האַנט און אויסגעזונגען:

— ווען איך שעם זיך ניט, וואָלט איך אַייך פאַר אַייער בי־כעלע געקושט... איר האָט זיך אָנגענומען פאַר דעם כבוד פון די יידישע טעכטער... — האָט זי אויפגעפלאַמט — אַ וואונדערלעכע קריטיק אויף אונזערע „בחורים:"

דאָס איז פאַר מיר געווען די אַיינגענעמסטע מיינונג. אויך ביי מיינע קרובים פון די זיידעס ביז די מומעס און קוזינעס, אַפילו ביי מיין פעטער הירש דעם למדן, האָט מיין ביכעלע אויסגענומען, און זיין ווייב, די מומע רעליע, האָט מיך געלאַדן צו זיין ביי זיי און עסן און טרינקען, ביז איך וועל געזונט ווערן. די טעמע פון דער דערציילונג האָט אינטערעסירט מיין פעטער הירש צוליב די עטלעכע טעכטער, וואָס ער האָט פאַרמעגט אויף חתונה צו מאַכן...

און דער פעלדשער פון אונזער גאַס, אָשעראָווסקי, הגם ניט קיין געבוירענער פון קאָידענאָוו, נאָר אַריינגעפאָרן אַהינצו אַלס יונגער־מאַן, אָבער אַ גוטמוטיקער און פריינדלעכער מענטש, וואָס איז געווען אונזער לייב־פעלדשער אין די צייטן ווען מיין מוטער האָט גע־לעבט — האָט שוין אויך אַלס פאַרערער זיך אונטערגענומען אויס־צוהיילן מיר די האַנט אין גאָר אַ קורצער צייט.

פאַרדראָס האָב איך בלויז געהאַט פון אַ שכן אַ יונגערמאַן, וועלכער איז אַ לאַנגע צייט געשטאַנען אין שידוכים און האָט אין

מיין דערציילונג געפונען רמזים אויף די פילע שידוכים, וואָס ער לאָזט אָפּ און פאַרשאַפט דערמיט אַזוי פיל צער זיינע אָפּגעלאָזטע כלות — צוליב נדן... — האָב איך אים פאַרזיכערט, אַז חלילה, ניט אים האָב איך געמיינט, אַז זיין ווייבל — ער האָט ענדלעך חתונה געהאַט — איז דאָך אַ שיינהייט, און אַז ער אַליין איז אַן איידעלער, בשעת ווען די העלדן זיינען גאָר אַנדערע... און אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, ביז ער האָט מיר אויסגעצויגן די האַנט צו פרידן און געקלאַפּט מיר אין פּלייצע און שוין אַ באַרויִקטער און אַ דערפרייטער אויסגערופן:

— אָבער אַ קעפּעלע, אברהמל, האָסטו שוין אַ טייערע... וואו נעמט זיך עס ביי דיר?... און אָנשטאָט צו באַליידיקן זיך אויף מיר, האָט ער שוין געכאַפּט גרויס התפעלות פון מיין „טאַלאַנט“...

און איך האָב זיך שוין געפונען אַרומגערינגלט פון ליטער פריינד און פאַרערער אין אַ היימישער סביבה...

---

# זיבעטער קאַפּיטל

דער פּראָספּעקט „קול מבשר". — מיין ערשטער בריוו צו שלום-עליכמען. — זיין ענטפער. — דער צווייטער באַנד פּרצעס „ביבליאָטעק". — איך שרייב זי אויס און באַקום אַ גרויסן ראַבאַט. — מיין אַנטציקונג. — מיינע ווייטערדיקע לידער. — פּרץ איז מיך חושד שיר ניט אין פּלאַגיאַט. — מיין אומשולד. — שלום-עליכמס ווייטערע בריוו. — מיין פעטער הירש דער למדן אַלס פילאָסאָפישער שרייבער. — דער סיורפּריז. — איך ווער אין אַ צייט אַרום מיטאַרבעטער אַזש אין אַ פילאַדעלפיער יידישער צייטונג. — איך גיי „דינען".

דאָס איז שוין געווען סוף זומער 1892. נאָך מיין „דורכפאַל" אַלס לערער אין דאָרף בין איך שוין געבליבן אין קאָידענאָוו. געוואוינט איינער אַליין אין אונזער שטיבל און געזוכט טעטיקייט. געקומען אין קאָידענאָוו אינמיטן זומער, האָב איך שוין קיין „שטונדן" אין שטעטל ניט געזוכט. ווי אַזוי איך האָב דאָך „עקזיסטירט", געדענק איך איצט ניט, וואַרשיינלעך איז די עקזיסטענץ ניט געווען אַזאַ געהויבענע. מעגלעך, אַז מיין זיידע משה און מיין באָבע שולקע — מיין טאַטעס עלטערן — האָבן מיך געשטיצט. פאַרט די רייכע אין דער משפּחה געווען; ווער רעדט, — אַז זייער זון — מיין טאַטע — איז שוין געווען פאַרוואָרפן אין דער פרעמד... אַמאָל פלעג איך גיין צום זיידן פּסח, מיין מוטערס טאַטע, וואָס האָט געוואוינט אין עק שטעטל, און דאָרטן, אויפן „שוים פון דער נאַטור", פאַרבראַכט אַ פּאָר טעג. געהונגערט האָב איך, חלילה, ניט. מיין פעטער הירש דער למדן, הגם אַליין אָפּהענגיק פון די גנאָדן פון זיין רייכן טאַטער, מיין זיידן משה, האָט דאָך לפנים-וועגן געלערנט עטלעכע שעה אַ טאָג גמרא מיט שוין דערוואַקסענע יינגלעך פון די שענסטע און רייכסטע באַלעבאַטים און האָט אויך געהאַט דאָס רעכט צו לאַדן מיך אַלס זיין גאַסט. אויף אַזאַ'ן אופן האָב איך זיך, הייסט עס, אומגעשטערט געקענט „פאַר-נעמען" מיט מיינע ליטעראַרישע און פּאָעטישע פּלענער...

אין קאָידענאָוו איז שוין געווען אַ ביבליאָטעק פון רוסישע און העברעיִשע ביכער, וואָס עס האָט געהאַלטן אַ יונגערמאַן אַ משכיל, אַן איידעם פון אַ שטעטלשן באַלעבאָס. יידישע ביכער האָט ער שוין געהאַט ווייניקער. ראָמאַנען האַלטן האָט אים אַלס משכיל ניט געפּאַסט און צו די בעסערע יידישע ביכער האָט ער, קענטיק, ניט געוואוסט דעם וועג, ווי אַזוי צו באַקומען זיי.

האָב איך געבענקט נאָך אַ נייעם יידישן העכערן בוך. פאַלט מיין בליק ווידער אין דער „הצפירה“ אויף אַן אַנאָנס, געשריבן אין יידיש און פון שלום-עליכמען אַליין, וואָס איז מיר שוין טייער געוואָרן פאַר זיינע צוויי בענד „יודישע פאָלקסביבליאָטעק“, וועלכע כ׳האָב פאַר די צוויי יאָר אָפּט געלייענט און בין געווען באַהאַוונט אין זיי, ווי אַ למדן אין ש״ס... די אַנאָנס דערציילט, אַז שלום-עליכם איז אין אָדעס און דער דריטער באַנד „יודישע פאָלקסביבליאָטעק“ וועט אינגיכן ערשיינען. דערווייל איז אָבער ערשינען „קול-מבשר“ — דאָס הייסט, „אַ שטים, וואָס זאָגט אָן“... פּרייז 25 קאָפּיקעס.

נאַטירלעך באַשליס איך גלייך אויסצושרייבן עס. אום אויסצושלאָגן די „הוצאות“, שיק איך שוין אויך אַוועק אַ פינף-זעקס לידער, פון די-יעניקע, וואָס האָבן שוין געהאַט פערזנמאָס און וואוילקלאַנג און אַפילו אַ ריימערן אינהאַלט... די פינף-און-צוואַנציק קאָפּיקעס שיק איך אים אין מאַרקעס, ווי עס איז אָנגעוויזן אין דעם אַנאָנס אין „הצפירה“, בין זייער פאָרזיכטיק, אַז זיי זאָלן זיך ניט צוקלעפּן איינע צו דער אַנדערער, און דאָס בריוועלע אַליין שרייב איך מיט גרויס פאָרזיכטיקייט און יראת-הכבוד, ווייל הגם שלום-עליכם איז טאַקע אַ הומאָריסט, האָב איך אָבער אַפילו דעמאָלט געוואוסט און אפשר מער געפילט, ווי גרויס און וויכטיק איז זיין פערזענלעכקייט. אָפּגעהיט די אָרטאָגראַפיע, לויט די כּללים, ווי ער האָט געלערנט טאַקע אין איינעם פון זיינע אַרטיקלען וועגן יידיש אין דער „יודישער פאָלקסביבליאָטעק“ — און האָב אָנגעהויבן וואַרטן...

אַז דאָס העפט „קול מבשר“ וועט אָנקומען, בין איך אַוודאי געווען זיכער. דאָס קומט דאָך מיר פאַר די 25 קאָפּיקעס, וואָס

איך האָב געשיקט אין מאַרקעס. סיידן דער בריווטרעגער וועט אַרויסנעמען די מאַרקעס פון קאָנווערט. אַזוינס האָט טאַקע געטראָפן מיט איין בריווטרעגער, וואָס פלעגט אויך שטעמפלען די אָוועקגעשיקטע בריוו, און אמת, ער האָט פאַרלאָרן זיין שטעל און אַ לאַנגע צייט נאָכדעם איז ער, אַ הויכער, מאָגערער שייגעץ, אַרומגעגאַנגען אין אונזער גאַס אַ פאַרשעמטער, אין דעם זעלבן היטל, פון בלויען געוואַנט, אָבער אָן אַ קאָקאַרדע...

אָבער גאָט האָט געהאָלפן. מיין בריוו מיט די מאַרקעס, מיט די לידער איז אָנגעקומען ריכטיק. אין אַכט טעג אַרום, — פאַרגעסט ניט אין יענער צייט אָדעס! — איז מיר אָנגעקומען דער „קול-מבשר“, שיין אַיינגעוויקלט אין אַ באַנדעראָל פון קאָלירטן פאַפיר און איבערגעבונדן מיט אַ פיין שנירעלע — וואו האָט מען ביי אונז געזען אַזעלכע שנירעלעך? — און דער „קול מבשר“ אַליין, אַ 32 זייטן, גרויסער פאָרמאַט, אויף אַ וואונדערלעכן ראָזן פאַפיר, מיט כל-טוב. אמת, אַלץ פון שלום-עליכמען, און אַפילו די פאָר אַרטיקלען מיט פסעוודאָנימען — אויך פון שלום-עליכמען. איך בין שוין אין יענער צייט געווען באַהאַוונט אין אַלע פסעוודאָנימען — דאָס האָב איך געהאַט צו פאַרדאַנקען יכנה"זן, וועלכער האָט מיר נאָך פריער אַנטפלעקט די פסעוודאָנימען פון אַלע שרייבער אין יענער צייט...

— ווייסט, אברהם, ווער „אזוב“ איז? יל"ג — גאָרדאָן... און ווייסטו ווער „בוקי בן יגלי“ איז? — ד"ר קאַצענעלענסאָן... און ווייסטו ווער חז"ס איז און ווייסטו ווער נ"ס איז?...

אַ למדן אין פסעוודאָנימען — האָב איך שוין געוואוסט, אַז שולמית איז שלום-עליכם און „ביכער-פרעסער“ איז שלום-עליכם און די אַנדערע פסעוודאָנימען איז שלום-עליכם.

דער „קול מבשר“ איז כלומרשט געווען אַ פראָספעקט, אַן אָנזאָג וועגן דער ערשיינונג פון דריטן באַנד „יודישע פאָלקסביבליאָטעק“. דאָרט האָט זיך שלום-עליכם באַקלאָגט אויף י. ל. פרצן, וועלכער האָט מסיג-גבול געווען און אַרויסגעגעבן די „יודישע ביבליאָטעק“, כדי צו פאַרפירן די לעזער, מען זאָל מיינען, אַז דאָס איז שלום-עליכמס, און צום סוף געטרייסט די לעזער, אַז זיי זאָלן

ניט זאָרגן — דער דריטער „טאָם“ פון דער אמתער „יודישער פאָלקסביבליאָטעק“ (און ניט די „יודישע ביבליאָטעק“, ווי פּרץ האָט זיינע זאַמלביכער באַטיטלט) וועט אינגיכן ערשיינען. און אויסגע־רעכנט זיינען געווען די אַלע גרויסע — אין יענער צייט — שרייבער, מיטאַרבעטער, צווישן זיי אויך פרוג...

איז דאָס אַוודאי געווען פאַר מיר אַ גוטע בשורה. כאָטש איך אַליין האָב שוין פאַרמעגט מיין „אייגנס“ אַ לידעלע, ווי שוין באַקאַנט, אין פּרצעס ערשטן באַנד „ביבליאָטעק“, אָבער שלום־עליכמס „ביבליאָטעקן“ זיינען מיר נאָך אַלץ געווען טייער, אויב נישט נאָך טייערער, אפשר טאַקע צוליב פּרצעס „מאָניש“ אין שלום־עליכמס ערשטן באַנד, וואָס האָט מיך אַזוי אַנטציקט, און „ווענוס און שולמית“, און „דער כעלמער מלמד“ אין דעם צווייטן באַנד, וואָס זיינען מיר אויך שטאַרק געפעלן געוואָרן.

דערצו איז אין דעם „קול מבשר“ געווען געדרוקט אַ פראַג־מענט פון אַ גרעסערן ווערק „לאָנדאָן“, אַ דערציילונג אין בריוו, וואו דער העלד איז שוין געווען דער שפּעטער באַרימט געוואָרע־נער מנחם־מענדל... דער פרישער, האַרציקער הומאָר האָט מיך אַזוי אַנטציקט, אַז איך האָב פאַרגעסן מיינע אַלע דאַמאָלסטיקע קליינלעכע זאָרגן...

פאַרדראָסן האָט מיך אָבער, וואָס אין זעלביקן „קול מבשר“, אויפן פיינעם ראָזן פאַפּיר, האָט זיך אויך געפונען אַ פאַרניכטנ־דיקע קריטיק אויף פּרצעס צוויי קליינע פּאָעמען, וואָס זיינען אין דעם זעלביקן זומער ערשינען אין אַ בראָשור־פאָרם און וועלכע זיינען מיר אַליין שטאַרק געפעלן געוואָרן.

און די לופט איז פול מיט זיפצן,
פול מיט שטיקנדיקע טרערן...

אָבער ווען דאָס מיידל — דערציילט ווייטער דאָס ליד — זיצט ביים פּיאַנע און שפּילט, פאַרגעסט דער דיכטער אַלע ליידן פון דער וועלט...

און די גלעקלעך קלינגען, קלינגען...

האָט טאַקע דער „ביכער=פרעסער“ — שלום=עליכם, שטאַרק חוזק געמאַכט פון די דאָזיקע גלעקלעך, און מיר האָט זייער ווי געטאָן, וואָס ער פאַרטשעפּעט מיין פּרצן, מיין שטרענגן, אָבער גרויסן לערער, וועלכן איך בין שוין דעמאָלסט פיל דאַנק שולדיק געווען...

אָבער דער פאַרדראָס האָט זיך אויסגעקויפט מיט דעם בריוו, וואָס איז אין דער זעלבער צייט מיר אָנגעקומען פון שלום=עליכמען — אַן ענטפער אויף מיינע לידער... דער בריוו, אמת, איז געווען קורץ, אויף יעדן ליד אַ פּאָר גוטע ווערטער (וועגן איין ליד, געדענק איך, איז געווען די מיינונג — „זייער גוט“...), דער טאָן פון בריוו איז אָבער געווען אַן איינגעהאַלטענער; אין פאַרגלייך מיט די שפּעטערדיקע בריוו איז דאָס, קען מען זאָגן, געווען אַ קאַלטער.

מיך אָבער האָט דער בריוו דערוואַרעמט... אַ בריוו פון שלום=עליכמען אַליין איז שוין אַ זיג, אַ טריומף... אַזוי האָט מיר דערקלערט איינער פון מיינע דעמאָלסטיקע נייע חברים אין קאָידענאָוו. האָט גאָט געהאָלפן און איך האָב אין יענע טעג אָנגעשריבן אַ לידעלע „מיין מוזע“...

„כ'וויל זיך מיט מיין מוזע גטן“...

נישט מער און נישט ווייניקער...

און מיט נאָך אַ פּאָר אַנדערע לידער עס אַוועקגעשיקט שלום=עליכמען און געוואַרט גאַנצע אַכט טעג. אָדעס איז ניט וואַרשע — פון פּרצן פון וואַרשע איז אַן ענטפער — אויב ער האָט געענטפערט — אָנגעקומען אויפן פערטן טאָג.

אויפן אַכטן טאָג — אַ פּאָסטקאַרטל.

„מיין ליבער אברהם רייזען!

„אייער ליד „כ'וויל זיך מיט מיין מוזע גטן“ האָט מיך שטאַרק אַנטציקט. עס וועט אַריינגיין אין דעם דריטן „טאָם“ „יודישע פאָלקס=ביבליאָטעק“... און ווי קליין דאָס קאַרטל איז געווען, איז עס געווען אָנגעשאָטן מיט קאָמפּלימענטן, מיט די פּערלדיקע שלום=עליכמדיקע אותיות, און מיט זיין שפּילעוודיק פאַרצוקטער אונטערשריפט „שלום=עליכם“, וואָס האָט אויסגעזען, ווי אַ קונציקע ביקס...

מיין דאַמאָלסטיקע פרייד ווינטש איך אַלע יונגע פּאָעטן פון היינטיקן דור, וואָס האָבן — נעבעך — ניט קיין שלום-עליכמען, און וואָס עס פעלט זיי דער גלויבן אין אויטאָריטעט בכלל...

דערצו די פּערספּעקטיווע — „אַריינפאַלן" מיט אַ ליד אין „דער „יודישער פאָלקסביבליאָטעק", וואו עס האָבן זיך געדרוקט בלויז אָנערקענטע, באַריכטע, גדולים... אין איין משפחה מיט פרוג, פרישמאַן, י. ל. גאָרדאָן, יהל"ל, מענדעלע מוכר-ספרים, יעקב דינע-זאָן — דאָס האָט שוין באַטייט דער גרעסטער יחוס...

ווייז איך דאָס בריוול מיינע נעענטערע חברים (חיים-יודע מערלים איז שוין אַוועקגעפאָרן קיין דייטשלאַנד ענדיקן שטודירן), וואָס האָבן אַ חוש פאַר אַזעלכע גליקן, און זיי פרייען זיך מיט מיר... מיין פעטער הירש דער למדן, וואָס איז שוין אין דער צייט פון יכנה"זם וואוינען אין זיין הויז געוואָרן אויך אַן אָנהענגער פון דער יידישער ליטעראַטור, איז אויך זייער צופרידן. און עס ווייזט זיך אַרויס, אַז ער אַליין שרייבט אויך עפּעס, אמת, אויף לשון-קודש. אַ פאַרשטעמטער נעמט ער אַרויס פון זיין טישקעסטעלע — ער האָט געהאַט אין הויז אַ באַזונדער קליין, געפאַרבט טישעלע, אַ מין שטענדער, ביי וועלכן ער פלעגט זיצן אין די אָוונטן, און נעבט אפילו, און לערנען זיינע ספרים — נעמט ער אַרויס פון זיין טיש-קעסטעלע עטלעכע צעוואָרפענע פערטלעך פון אַ בויגן פּאַפּיר און לייענט מיר פאָר. דאָס זיינען געווען חקירה-אַרטיקלען וועגן מענטש און לעבן. קוים וואָס איך געדענק זייער אינהאַלט, אָבער געקלונגען האָט אין זיי אַ טרויעריקע נאָטע, גלויבן געמישט מיט יאוש, גע-ווירצט מיט פסוקים פון קהלת...

אַז דער פעטער הירש האָט געענדיקט, האָב איך אויף אים גרויס רחמנות געקראָגן. ווער זאָל טראַכטן, אַז מיין פעטער דער למדן זאָל האָבן אַזעלכע מחשבות... אַבי איך האָב געמיינט, אַז ער איז זיכער.

האָב איך שוין פאַרשטאַנען, פאַרוואָס מיין פעטער האָט טאַקע יענעם זומער פאַר די לעצטע געלט אויסגעשריבן פון וואַרשע אַ העברעיִשן ספר: „חיי עולם הבא על-פי דרך הטבע", וואָס גע-שריבן האָט עס אַ גלח און מיכל וועבער האָט עס מעתיק געווען

אויף לשון-קודש. דער ספר האָט באַהאַנדלט די פראַגע פון השאָרת-הנפש. „פעדאָן“ פון פּלאַטאָן, אין משה מענדעלסאָנס איבערזעצונג, האָט מיין פעטער שוין לאַנג געהאַט צווישן זיינע חקירה-ספרים, און אויך אין „פעדאָן“ פון צייט צו צייט אַריינגעקוקט און געזוכט באַשטעטיקונג צו זיין אמונה...

אָבער דער פעטער כאַפּט זיך, אַז עס פּאַסט ניט צו פיל זיך אַרויסצוגעבן, איז נאָכן לייענען זיינע פאַרשריבענע בלעטלעך רופט ער זיך אָן:

— נאַרישקייטן...

— ניין, ניין, האָב איך אים געטרייסט, — זייער שיינע געדאַנקען... איר דאַרפט דאָס זען שיקן אָפּדרוקן אין „האָסיף“...

— גיי שוין, גיי, נאַרעלע... ניט מען וועט עס דרוקן, ניט איך וועל עס שיקן — דאָס איז אַן ענין פאַר דיר, ניט פאַר מיר... אָט אַמאָל, אַז עס פאַלט עפּעס אַריין שפּעט ביינאַכט אין קאָפּ, און שלאָפן ווילט זיך ניט און מען קען ניט סיי-ווי איינשלאָפן, איז שרייב איך עס אָן... אָבער שיקן עס? גאָט זאָל אויסהיטן...

דער פעטער הירש דער למדן דערשרעקט זיך אַזש פאַרן געדאַנק אַליין.

מיר אָבער גיט ער צו מוט:

— דו ביסט עפּעס אַנדערש... און דו „קענסט“ טאַקע...

* *
*

האָבנדיק אַזאַ דערמוטיקונג פון שלום-עליכמען, שיק איך שוין אַוועק אויך פּרצן אַ צאָל לידער. אין דער זעלבער צייט איז שוין אויך אַרויס פון פּרצעס די צווייטע „יודישע ביבליאָטעק“. מיינס איז דאָרט גאָר נישטאָ, ווי איך געפין אויס פון דער אַנאָנס אין דער „הצפירה“, וואו דאָס גאַנצע אינהאַלטספאַרצייכעניש איז געדרוקט— אָבער אַזוי ענגהאַרציק בין איך נאָך ניט (אַפילו איצטער!). מיינס איז דאָרט טאַקע גאָר נישטאָ, אָבער פון פּרצן אַליין — צענדלינגער לידער, דערציילונגען און פעליעטאָנען. היינט פון יהואָשן, וועמעס ערשטע לידער עס האָבן מיך אַנטציקט אין דער ערשטער „ביבליאָטעק“, וואו איך אַליין האָב זוכה געווען צו האָבן אַ לידעלע, —

פון יהואָשן איז דאָ אַ גרויסע צאָל... די איבעריקע מיטאַרבעטער זיינען אַפילו פאַר מיר אומבאַקאַנט, אָבער די זאַכן פון די אומ־באַקאַנטע אין יענער צייט האָבן אויך געוועקט נייגער...

ווי באַקומט מען אָבער אָט דעם אוצר?... און דער פּרייז איז מיט פּאָרטאָ אַ גאַנצער רובל מיט פופציק קאָפּיקעס; מיט שיקן עס אַלס געלט־פּאַקעט קען עס אָנטרעפן אַ 2 רובל...

איז אין דעם בריוו מיט די לידער, וואָס איך שיק — נאָך אַ צייט, וואָס איך האָב אויפגעהערט צו שיקן — שרייב איך צו, אַז איך וואָלט זייער און זייער געוואָלט לייענען די צווייטע „ביבליאָטעק" און אויב ס'איז מעגלעך מיר צו לאָזן ביליגער (מען זאָל מיר שיקן אומזיסט — האָב איך ניט געוואַגט צו אָנמוטן...), וואָלט איך זייער דאַנקבאַר געווען...

פּרעצעס ענטפער איז שוין געווען גאָר אַ פריינדלעכער. פון איין ליד, „אַ האָר פון באָרד", איז ער אַזש באַגייסטערט. נישט־מער, ער גלייבט ניט, אַז עס איז מיינס... איך זאָל אים שרייבן, בעט ער מיך, דעם אמת — וואו האָב איך עס גענומען...

האָב איך זיך געפילט אי באַליידיקט אי געהויבן. באַליידיקט — ער איז מיך חושד אין גנבה (פון הויכן וואָרט „פּלאַגיאַט" האָב איך נאָך דעמאָלט ניט געוואוסט, — עס האָט פּשוט געהייסן גע־גנבעט...); פון דער צווייטער זייט געהויבן, ווייל איך ווייס דאָך, אַז איך האָב עס ניט געגנבעט, חלילה — ס'איז מיין אייגענער איינפאַל: איך האָב אַמאָל אַ בלעטער געטאָן אַ ספר אין בית־מדרש, האָב איך דאָרט געפונען אַ האָר פון אַ באָרד, ווי דער שטייגער איז געווען פון אַמאָליקע לומדים — ביים לערנען צופּן די באָרד און די האָר אַריינלייגן אין גמרא...

האָב איך זיך איינמאָל פאַרטראַכט: ווער האָט עס געקענט אויסרייסן און אַריינלייגן זי דאָ אין דער גמרא, און איך האָב אָנ־געשריבן:

„כ'האָב אין קלויזל אין אַ ספר
פון אַ באָרד אַ האָר געפונען;
און ווער איז זי, ווער? — די שאלה
גייט מיר ניט אַרויס פון זינען.

„ווער האָט זי פאָרט אויסגעריסן<br>און אַוועקגעלייגט אַהער?<br>צי אַ בטלן, ווען די סוגיא<br>איז אים צוגעגאַנגען שווער?

„אפשר איז זי פון אַ פּרוש,<br>לאַנג נישט אין דער היים געווען,<br>און עס כאַפּט אים אָן אַ ווייטאָג,<br>וואָס ער קען זיין ווייב ניט זען?

„אָדער אַ ישיבה־בחור<br>האָט דעם טאָג ניט אָנגעביסן,<br>און ווען ס'האָט געדריקט דער הונגער<br>האָט ער דאַן זי אויסגעריסן"...

ווי איר זעט, ניט אַזאַ מייסטערווערק. אָבער פּרץ איז עס געפעלן זייער שטאַרק, אַז ער דאָט מיר אַזש חושד געווען, אַז עס איז פון ערגעץ גענומען.

נאַטירלעך האָב איך זיך פאַרטיידיקט, שיר ניט געשוואוירן אין מיין בריוו, אַז עס איז אינגאַנצן מיינס, אייגנס...

איז דאַכט זיך גוט, פונדעסטוועגן אַז עס איז אין אַ פּאָר יאָר אַרויס זיין זאַמלבוך „ליטעראַטור און לעבן", האָב איך דאָס ליד געפונען אָפּגעדרוקט מיט אַן אונטערקעפּל „טראַוועסטירט פון פּושקין"... קוים מיט צרות דערגאַנגען וואָס עס מיינט...

האָב איך זיך דעמאָלט אַ נעם געטאָן און דורכגעלייענט גאַנץ פּושקין און ענדלעך געפונען אַ רמז אויף מיין ליד. ביי פּושקינען איז, געמלעך, דאָ אַ ליד וועגן אַ פאַרדאַרט בלימל, וואָס ער געפינט אין אַ בוך, און פרעגט, ווער האָט דאָס בלימעלע דאָ אַוועקגעלייגט...

אַ סמיכות־הפרשה! — האָב איך דאַן געחוזקט... — און פונדעסטוועגן פּרצן מוחל געווען. מיין ליד האָב איך אָנגעשריבן, איידער איך האָב פּושקינס ליד געלייענט; איבעריקנס וועל איך איצט ניט שווערן דערויף.

געליבט האָט אויך פּרץ מיינע אַנדערע לידער, וואָס איך האָב דעמאָלט אים געשיקט. בכלל האָט ער זיך באַצויגן אין יענעם בריוו צו מיר שוין ווי צו אַן אייגענעם... אויף מיין בקשה צו שיקן מיר פאַר אַ ביליגערן פּרייז די צווייטע „יודישע ביבליאָטעק"

ענטפֿערט ער מיר, אַז ער וואָלט מיר עס געשיקט אַלס מתּנה, נאָר ער אַליין האָט ניט קיין רעכט, אָבער — אַוודאי, מיר אַלס מיטאַרבעטער פֿון דער ערשטער „ביבליאָטעק“ וועט ער זען, מען זאָל אַרויסשיקן פֿאַר 75 קאָפּיקעס, שוין מיט פּאָרטאָ — אויף קאָסט־פּרייז, הייסט עס... נאַטירלעך האָב איך גלייך באַקומען אָט די קליינע סומע און עס באַלד אַוועקגעשיקט מיט אַ בריוו און צוגעלייגט נאָך איניקע לידער, צווישן וועלכע עס איז געווען דאָס ליד „הבדלה“ (אַמאָליקע מאָטיוון!)... פּרץ איז, אין זיין שנעלן ענטפֿער, זייער שטאַרק געפֿעלן געוואָרן דערפֿון איניקע פֿערזן. ער האָט זיי אין זיין בריוו ציטירט מיט באַזונדער הנאה. זעענדיק מיינע פֿערזן איבערגעשריבן אין פּרצעס האַנטשריפֿט (מיט זיינע וואונדערלעך קליינע בוכשטאַבן!), האָב איך שטאַרק אָנגעקוואָלן, געפֿילט, ווי מיינע צייל'ן ווערן אין פּרצעס כּתב דערהויבענער און רייפֿער...

אויך דער צווייטער באַנד „יודישע ביבליאָטעק“ איז מיר אין אַ טאָג אַרום אָנגעקומען, רעקאָמענדירט, מיט מאַרקעס און שטעמפּלען — דער נייער בריוטרעגער האָט מיך אַזש מיט דרך־ארץ אָנגעקוקט. נאַטירלעך האָב איך אים די לעצטע גריוויניע אַוועקגעגעבן פֿאַרן איבערגעבן אַזאַ בוך! האָט ער מיך אָנגעקוקט און באַדאַנקט ווי שוין אַ פּאַרטיקן, גרויסן מענטשן, שיר ניט געפֿרעגט, וואָס פֿאַר אַ בוך דאָס איז און זיך גאָרניט געוואָלט שיידן מיט מיר...

עס איז געווען אַ שיינער אלול־טאָג. איך בין שוין געבליבן זיצן אַ גאַנצן טאָג אין אונזער שטיבל, וועלכעס איך האָב אַליין פֿאַרנומען, אויף שנעל פֿונאַנדערגעשניטן די קונטרסים און זיך גענומען צוערשט בלעטערן. אפֿשר האָט זיך פֿאַרוואַלגערט ערגעץ מיינס אַ קליין לידל פֿון די פֿילע, וואָס איך האָב אין די אָנדערהאַלבן יאָר פּרצן געשיקט... איך האָב ניט געפֿונען. אַ פֿאַרדראָס! אָבער באַלד בין איך באַלוינט געוואָרן מיט די לידער פֿון יהואָשן און פֿון פּרצן, וועלכע האָבן זיך אין צווייטן באַנד געפֿונען נאָך אין אַ גרעסערער צאָל ווי אין ערשטן. יהואָשעס לידער האָבן מיך פּשוט באַגייסטערט. אַזאַ שפּע פֿון מאָטיוון! איין ליד — אַ גרעסערס, „וועג־בילדער“, האָב איך זיך שיר אויף אויסווייניק ניט אויסגעלערנט. אַ פּאָר סטראָפֿן געדענק איך נאָך איצט:

אוּן ווי נאָר מיר קומען דעם ווערדל פּערבּיי,
דאַן נעמען די ביימער זיך דרייען;
זיי דרייען און טראָגן זיך לוסטיק אַוועק,
ווי זיי וואָלטן מיט עפּעס זיך פרייען.
זיי האָבּן, אַפּנים, מיך אַלע דערקענט,
געדענקען, ווי איך פּלעג זיי ליבּן,
און ווילן פאַרטאַנצן די שווערע געדאַנקען,
וואָס קומען מיך איצט צו באַטריבּן...

אויך די איבּעריקע לידער פון דעמאָלט פאַר מיר אומבּאַקאַנטע דיכטער — מאַנכע זיינען עד־היום געבּליבּן אומבּאַקאַנט — האָבּן מיך באַגייסטערט און געוועקט צום נייעם שאַפן. איינס פון זיי, דווקא אַ טרויעריק לידל, וואָס דעמאָלט האָבּ איך אַזעלכעס ליבּ געהאַט, האָבּ איך אויך אַזש אויף אויסווייניק, פון פיל לעזן עס, געקענט און געדענק עס נאָך איצט. דאָס ליד האָט דווקא געשריבּן אַ העבּרעיִשער דיכטער, י״ל גמזו.

אַ ייד איז געבּאָרן —
אַ גאַנגבּאַרע סחורה,
אויף צרות, יסורים,
אויף מצוות, אויף תורה.

אַ שמחה, אַ בּריתל,
בּר־מצווה — אַ דרשה;
און נעמט זיך אַ בּיסל
צו לעבּן נישקשה.

ווי לעבּט דען אַ יידל —
אַט פרעגט ניט קיין קשיא,
אַ קעפּל צו שווינדל,
אַ פּלייצע — אויף משא...

ווי לעבּט דען אַ יידל?
וואָס פעלט אים, וואָס האָט ער? —
אמונה, חיונה —
און גאָט איז אַ פאָטער...

אַ ייד איז געשטאָרבּן —
אַ יאָמער אַ בּכיה,
וואו פאָרט איר, ר׳ קרוב? —
אַ ווייטע נסיעה.

אַ וועלטל פון אמת,
לוויתן, גן־עדן,
איך האָב דאָרטן קרובים,
אַ טאַטן, אַ זיידן.

אַ היבשע נסיעה —
נישקשה צו פאָרן;
עס שלעפּן שמשים
דעם הילצערנעם אָרון.

עס וויינען יתומים,
עס קלאָגן קדשים,
עס טרייסט זיך דער קבר
מיט תחית־המתים.

געבאָרן, געשטאָרבן,
ניטאָ קיין זכרון...
איך קען דיך, מיין פּאָלקל,
פון וויג ביזן אָרון.

דיין לעבן, דיין שטאַרבן,
דיין חצות, דיין ותיקין,
דיין יאוש, דיין האָפנונג,
דיין פרייד, דיינע גליקן...

אַליין ניט קיין „גרויסער" זינגער, האָב איך דאָס דאָזיקע לידל געזונגען מיט פון מיר אַליין אַ צוגעפּאַסטן ניגון, וואָס ער איז געווען נאָך טרויעריקער פאַר דעם טעקסט און עס איז נאָר אַ גליק, וואָס איך פלעג עס זינגען ביחידות, פאַר זיך אַליין, און דאָס אויך בלויז אין צייט פון פאַרבענקטע שטימונגען אין די פאַרנאַכטן...

אויב דאָס ליד האָט „אַפּעלירט" צו מיר מיט איר טרויעריקן אינהאַלט, — הגם אין פּאָעטישן זין טרוקנדלעך — האָבן אָבער יהואָשעס לידער דווקא געוועקט אין מיר מוט און פרייד. יהואָשעס דאָן מונטערע און רייך־פאַנטאַסטישע לידער, הגם ניט אַלע זיינען אַריין אין זיינע געזאַמלטע ווערק, זיינען ניט נאָר אין יענער צייט געווען שעדעווערס אין דער יידישער פּאָעזיע, נאָר פילע לידער פון יענע, — אויב ניט אַלע, וואָלטן אויך איצט געקאָנט קאָנקורירן

מיט די בעסטע מוסטערן פון די מאָדערנע יידישע דיכטער. קאָן מען זיך שוין פאָרשטעלן דעם גוואַלדיק גרויסן איינדרוק, וואָס זיי האָבן דאַן אויף מיר געמאַכט.

און ווער ווייס, אויב ניט אונטער זייער רושם האָב איך אין יענער צייט פיל לידער געשריבן, כאָטש פון גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער, וואָס דאָס פּאַסירט זייער אָפט.

האָב איך שוין אָנגעהויבן שיקן די לידער צו פּרצן און צו שלום־עליכמען... אַזוי מער ווי אַ יאָר צייט. טאָמער האָט פּרץ זיך אָפּגערופן ניט גינסטיק וועגן אַ ליד, האָב איך זיך פאַר אים באַרימט מיט שלום־עליכמס אַ מיינונג... האָט פּרץ איינמאָל געענטפערט, אַז דער בעסטער שניידער קאָן זיין אַ שלעכטער שוסטער און אַז דער בעסטער ראָמאַניסט קאָן ניט זיין קיין מבין אויף אַ ליד. אָבער אין יענעם בריוו האָט שוין פּרץ מיך פאַרזיכערט, אַז אייניקע פון מיינע לידער וועלן אַריינגיין אין זאַמלבוך „ליטעראַטור און לעבן“, וואָס ער גרייט צו צום דרוק (ערשינען איז דאָס דערמאָנטע זאַמלבוך אין יאָר 1894 מיט מיינע דריי לידער — צוויי פון זיי איבערזעצטע).

דאָך נאָך אַלע ערפאָלגן האָב איך צו פּרצן — ביז מיין קומען קיין וואַרשע — ניט געהאַט קיין גרויס מזל. אָט איז ער גוט, אָט איז ער שטרענג. דערפאַר אָבער האָט שלום־עליכם אין פאַרלויף פון 1892 ביז 1894 מיך געמונטערט און דערפרייט מיט זיינע מיך באַוואונדערנדיקע בריוו. אַ נייע סעריע לידער, וואָס איך האָב אים געשיקט פון קאָדענאָוו — וואו איך האָב שוין געוואוינט שטענדיק, נאָכדעם ווי איך בין אַ האַלבן זמן געווען לערער אין אַ דאָרף און אַ זומערדיקן זמן אַ לערער אין אַ קליין שטעטל מיטן נאָמען „אוזדע“, פיר מייל פון קאָדענאָוו — האָט שלום־עליכמען אַזוי אַנטציקט, אַז ער האָט מיר, צום סוף פון בריוו, געשריבן: „איך וועל אייך איינגיכן מאַכן אַ סורפּריז, פון וועלכן איר וועט זיין שטאַרק צופרידן“.

דער סורפּריז איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט מיינע לידער — אַ באַדייטנדיקע צאָל — איבערגעשיקט קיין אַמעריקע, צו חיים מאַליין, וועלכער האָט דעמאָלט אין פילאַדעלפיע רעדאַקטירט די „פילאַדעלפיער שטאָדט־צייטונג“. אין איינעם אַ ליכטיקן זו־

מער-פרימאָרגן איז מיר אָנגעקומען אַ פּאַקעט אַזש פון אַמעריקע. איך האָב אויפגעריסן און פון דאָרט איז אַרויסגעפאַלן אַן אויסשניט פון אַ צייטונג מיט דער סעריע לידער אונטער אַן אַלגעמיינעם טיטל „טרויעריקע מאָטיוון, געווידמעט אָרימע לייט“ און אונטן אַ באַגייסטערט נאָכוואָרט פון שלום-עליכם, וואו ער שטעלט מיך אַוועק אויף איין הייך מיט ש. פרוג און וואָרנט די אַמעריקאַנער יידן, אַז זיי זאָלן פאָרזיכטיק זיין מיט די אָרעמע יינגלעך פון ליטע, וועלכע גיבן אַרויס אַזוינע טאַלאַנטן...

פונדעסטוועגן האָב איך דעם דאָזיקן אויסשניט פון דער פילאַדעלפיער שטאָדט-צייטונג“ ניט געוואַגט יעדערן צו ווייזן. אויף דער אַנדערער זייט איז געווען אַן אַרטיקל אַזש קעגן צאַר אַליין. די סכנה צו האַלטן עס ביי זיך איז געווען זייער גרויס. אָבער איך האָב ריזיקירט און האָב ניט נאָר אַליין ביי זיך געטראָגן עס, נאָר אַפילו געוויזן אַ פאַרטרוילעכן חבר מיינעם, איסר אָקון, וואָס האָט זיך דערצויגן אַ שטיק צייט פון זיין קינדהייט ביי זיינעם אַ רייכן פעטער אין ראָסטאָוו און נאָכדעם באַזוכט די מינסקער רעאַלשול. אַזאַ איז שוין געווען געניט אין קאָנספּיראַציעס. הגם קיין סך יידיש האָט ער ניט געקענט, אָבער אַ גרויסער אָנהענגער פון פּושקינען — האָט ער זייער געשעצט מיינע לידער און זיי טאַקע צייטנווייז פאַרגליכן צו פּושקינס... איבערהויפּט לויטן קלאַנג. אָט דעם חבר מיינעם האָב איך געוויזן אָט דעם אויסשניט פון דער אַמעריקאַנער „פאַרבאָטענער“ צייטונג, וואו אויף איין זייט איז דאָ מיינע לידער מיט שלום-עליכמס לויב-געזאַנג און אויף דער אַנדער זייט זידלט מען דעם רוסישן צאַר מיט די ערגסטע ווערטער...

דעם זעלבן רוסישן צאַר אָבער, האָב איך, אין אַ צייט אַרום, געמוזט גיין דינען אַלס סאָלדאַט...

# אַכטער קאַפּיטל

מיין פֿאָטער קומט פֿון וויניצע. — מיין בּרודער זלמנס דער־ציִונג. — מיין שוועסטער שרה־בּתיה אין מאָהילנער רוסישער „אוטשילישטשע״. — איר ערפֿאָלג בּיי די לערער. — מיין פֿאָטערס ביכעלע שירים „יונה הומיה״. — זיין בּאַזוך בּיי פּרצן אין וואַרשע. — פּרצעס אויפֿנעם. — מיין פֿאַרדראָס. — פּרצעס „יום־טוב־בּלעטלעך״. — די צייט פֿון מיין ערב „סלוזשבּע״. — די רייזע קיין קאָוונע אין אַ פּראַכט־צוג. — די רוסישע סאָלדאַטסקע לידער. — דער קאָמאַנדיר פֿון פּאָלק. — די קאַזאַרמע. — דער ערשטער איינדרוק. — דער עלטסטער אונטער־אָפֿיציר. — דער ראָטנער שוסטער. — דער פֿעלדפֿעבּעל. — מיין שכן אויף דער „נאַרע״. — זיינע פֿילאָסאָפֿישע פֿראַגן.

דער זומער פֿאַר מיין אַוועקגיין אין מיליטער איז געווען בּכלל זייער רייך אין פֿאַסירונגען און טיפֿע איבּערלעבּונגען. מיין פֿאָטער, וועלכער האָט זיך שוין בּאַזעצט מיט די דריי קלענערע קינדער, זלמן, הירש און שרה־בּתיה, אין וויניצע, וואו ער האָט געקראָגן אַ גוטע שטעלע בּיי זיין שוין פֿריער דערמאָנטן רייכן יוגנט־חבר — מאָדל קראָל, וועלכער האָט אַליין געוואוינט אין זשיטאָמיר אַלס אַ גרויסער פּאָדריאַדטשיק און האָט אין וויניצע אויך געהאַט גרויסע „פּאָדריאַדן״ — מיין פֿאָטער איז אין יענעם זומער צוריקגעקומען קיין קאָידענאָוו צוליבּ דער גרויסער עפּידעמיע, וואָס איז אין אוקראַינע און וואָלין אין יענער צייט אויסגעבּראָכן. די קינדער האָט ער נאָך פֿריער אָפּגעשיקט צוריק אַהיים. זלמן איז דאַן געווען אַרום זעקס־זיבּן יאָר אַלט. אָט ווי איצט געדענק איך, ווי ער האָט דאַן אויסגעזען, אָט דער קליינער וואַנדערער, פֿון דריי יאָר אָן, דאָ קיין מאָהילנע צו דער עלטערער שוועסטער, דאָ צוריק קיין קאָידענאָוו, דאָ אין וויניצע און צוריק קיין קאָידענאָוו, וואו ער האָט זיך שוין אויף בּיי מיין אָרעמערן אָבּער „אַריסטאָקראַטישערן״ און

וועלטלעכערן יידן פּסח. ניט קוקנדיק, אויף זיין נע־ונד זיין די ערשטע קינדער־יאָרן, איז ער געווען אַ פרייליכער, אַ גרויסער שטי־פער, אַ מזיק; געלערנט האָט ער דאַן אין אַ חדר, פון וועלכן ער פלעגט אין די זומערדיקע פאַרנאַכטן לויפן אַהיים צום זיידן אַזש אין עק שטעטעלע, ביי אַ וויאָרסט וועג. ער פלעגט פאַרביילויפן דאָס גרויסע באַלעבאַטישע הויז פון מאיר מערלים, וואו איך האָב, — פאַר געבן אַ לעקציע די קינדער, — געהאַט אַ צימער פריי... אַמאָל פלעגט ער, אַ פאַרסאָפּעטער, אַריינלויפן צו מיר אין צימער און פלעגט זיך לוסטיק צעלאַכן; ער איז דעמאָלט געווען פול מיט חן. די בעקעלעך האָבן געגליט און די אויגן האָבן געשטראַלט, פרעג פון וועלכע גליקן. זיין פריילעכקייט האָט מיך מער געריזט, ווי טרערן... איך פלעג זיך קוים באַהערשן, איך זאָל זיך ניט צעוויינען.

— זלמינקע, ווילסט עסן?

— יאָ... פלעגט ער לוסטיק ענטפערן, אָנקוקן מיך קליין־ברודעריש און זיך נאָך הילכיקער פונאַנדערלאַכן.

פלעג איך אַרויסלויפן אין דער דערבייִיקער קרעמל און קויפן אים אַ קוכן מיט ציבעלע און מיט מאָן, איז דאָס נאַטירלעך גע־ווען ביי אים זייער שטאַרק אָנגעלייגט, און מיטן קוכן פלעגט ער שוין אַוועקלויפן צום זיידן, עסן די ריכטיקע וועטשערע.

דער צווייטער ברודערל, הירשל, און די שוועסטער שרה־בתיה זיינען ווידער אַוועקגעפאָרן קיין מאָהילנע צו דער שוועסטער רבקהן. שרה־בתיה האָט דאָרט באַזוכט די „נאַראָדנאָיע אוטשילישטשע" און האָט שטאַרק נושא־חן געווען ביים „נאַסטאַווניק" און נאָך מער ביים גלח אַפילו, וואָס האָט אַוודאי געלערנט „זאַקאָן באָזשי"... זי האָט אַרויסגעוויזן אַזוי פיל פעיִקייט, אַז עס האָט געקאָכט דאָס שטעטל מיט איר. אויסער אירע געבאָרענע פעיִקייטן האָט זי גע־האָט גרויסע התמדה, ממש פאַרשלונגען אַלע ביכער, וואָס די „אוטשי־לישטשע" און דער „נאַסטאַווניק" און דער גלח האָבן פאַר־מעגט... דערצו איז זי געווען אַזוי שיין און געוויקסיק, אַז ווען אין „אוטשילישטשע" איז געווען אַ שטיקל יום־טוב פאַר די קינ־דער און פאַר דער גוייִשער אינטעליגענץ פון שטעטל, איז מיין קליינע עלפיעריקע שוועסטערל געווען געלאַדן אי ווי אַ שילע־

דין אי ווי אַ „באַרישניע“ און דער „נאַטשאַלניק“ אַליין האָט מיט איר געטאַנצט... האָט דערמיט ווידער ס׳גאַנצע שטעטל געקאָכט! —

איז טאַקע דערפֿאַר מיין שוועסטערל, אַז זי האָט געענדיקט די „אוטשילישטשע“ מיט גרויסע אויסצייכענונגען, אַוועקגעפֿאָרן אין מינסק — צו די קרובים. דאָרט האָט זי זיך ווידער געלערנט אונטער דער אויפֿזיכט פֿון אונזערער אַ נאָענטער קרובה, אין יענער צייט אַ באַרימטער ליבעראַלער דאַמע, נעכע־דאָבע קאַפּלאַן. דאָס איז די מוטער פֿון דעם — שפּעטער שוין באַוואוסטן — בונדיסט יאַשע קאַפּלאַן, וועלכער איז פֿאַר זיין רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט אויסגעשלאָסן געוואָרן פֿון אוניווערסיטעט. אויך מיינע ברידערלעך הירש און זלמן זיינען אַ ביסל שפּעטער, שוין צוזאַמען מיט מיין פֿאָטער, אויך אַריבערגעפֿאָרן קיין מינסק, וואו זיי האָבן שוין געוואוינט אַ לאַנגע צייט.

מיין פֿאָטער, וועלכער איז אין יענעם זומער (1894—1895) געקומען צוליב די קינדער קיין קאָידענאָוו, איז שוין געווען אַן אַנדערער, אַ וועלט־מענטש... ער איז אין די אַנדערהאַלבן יאָר אויסגעוועזן אַ וועלט... פֿאַר דער צייט האָט ער אויך אָפּגעדרוקט אין באַרדיטשעוו אַ קליינע זאַמלונג פֿון זיינע העברעיִשע שירים אונטערן נאָמען „יונה הומיה“...

אָט ווי איצט געדענק איך דעם טעקסט אויפֿן אויסגעצאַצקעטן שער־בלעטל:

יונה הומיה,
שירים, אשר שר
קלמן רייזין
המכונה בהמליץ יק״ר...
בּרדיטשוב שנת תרנ״ד לפ״ק.

די דרוקעריי געדענק איך שוין ניט (דער איינציקער עקזעמפּלאַר, וועלכן איך האָב לאַנגע יאָרן אָפּגעהיט, איז ביי מיר די לעצטע יאָרן, צו מיין גרעסטן באַדויערן, פֿאַרלוירן געגאַנגען). דאַכט זיך, אַז ס׳איז געדרוקט געווען ביי יעקב אָדער יוסף שעפֿטל.

דאָס ביכעלע לידער האָט געקראָגן די מונדלעכע הסכמה, לויט דער טאַטע האָט מיר מיט איינגעהאַלטענעם שטאָלץ דערציילט, פֿון

י. י. וויסבערג — אַ דאַמאָלסט באַקאַנטער העברעישער און אויך יידישער שרייבער, דער אויטאָר פון אַ ביכל „די פרויען־פראַגע לויטן תלמוד“, אויך — לויט מיר קלינגט איצט אָפּ — פון שלום־עליכמען אַליין, וועלכן דער טאַטע האָט זייענדיק אַ מאָנאַט אין קיעוו באַזוכט.

דאָס ביכעלע „שירים“ האָט ווירקלעך פאַרמעגט אַ צאָל אָריגינעלע און פּאָעטישע שירים, הגם געשריבן ניט אין אַן אויסגעהאַלטענעם „משקל“... היינט וואָלט עס אַוודאי ניט געווען קיין חסרון...

אויך אין וואַרשע איז מיין פאָטער געווען צו זוכן זיין גליק. באַזוכט און געוויזן זיין ווערק די דאָרטיקע העברעישע גדולים, געווען אַפילו ביי פרצן. אָבער פרץ האָט אים דווקא ניט באַזונדערס פריינדלעך אויפגענומען. דאָס האָט מיין טאַטן, קענטיק, שטאַרק וויי געטאָן, אָבער דערציילט האָט ער עס מיט אַ שמייכל:

— דיין פרץ איז ניט אַזאַ גוטער מענטש...

איך בין געווען איבערראַשט. ווי קומט עס? — פרץ זאָל אַזוי אויפנעמען אַן אורח, אַ מענטשן פון דער פרעמד...

מיין טאַטע האָט מיר אַפילו דערציילט, אַז וועגן מיר אַליין האָט פרץ אויך זיך אָפּגערופן ניט גאָר גוט... האָט עס מיך נאָך מער געוואונדערט: אין יענעם זומער האָב איך פון פרצן געהאַט פריינדלעכע בריוו. ער האָט מיר אַרויסגעשיקט אַלע „יום־טוב־בלעטלעך“, וואָס זיינען שוין דעמאָלט ערשינען, אַפילו דעם העברעישן זאַמלבוך „החץ“ — צו עטלעכע און צוואַנציק עקזעמפּלאַרן און געשריבן: „העלפט, מען יאָגט פון אַלע זייטן“. דאָס האָט ער געמיינט די בעלי־„אַחיאָסף“ די העבראיסטן, וואָס האָבן אין יענער צייט שטאַרק באַקעמפט פרצעס ליטעראַרישע ראַדיקאַלע טעטיקייט. פיל פון די עקזעמפּלאַרן האָב איך, נאַטירלעך, ניט געקענט אין קאָידענאָוו פאַרקויפן; ווער רעדט אויפן „העגב“, אַ זאַמלונג פון העברעישע לידער, וואָס פרץ האָט מיר אויך אַריינגעשיקט, האָב איך געהאַט בלויז איין בעלן — דעם יידישן דאָקטאָר גאַרמייזאַ, אַ העכסט אינטערעסאַנטער טיפּ. האָב איך אַוודאי פרצן צוריק קיין געלט ניט געקאָנט אָפּשיקן, וואָס אין אַ בריוו צו אים האָב איך שטאַרק באַדויערט. האָט ער מיר געענטפערט, אַז ער פאַרלאַנגט פון מיר ניט קיין געלט. אויב איך וועל עס פאַרקויפן, זאָל איך עס נעמען

פאַר זיך אַלס האָנאָראַר פאַר מיינע דריי לידער אין „ליטעראַטור און לעבן“. בכלל איז ער נאָר אויסן, האָט ער געשריבן אין בריוו, צו פאַרשפּרייטן די „יום־טוב־בלעטלעך“ צווישן פאָלק... געוויס האָט מיר דעם טאַטנס ניט גינסטיקער גרוס פון פּרצן ניט פאַרקלענערט מיין פאַרערונג צו אים און ניט אָפּגעקילט מיין ליבע, ניט קוקנדיק אויף מיין גרויסער ליבע און פאַרערונג צו מיין פאָטער; אָבער אַ וואונ־דער איז דאָס פאַר מיר געווען. איך האָב שוין דעמאָלט פּרצן גע־קענט דורך זיינע ווערק; איך האָב שוין געלעזן אפילו זיין „באָנטשע שווייג“, אין „ליטעראַטור און לעבן“ טאַקע, וואו ער פאַרטיידיקט אַזוי הייס אַלע אָרעמע און באַליידיקטע...

פונדעסטוועגן האָט מיר מיין פאָטער — נאָכדעם, ווי איך האָב אים שטאַרק אויסגעפאָרשט — מיט צופרידנהייט איבערגעגעבן, אַז איך זאָל וויסן, אַז פּרץ איז טאַקע ניט אַבי־ווער: ער זעט אויס ווי אַ פּריץ און ריידן רעדט ער רוסיש און פּויליש און טאָ־מער רעדט ער יידיש, איז שווער צו פאַרשטיין. אויך זיין וואוינונג איז אַ רייכע און פירן פירט ער זיך זייער גרויס...

דערפון האָב איך שוין גאָר אָנגעקוואָלן, הגם וואָס ער רעדט ניט שטענדיק אויף יידיש האָט מיר דאַן שטאַרק באַנג געטאָן... מיר אַליין האָט ער טאַקע יענעם זומער אַ קאַרטל אויף רוסיש גע־שריבן. האָט טאַקע מיין פריינד, דער שילער פון מינסקער רעאַל־שול, איסר אָקון, געפונען אַ גרייז אין גראַמאַטיק. איך האָב דערפון דעמאָלט צער געהאַט, געדונגען זיך מיטן „רעאַליסט“, אַז עס איז ניט קיין גרייז, ביז וואַנען ער האָט צוגעגעבן, אַז קיין אמתער רוס וועט אַזוי ניט שרייבן...

* * *

די טעג פון „פּריזיוו“ האָבן זיך אַליין דערנענטערט. אַ קליי־נע האָפענונג, אַז איך וועל באַפרייט ווערן, איז געווען צוליב אַ צווייטער „לגאָטע“, וואָס איך האָב געהאַט. אָבער אַזוי ווי אַ צאָל בחורים, וואָס האָבן געדאַרפט שטיין אין יענעם יאָר צום פּריזיוו, זיינען נאָך פריער אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע — האָט מען זיך גערעכט, אַז מען וועט דאָס יאָר „אָפּגעבן“ אפילו בני־יחידים... האָבן

טאַקע מיינע זיידעס און די גאַנצע משפּחה שטאַרק באַדויערט דעם פֿאַל. אפשר ניט אַזוי צוליב מיר, ווי צוליבן יחוס. אין אונזער משפּחה איז נאָך ביז יענער צייט קיין סאָלדאַט ניט געווען, הגם אין יענער צייט איז שוין די חרפּה צו האָבן אַ סאָלדאַט אין אַ משפּחה ניט אַזוי גרויס געווען. עס האָבן זיך שוין אין באַלע־באַטישע פֿאַמיליעס וואו־ניט־וואו דורכגעוואָרפֿן סאָלדאַטן... מיין טאַטן אַליין האָט ניט אַזוי געאַרט דער יחוס, פֿון וואָס, אַלס פֿרייער מענטש, ער האָט ווייניק געהאַלטן, נאָר עס איז געווען אַ שאָד, וואָס איך וועל פֿאַרלירן די בעסטע פֿיר יאָר אומזיסט און אומנישט. אין זיין ביכעלע שירים האָט זיך אַפּילו געפֿונען אַ שיר „ליוצא צבא“— צו דעם, וואָס דאַרף גיין אין מיליטער. אין שיר האָט ער דווקא צוגעגעבן מוט צו גיין דינען, וואָרעם צו וואָס זאָל מען אויף אונז זאָגן, אַז מיר דרייען זיך אַרויס פֿון דינסט... דער שיר איז גע־ווען געשריבן אין אַ פּאַטריאָטישן טאָן און מיין פֿאָטער, וואָס איז שפּעטער געוואָרן אַ באַוואוסטזיניקער רעוואָלוציאָנער, האָט שטאַרק באַדויערט, וואָס ער האָט אַזאַ שיר געשריבן...

— אַמאָליקע נאַרישקייטן, — פֿלעגט ער מורמלען און פֿילאָ־סאָפֿיש שמייכלען...

די האָפֿענונג אויף מיין „לגאָטע“ און אַפּילו אויף דעם האַלבן ווערשאָק, וואָס עס האָט מיר יאַקבי געפֿעלט צו מיין מאָס אין דער ברייט — מיין וואוקס איז געווען נאָך העכער, ווי לויטן דין — איז ניט פֿאַרווירקליכט געוואָרן. מען האָט אין יענעם יאָר, 1895, אָפּגעגעבן אַפּילו „ערשטע לגאָטניקעס“. אויך די טרייסט פֿון מיינע קרובים, אַז מיר פֿעלט אַ האַלבער ווערשאָק, איז געווען אַן אומ־זיסטע... דער מיליטערישער דאָקטאָר, וואָס האָט מיך אַ מוטער־נאַקעטן אין דער „וואָיענע פּריסוטסטוויע“ באַטראַכט, האָט גאָר אָנ־געקוואָלן פֿון מיר, און די יונגע אָפֿיצירן, וואָס זיינען דערביי גע־זעסן און מיך אויך באַקוקט, האָבן אַוש געשמייכלט צו מיר, אַזוי שטאַרק בין איך זיי געפֿעלן געוואָרן.

— מאָלאָדיעץ, גאָדיען! — האָט דער „גענעראַל“ אַליין שוין אויסגערופֿן און מיר פֿריינדלעך געגעבן אַ קלאַפּ איבער דער נאַקע־טער פּלייצע...

און עס האָט מיר דווקא הנאה געטאָן — ווייל איבערגעבראַקירט ווערן האָב איך נאָך ווייניקער געוואָלט, ווי צו גיין דינען...

די פּאָר פרייע וואָכן, ביז דער באַשטימונג, אין וועלכן פּאָלק און אין וועלכער שטאָט צו גיין דינען — בין איך געווען אַן אמתער יחסן... מיין זיידן פּסחס טעכטער, די יונגע מומעס, האָבן געניט פאַר מיר העמדער. די מיידלעך פון גאַס און די פּאָר באַקאַנטע מיידלעך פון אַנדערע גאַסן האָבן שוין אויף מיר געקוקט ווי אויף אַ פּאַרטיקן סאָלדאַט, וואָס האָט געוועקט זייער נייגעריקייט... די עלטערע מענטשן, די שכנים און די שכנות, זיי האָבן מיך שוין באַדויערט; און אַן אַנדער שכנה פלעגט, שיר ניט וויינענדיק, זאָגן מיט אַ ניגון:

— ווען דיין מאַמע, אברהמעלע, לעבט, וואָלסטו מסתמא פאַר אַ סאָלדאַט ניט געגאַנגען...

מיין פאָטער אַליין האָט זיך געהאַלטן ווי אַ העלד, ניט געזיפצט און ניט געטרויערט. נאָר אַמאָל אַ שטומער בליק, מיט גרויסער ליבשאַפט געוואָרפן אויף מיר, האָט מיך מער גערירט, ווי די אַלע רייד פון די שכנים און פון מיינע זיידעס, באָבעס און אַלע קרובים...

* *
*

באַשטימט בין איך געוואָרן צו דינען אין קאָוונע. די באַשטימונג איז שוין פאָרגעקומען אין מינסק. פון מינסק בין איך אָפּגעפאָרן אין אַ פראַכט-צוג פול מיט „נאָוואָבראַנצעס“... אויף יעדן וואַגאָן איז געווען אָנגעשריבן — אויף רוסיש — 8 פערד, 40 מענטשן. אָבער אין יעדן וואַגאָן האָבן זיך געפונען מער ווי פערציק. עס איז געווען שוין נאָך חנוכה-צייט, אַ קאַלטער ווינטער-טאָג, און די וואַגאָנעס זיינען געווען פון איין זייט אינגאַנצן אָפענע, און פון אַלע זייטן האָט אַריינגעבלאָזן דער ווינט. געפירט האָבן אונז קיין קאָוונע געדינטע סאָלדאַטן, אָבער די דיסציפּלין איז נאָך ניט געווען חל אויף אונז... האָט מען טאַקע געהוליעט אין די וואַגאָנעס, געטאַנצט און געזונגען. וואו דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט, איז מען אַראָפּ מיט געזאַנג, ווער נאָך היים וואַסער,

ווער נאָך אַ ווייסער בולקע, וואָס מען באַקט ספּעציעל פאַר סאָלדאַטן, אַ שמאַלץ, אַ לאַנגע און אַ פּוכקע... און קאָסטן קאָסט זי גאַנצע דריי קאָפּיקעס. — אַנדערע „נאָוואָבראַנצעס", דווקא יידישע, צע־הוליען זיך בײַ דער סטאַנציע, ווילן ווייזן, אַז זיי זיינען העלדן, קריגן זיי שוין אַ פּסק פון די סאָלדאַטן, וואָס פירן אונז... אָבער עס העלפט ניט, מען וויל זיך אָפּזעגענען מיט דער „פרייהייט", און דאָס יונגע בלוט זינגט!... „מען כאַפּט גאַנצע שייטן פון די אָנ־געלייגטע קופּעס האָלץ בײַ די סטאַנציעס און מען טראָגט עס אין די וואַגאָנען — צו הייצן דאָס „אימפּראָוויזירטע" אייוועלע, וואָס געפינט זיך אין יעדן וואַגאָן...

איך ווער אויך אָנגעשטעקט אָט פון דעם ווילדן כאַפּטישן הו־ליען. און אפשר פּאַסט ניט אָפּצושטיין פון קאָמפּאַניע, מען זאָל ניט דערקענען, אַז דו ביסט כלומרשט אַן איידעלער, אַ געבילדע־טער... פאַר אַזעלכע „מעלות" קאָן מען כאַפּן אַ קלאַפּ אויך. עס איז ניט די צייט און ניט די שטימונג פאַר איידלקייט, פאַר פּראַ־ווען גדלות...

און איך זינג אַפילו מיט די לידער, וואָס די „נאָוואָבראַנצעס" האָבן שוין צוגעגרייט אויף דער סלוזשבע צו זינגען, שוין אויסגע־לערנט זיך, אַזש די סאָלדאַטן — די פירער — קוועלן גאָר אָן, שעפּן נחת... — הייסט עס מיר קענען שוין די תורה:

„טרי דערעווני, דוואַ סעלאַ,
וואָסיעם דיעוואָק, אָדין יאַ.
(„דריי דערפלעך, דערפער — צוויי,
אַכט מיידלעך — איך מיט זיי".)

אין קאָוונע איז אונזער פּאַרטיע אָנגעקומען אין אַ גרויען ווינ־טערדיקן פרימאָרגן. די פריילעכע „נאָוואָבראַנצעס" האָבן שוין צו־ביסלעך אַראָפּגעלאָזט די קעפּ. די לידער — הגם זינגען איז ניט געווען פאַרבאָטן — זיינען שוין אַנטשוויגן געוואָרן. ניט נאָר דאָס פריילעכע ליד — „אַכט מיידלעך — איך מיט זיי" — נאָר אַפילו אַפילו דאָס ערנסטע ליד — „בילאָ דיעלאָ פּאָד פּאָלטאַוואָי, דיעלאָ סלאַוונאָיע דרוזיאַ, מי דראַליסיאַ סאָ שוועדאַמי, פּאָד זנאַמיאָנאַמי פּעט־ראַ", וואָס דאָס מיינט אין פרייער איבערזעצונג:

„ס׳איז געווען ביי פּאָלטאַווע,
גאָר אַ גרויסע זאַך דערמאָנען —
האָבן מיטן שווערד געקריגט זיך
אונטער גרויסן פּיאָטרס פאָנען״ —

אויך אָט דאָס ערנסטע ליד, וואָס דער ניגון איז אַריינגעפאַלן אין מינאָר — האָט מען שוין ניט געוואַגט צו זינגען.

געבראַכט האָט מען אונז אויף אַ גרויסן הויף פון דעם מיליטערישן שטאַב פון 111טן דאָנער פּאָלק, אויסגעשטעלט אונז אין אַ לאַנגער ריי און דער קאָמאַנדיר פון פּאָלק — אַ הויכער סימפּאַטישער עלעגאַנטער מאַן אין די מיטעלע יאָרן האָט מיט דורכדרינגענדיקע בליקן פון זיינע גרויסע שוואַרצע אויגן אונז שנעל באַטראַכט, מאַנכן אַ גוט וואָרט געזאָגט, אַפילו שפּאַס געמאַכט, קענטיק צו דערמוטיקן אונז — און אויף יעדערנס מאַנטל, פון פאָרנט, מיט אַ קרייט באַצייכנט דעם נומער פון דער ראָטע, וואוהין יעדער פון אונז איז באַשטימט לויט זיין וואוקס... אויף מיר האָט ער אָנגעשריבן אַ גרויסן דריי. דאָס האָט געהייסן, אַז איך געהער שוין צו דער דריטער ראָטע פון הונדערט עלפטן דאָנער פּאָלק... איז שוין באַלד צוגעגאַנגען אַן „אַלטער״ סאָלדאַט פון דער זעלבער ראָטע און מיך מיט נאָך פיר „נאָוואָבראַנצעס״ שטום געפירט דורך גאַסן און געסלעך, ביז ער האָט אונז אַריינגעפירט אין אַ גרויסן הויף, וואו עס האָבן זיך געפונען די קאַזאַרמעס פון דעם ערשטן באַטאַליאָן.

דער קבלת־פנים, וואָס מיר האָבן געהאַט אין קאַזאַרמע, איז געווען דווקא אַ פריינדלעכער. אַלנפאַלס נאָך די לעגענדעס וועגן „בלוזשבע״, וואָס איך האָב זיך אָנגעהערט אין דער היים, איז דער אויפנעם געווען גאָר אַן איינגענעם־איבעראַשנדיקער. דער עלטסטער אונטעראָפיציר, אַ הויכער שלאַנקער „שייגעץ״, מיט וואונדערלעכע שיינע בלויע אויגן, האָט גלייך אין מיר באַמערקט אַ „גראַמאָטנעס״, האָט ער זיך צו מיר גאָר־גאָר צוגעלאָזט, געטרייסט מיך, אַז איך וועל ווערן אַ „שרייבער״ אין ראָטע־קאַנצעלאַריע; כאָטש „פּאָזאַקאָנו״ — האָט ער מיט מיטפילנדיקן שמייכל צוגעגעבן — טאָר אַ ייד קיין „שרייבער״ אין אַ קאַנצעלאַריע ניט זיין. געפרעגט מיך, צי איך האָב מיטגעבראַכט ביכער, און אַז איך האָב געענטפערט,

אַז יאָ, עטלעכע רוסישע ביכער האָב איך מיט זיך, איז ער געוואָרן שטאַרק נייגעריק. האָב איך אים זיי געוויזן. איין בוך איז געווען אַ באַנד פון גאָגאָל. האָט דער עלטסטער אונטעראָפיציר גענומען לייענען דאָס פאָרערבלאַט און איז אַזש אונטערגעשפרונגען פאַר התפעלות: גאָגאָלס אַ בוך! ער — האָט ער זיך מודה געווען — האָט בלויז געלעזן „טאַראַס בולבאַ...“

דערהערט „טאַראַס בולבאַ“, האָב איך זיך שוין אַ ביסל דערשראָקן... אפשר געדענקט ער נאָך וועגן דעם ייד יאַנקעל, וואָס גאָגאָל האָט דאָרט אַזוי ניט סימפּאַטיש באַשריבן. צום גליק האָט ער עס ניט געדענקט — אַלנפאַלס ניט דערמאָנט.

באַלד איז צו מיר צוגעגאַנגען דער שוסטער פון דער ראָטע, זעלבסטפאַרשטענדלעך — אַ ייד. ער איז שוין געווען אַן אַלטער סאָלדאַט. אַ קליינגעוויקסיקער, אָבער אַן אויסגעפּאַשעטער... די האַנט, וואָס ער האָט מיר דערלאַנגט, איז געווען איינגעשמירט אין פּעך און אין סאַזשע, מיט וואָס ער פאַרבט די אָפּצאַסן פון די שטיוול, וואָס ער אַרבעט ערגעץ אין אַ ווינקל בײַ אַ טישל אין קאַזאַרמע... דער דאָזיקער שוסטער, האָב איך גלייך באַמערקט, איז דער גרעסטער יחסן אין ראָטע... פון „סלוושבע“ — האָט ער זיך אַליין פאַר מיר באַרימט — ווייס ער ניט — ער דאַרף טאָן זיין זאַך — פאַרריכטן און נייען גאַנצע שיך, פאַרן ראָטנעם, פאָלוראָטנעם, פעלדפעבל און די אונטעראָפיצירן. בלייבט אים צייט, מעג ער פאַרריכטן אַ שטיוול פון אַ פּראָסטן סאָלדאַט אויך און נעמען אַ פּרייז מיט חסר...

דער שוסטער האָט אויך אין מיר דערקענט, אַז איך בין פון דעם איידעלערן מין... האָט ער ניט געוואוסט, ווי אַזוי צו האַלטן זיך... זאָל ער זיין צו מיר צוגעלאָזט — איז ער שוין אַן אַלטער סאָלדאַט און איך אַ „נאָוואָבראַניעץ“, דערצו איז ער דער שוסטער פון ראָטע — וואָס דאָס איז אַ מין ראַנג, הגם „טשעסט“ אָפּגעבן, סאַלוטירן הייסט עס, קומט אים דערפאַר ניט... האָט ער מיט מיר גערעדט האַלב־פריינדלעך און האַלב־שטרענג, און אָנקוקנדיק מיינע היימישע איידעלע שטיוול, האָט ער שטרענג געוואָרנט:

— דאָ, ברודער, וועסטו ניט קענען טראָגן אָט די שטיוול. סיידן ווען דו גייסט אַמאָל אַרויס אין שטאָט. דאָ, ביי דער „אַ־טשענין", וועסטו מוזן אָנטאָן קאַזיאָנע — ברייטע, אָן נעזולעך... און ער האָט זיך, ווי אַ העכערער, צעלאַכט...

האָט ער דערזען, אַז איך ווער צו אומעטיק, איז ער שוין פריינדלעכער געוואָרן און געטרייסט:

— ניט געשראָקן זיך, ברודער... וועסט אָפּדינען אַ האַלב יאָר און וועסט ווערן אַן אַלטער סאָלדאַט, וועסטו זיי מעגן שוין טראָגן... ווער רעדט נאָך, אַז דו וועסט דעם פעלדפעבל געבן אַמאָל אַ פלעשעלע, איז — הע־הע־הע....

וואָס ער האָט געמיינט מיטן הע־הע־הע, האָב איך ריכטיק ניט פאַרשטאַנען, אָבער געפילט האָב איך, אַז מען וועט אויך דאָ ווי עס איז זיך איינאָרדענען און לעבן...

דערווייל איז אָנגעקומען דער פעלדפעבל, אַ מאַן אין די פופ־ציקער, מיט קופּערנע מעדאַלן אויף דער ברוסט און מיט אַ לאַנ־גער סאַבליע ביי דער זייט. דער מיטן פון רעכטן אַרבל פון זיין מונדיר איז געווען באַנייט מיט רויטע פאַסן, וואָס האָבן באַטייט, אַז ער דינט שוין זייער זייער לאַנג, און טאָמער האָט מען דאָס ניט אַזוי גיך פאַרשטאַנען, האָט ער עס געגעבן צו מערקן מיט דעם שטרענגן בליק. אָבער אויך ער איז קיין גזלן ניט געווען. פאַר אַ פופצנקאָפּיקענע פלעשל בראַנפן, וואָס מען האָט אים געמוזט פון צייט צו צייט מכבד זיין, איז ער געווען, ווי דער יידישער שוסטער האָט פאַרגעזאָגט, נאָך בעסער ווי הע־הע־הע... געלאָזט גיין אין שטאָט און קומען אַפילו נאָך דער „פּאָווערקע"...

אויך מיינע שכנים אויף דער „נאַרע" זיינען געווען גוטע, פריד־לעכע פויערים־זין... איבערהויפּט איינער — איוואַנאָוו, פון טאַמ־באָוער, אָדער טווערער גובערניע, אַ הויכער שטאַרק־געבויטער פוי־ער, איז באַלד געוואָרן צו מיר שטאַרק צוגעלאָזט... אַליין אַן אַל־פאַבעט, האָב איך פאַר אים דעם צווייטן טאָג שוין געשריבן אַ בריוו, וואָס ער האָט מיר האַלב דיקטירט און האַלב האָב איך שוין אַליין געשריבן. פלעגט ער נאָכדעם אויסדריקן זיין איבערראַשונג,

וואָס איך ווייס, וואָס ער וויל אויסשרייבן, און זיך שיר ניט גע־צלמט.

אין די אָוונטן, שוין ליגנדיק אויף דער נאַרע, פלעגט ער מיך וועקן און זיך פונאַנדעררעדן וועגן הויכע ענינים...

איינמאָל האָט ער מיך איבערראַשט מיט אַ פראַגע:

— ווי מיינסטו, רייזען — דו ביסט דאָך אַ גראַמאָטנער — איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט?...

די פראַגע, שוין שפּעט אינאָוונט, ווען אַלע זיינען שוין גע־שלאָפן, אויף אַ נאַרע אין אַ קאַזאַרמע, וואָס איז באַלויכטן געוואָרן פון אַ קליין לעמפּל ערגעץ אין אַ ווינקל, — האָט געקלונגען אַזוי געהיימניספול, אַז עס האָט מיך אַזש דערשיטערט און פאַרווירט...

אָפּצולייקענען גאָט אין אַזאַ צייט פאַר אַזאַ „אומוויכנדן", בפרט, ווען איך ליג אַלע נאַכט לעבן אים — האָב איך ניט גע־וואַגט, אָבער אויך באַשטעטיקן מיטן פולן מויל האָב איך ניט באַ־שטעטיקט. ער האָט אָבער מיין שווייגן אָנגענומען פאַר יאָ, האָט ער מיך ווידער געפרעגט:

— נו, פאַרוואָס איז אויף דער וועלט דאָ אַזוי פיל שלעכטס און אומרעכט („זלאַ אי ניעספּראַוועדליוואָסטי"...).

דער רושם פון אָט די נאַיווע, אָבער אייביקע פראַגן איז גע־ווען אַזוי שטאַרק, אַז זיי האָבן זיך ניט אָפּגעמעקט פון מיין האַרץ און זין אַ לאַנגע צייט. אין יאָרן אַרום האָב איך נאָך אונטער דעם זעלבן רושם געשריבן אַ דערציילונג — „דער אַנאַלפאַבעט־פילאָזאָף"...

---

# ניינטער קאַפּיטל

דאָס גרויע לעבן. — מיין „דיאַדקע“. — דער ראָטנער קאָמאַנ־דיר. — איך בין אַ למדן אין „סלאָוועסנאָסט“. — דער פּריווי־לעגירטער סאָלדאַט־אינטעליגענט. — מיין פריינדשאַפט צו אים. — מיר אַמפּערן זיך איבער פּושקין, לערמאָנטאָוו און נעקראַסאָוו. — אין „אָקאָלאָדאָק“. — דער עלטסטער דאָקטאָר. — זיין יידישער „דענשטשיק“. — דאָס בית־מדרשל הינטער אַ וואַנט פון קאַזאַר־מע. — דער ישיבה־בחור דער „זשאַרגאָניסט“. — מיין ליד „דער גמרא־ניגון“. — דער קאָוונער דיכטער וויליאַם קייזער. — זיין פאָטער דער מיליטערישער שניידער.

דאָס לעבן אין קאַזאַרמע, בכלל אַ גרויעס, האָט די ערשטע טעג נאָך מיין אָנקומען און אַפילו אַ צייט שפּעטער געוועקט מיין נייגעריקייט, ניט קוקנדיק אויף די פילע שווערקייטן, וואָס מיר איז אויסגעקומען אויסצושטיין. אמת, פילע דינים און מנהגים פון מילי־טער־לעבן האָב איך געוואוסט נאָך פון פריער, סיי וואָס געוועזענע סאָלדאַטן אין דער היים נאָך האָבן מיר איבערגעגעבן צוליב פריינד־שאַפט און סיי וואָס איך האָב אין דעם ביכעלע „סלאָוועסנאָסט“ אויסגעלערנט. אַזוי ווי איך האָב אין צוויי טעג אויסגעלערנט אין מינסק די „טעאָריאַ סלאָוועסנאָסטי“ איבער ליטעראַטור און בין גע־וואָרן אַ למדן אין אַלערליי פערזנמאָסן, אַזוי האָב איך אויסגעלערנט נאָך אין דער היים אַ פּאָר וואָכן פאַר מיין גיין אין מיליטער די „סלאָ־וועסנאָסט“ פון מיליטער־דינים.

אין די ערשטע אָוונטן, נאָך דער פּאַרנאַכטיקער „אוטשעניע“, ווען די יונגע סאָלדאַטן האָבן זיך אַרומגעזעצט אין אַ קרייז און דער „דיאַדקע“ — אַ נידעריק געפּאַקטער אַלטער סאָלדאַט, אַליין ניט קיין גרויסער למדן אין די שוואַרצע פּינטעלעך — האָט אָנ־געהויבן צו אונטערריכטן די נייע, ערשט אָנגעקומענע, יונגע סאָל־דאַטן די תורה פון מיליטער, די אַלע נעמען, אָנהייבנדיק פון קייסער

מיט זיין פאַמיליע ביז דעם נאָמען פון ראָטנעם קאָמאַנדיר, מיט אַלע זייערע טיטלען, וואָס מען האָט געדאַרפט באמת האָבן אַ קאָפּ צו געדענקען — האָב איך שוין דעם דאָזיקן „דיאַדקע“ איבערראַשט מיט מיין „לומדות“... און ער האָט מיך אַרויסגעשטעלט אַלס מוסטער פאַר די איבעריקע און דערביי געמוסרט די רוסישע יונגע סאָלדאַטן, וואָס דאָס רוב פון זיי האָט ניט געקענט באַנעמען די נייע תורה:

— וואָט, סמאָטריטיע, — אָט זעט, הייסט עס, האָט ער שטרענג געווענדט זיך צו זיי, — יעווריי — אַ ייד, הייסט עס, אי קאַק באָיקאָ אָן אָטוויעטשאַיעט נאַ ווסיע וואָפּראָסי — און ווי שטאַרק, הייסט עס, ער ענטפערט אויף אַלע פראַגן.

די יונגע סאָלדאַטן, די שווער־קעפּיקע נעבעך, און זיי זיינען געווען די מערהייט, האָבן אויף מיר געקוקט מיט קנאה און באַוואונדערונג צוזאַמען. מאַנכע מיט בקשה אין די פאַרווירטע בליקן, ווי איינער זאָגט: ראַטעווע, ברודערל, מיר זיינען פאַרלוירענע!.. האָב איך טאַקע אַן אַנדערן, וואָס איז געזעסן נעענטער לעבן מיר, אונטערגעזאָגט שעפּטשענדיק, דער „דיאַדקע“, דער לערער, הייסט עס, זאָל ניט הערן:

— יעוואָ וויסאָקאָפּרעוואָסכאָדיטעלסטוואָ גענעראַל אָט אינפאַנטעריי אַנדרעי ניקאָלאַיעוויטש פוכין...

נאַטירלעך האָט ער אָנשטאָט „אינפאַנטעריי“ איבערגעזאָגט „אינפאַנטעליי“... נאָר דאָס האָט שוין ניט געשאַדט, אַבי ער ווייס. דער „דיאַדקע“ אַליין האָט איבעריקנס אויך ניט בעסער אויסגערעדט אַזאַ וואָרט. ער אַליין פלעגט אויך אָנשטאָט קאַנצעליאַריאַ זאָגן קאַנצענדראַליאַ... און ביי אים איז דאָס אויסגעקומען, אַז דאָס איז דאָס ריכטיקע, ווייל ער פלעגט אַרויסריידן מיט אַ באַזונדער באַטאָנונג: הערי, רייזין, זאָוויט טעביאַ וו קאַנצעדראַליו...

אויך אין גימנאַסטיק האָב איך זיך אַרויסגעוויזן זייער פעיק... די באַריערן — פון נידעריקסטן ביזן העכסטן, וואָס זיינען געשטאַנען אויפן גרויסן הויף פון דער קאַזאַרמע, פלעג איך אַריבערשפּרינגען ממש ווי אַ געבוירענער קונצנמאַכער; אויך אין די צוויי אייזערנע רינגען, וואָס זיינען אַראָפּגעהאַנגען פון דער סטעליע אין

קאַזאַרמע, אויף צוויי קייטן, פלעג איך, אַריינלייגנדיק די הענט אין זיי, הייבן זיך אַזש ביז דער סטעליע טאַקע...

אויך אין די איבעריקע פּראַקטישע לערעס, ווי אַזוי צו האַלטן און ווי אַזוי צו באַגיין זיך מיט דער ביקס, ווי צו נעמען זי שנעל אויף דער פּלייצע און צוריק צום פוס, ווי אַזוי אַ קער צו טאָן אין איין צייט דעם רעכטן פוס אַ ביסל רעכטס, דעם לינקן „אַרויסוואַרפן" פאָראויס צוזאַמען מיט דער ביקס און צוריק, אונטער דער קאָמאַנדע: קאַלי (שטעך! הייסט עס, ניט מער און ניט ווייניקער...) — דאָס האָב איך אַליין געמאַכט „על צד היותר טוב..." אַפילו דער ראָטנער קאָמאַנדיר, וועמעס נאָמען איך געדענק נאָך עד־היום, קאַפּיטאַן אָקוליטש־קאַזאַרין, מיטן טיטל יעוואָ ווימאָקאָבלאַגאָראָדיע, אַפילו ער, אַ פויל דווקא, וואָס האָט, ווי מיר האָט געשיינט, ניט שטאַרק ליב געהאַט קיין יידן, הגם זיין שנאה האָט ער ניט צו אָפט אַרויסגעוויזן — אַפילו ער האָט מיך שווייגנדיקערהייט באַוואונדערט און אַמאָל טאַקע געזאָגט: מאָלאָדיעץ — דאָס הייסט, ביסט אַ יונג מיט ביינער, אויף וואָס איך האָב געמוזט ענטפערן (און טאַקע געענטפערט מיט פרייד): ראַד סטאַראַטסיאַ, וואַשע ווימאָקאָבלאַגאָראָדיע... דאָס איז דער טייטש:

— איך בין גליקלעך צו פלייסן זיך, אייער הויכאיידלגעבוירנקייט...

וועגן דעם דאָזיקן ראָטנעם קאָמאַנדיר לוינט זיך צו „פאַרלירן" נאָך אַ פּאָר ציילן. הגם ער איז געווען אַ שטרענגער און צו מיר אַלס אַ ייד באַזונדערס שטרענג, האָט ער דאָך צו מיר און צו די עטלעכע יידן אין ראָטע קיין שלעכטס ספּעציעל ניט אַרויסגעוויזן. מ'קאָן זאָגן — אַדרבא. איינמאָל, למשל, אין אַ פּאָר וואָכן אַרום נאָך מיין אָנקומען אין קאַזאַרמע, ווען ער האָט באַמערקט, ווי איך שטיי אין „סטראָי", אין קאַזאַרמע גופא טאַקע ביי דער „אוטשעניע", אָנגעטאָן אין פולער אַמוניציע און אַ ביסל אויסגעשעפּט פון מיין פלייסיקייט, איז ער צוגעגאַנגען, אָנגענומען מיך מיט זיינע ביידע הענט אַרום מיין גאַרטל, מיך אַ טרייסל געטאָן ווי אַ בוים און דערזועענדיק, ווי איך שאָקל זיך, האָט ער שטרענג־פאָטערלעך אַ פרעג געטאָן:

— טשטאָ, סלאַב? — וואָס, ביסט שוואַך?

איך האָב זיך אַפילו געשעמט צו ענטפערן, אַז יאָ, אָבער קיין ליגן זאָגן האָב איך ניט געקענט, איך בין יענעם פרימאָרגן ווירקלעך צו מיד געווען — איך האָב די ערשטע צייט פון „קעכל" ניט געגעסן און זיך געשפייזט בלויז מיט טרוקנס, וואָס איך פלעג קויפן אין דעם נאָענטן יידישן קרעמל, וואוהין איך פלעג אַריינלויפן טאַקע דורכן הויף פון קאַזאַרמע — בגנבה, ניט געפרעגטערהייט...

האָב איך אים געענטפערט:

— טאַק טאָטשנאָ, וואַשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע. דאָס מיינט — פונקט אַזוי, אייער הויכאיידלגעבוירנקייט.

האָט ער זיך געווענדט צום „דיאַדקע" און צו דעם אונטעראָפיציר פון מיין „ווזוואָד", וועלכע זיינען די ערשטע צייט געווען די איינציקע „אוממיטלבאַרע" לערער, און באַפוילן:

— אָסוואָבאָדיט יעוואָ נאַ נעדעליו אָט זאַניאַטי: דאָס הייסט— באַפרייען מיך אויף אַ וואָך פון „באַשעפטיקונג", דאָס מיינט ווידער פון מושטירן מיך מיט דער ביקס ביי פולער אַמוניציע...

האָט עס מיך אי הנאה געטאָן אי פאַרדראָסן. עס האָט זיך ניט געוואָלט אַלס ייד זיין אַן אויסנאַם. אויף אַן אַנדערן וואָלטן די רוסישע — די קריסטלעכע סאָלדאַטן — געווען אפשר אייפערזיכטיק פאַר אַזאַ הנחה פון „ראָטנעם" אַליין, אָבער אַזוי ווי איך האָב מיט זיי געלעבט בשלום, מכבד געווען זיי מיט „כאַלע" — אַזאַ וייס ברויט, ספּעציעל געבאַקט פאַר סאָלדאַטן, וואָס איך פלעג די ערשטע צייט נאָך פון דעם היימישן ביסל געבראַכטן געלט קויפן— האָבן זיי פון מיר ניט געלאַכט דערפאַר און מיך ניט גערופן מיטן צונאָמען „לאָדער" — אַ וואָרט, וואָס באַטייט איינעם, וועלכער וויל זיך אַרויסדרייען פון פליכטן, אַ צונעמעניש, וואָס באַליידיקט זייער שטאַרק...

אָבער אינגאַנצן אויסדרייען זיך פון דעם נאָמען איז מיר ניט געווען באַשערט. שולדיק אין דעם זיינען געווען די פּאָר „קאַזיאָנע" שטיוול, וואָס מען האָט מיר געגעבן צו טראָגן אָנשטאָט מיינע אייגענע, די איידעלע, און מיינע פיס האָבן זיך ניט געקאָנט צוגעוויינען צו זייער גראָבן לעדער... נו, האָב איך אין פאַרלויף פון די ערשטע צוויי וואָכן אָנגעריבן אַ וואונד אויף אַ פוס: כ'האָב אַליין געוואַרט,

אַז עס וועט זיך אויסהיילן, אָבער ענדלעך האָב איך שוין מער ניט געקענט גיין, און אינדערפרי, ווען דער דעושורמאַן גייט פאַרביי יעדן שוין אָנגעטאָנענעם און אײַנגעוואַשענעם יונגן סאָלדאַט און פרעגט: קטאָ באָליען? — ווער איז קראַנק, — האָב איך — ניט געקוקט, וואָס צו מעלדן זיך אַלס אַ קראַנקער איז ניט פון די שיינע מעלות— געענטפערט שוואַך:

— יאָ! — איך...

האָט ער פריער אַליין באַטראַכט די פיס, זען, צי מאַך איך זיך ניט, און באַמערקנדיק די וואונד אויף דעם נידעריקסטן טייל פון מיין פוס, האָט ער זיך אַזש צעשריען:

— וואָס האָסטו אַזוי לאַנג געוואַרט?

און גלייך מיין נאָמען פאַרשריבן אין ביכל, מיט וועלכן מען גייט דערנאָך אין „אָקאָלאָדאָק", אַזאַ מין שפּיטאָל פאַר גאָר לייכטע קראַנקע...

געפירט האָט מען מיך שוין ניט אַליין. עס האָבן זיך יענעם פרימאָרגן אויסגערופן נאָך דריי... איינער פון זיי איז געווען דער פריווילעגירטער פון דער ראָטע, אויך אַ „נאָוואָבראַניעץ"; דער איינציקער אינטעליגענט, נאָך מיר, הייסט עס, אין דער ראָטע. אַ יונגער מענטש מיט אוניווערסיטעטישער בילדונג... אָבער ניט קוקנדיק, וואָס ער איז געווען אַ רוס, און דערצו אַ פּעטערבורגער — ווי אַזוי ער איז אַריינגעפאַלן „דינען" אַזש אין קאָוונע, פאַרשטיי איך ביז היינט ניט — ניט קוקנדיק אויף זיין בילדונג און זיין העפלעכן באַנעמען זיך, האָבן אים די סאָלדאַטן, סיי די יונגע, סיי די אַלטע ניט ליב געהאַט. איך ווייס ניט פאַרוואָס. אפשר ווייל ער האָט געדינט אויף „פּראַוועס"; אויף אַרבעט שיקן אים האָט מען ניט געטאָרט און בכלל האָט ער אויסגעזען ווי אַ פּריץ, אַ ווייס הענטל... דער ראָטנער קאָמאַנדיר אַליין האָט אים ניט באַזונדערס גערן געהאַט און שפּעטער טאַקע האָט דער ראָטנער אַליין געשריבן אַ ראַפּאָרט, אַז מען זאָל דעם דאָזיקן פּריווילעגירטן באַפרייען... און מען האָט אים טאַקע אין אַ פּאָר מאָנאַטן אַרום באַפרייט צוליב קורצזיכטיקייט...

דער איינציקער, צו וועמען אָט דער אינטעליגענט, וואָס האָט אויסגעזען ווי טשעכאָווס אַ טיפּ — הגם טשעכאָוו האָט נאָך דאַן

אַוודאי געהייסן טשעכאָנטע — האָט זיך געטוליעט, בין איך געווען, מיר איז ער דווקא געפעלן געוואָרן... ער איז געווען אַ שטאַרק־באַלעזענער מענטש, געקענט די גאַנצע רוסישע ליטעראַטור און אַפילו די דייטשע און איבערהויפּט פראַנצויזישע קלאַסיקער גע־לייענט אין אָריגינאַל... צוליב דעם, וואָס ער האָט געקענט אַ ביסל דייטש, האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט פאָרצולייענען אים יענע לידער מיינע — מיט אַ מער אינטערנאַציאָנאַלן אינהאַלט — אין אָריגינאַל, וואָס מאַנכע איז אים געווען, מיט קליינע דערקלערונגען, זייער לייכט צו פאַרשטיין.

צום בייספּיל — דאָס ליד „איך וויל זיך מיט מיין מוזע גטן" האָב איך אים פאָרגעלייענט אַזוי:

איך מעכטע מיט מיין מוזע שיידן...
זי האָט קיין גליק מיר ניט געבראַכט...
איך בין פאָן איר פאַרשוואַרצט געוואָרדן,
קראַנק נור האָט זי מיך געמאַכט...

פאַרשוואַרצט געוואָרן האָב איך אים שוין געמוזט דערקלערן אין רוסיש.

האָט ער טאַקע מיין ליד און פיל אַנדערע שטאַרק „אָדאָבריאָ־יעט", „באַגיטיקט" הייסט עס. איבערהויפּט איז אים געפעלן געוואָרן דאָס לידל, וואָס איך האָב שוין געשריבן אין דער קאַזאַרמע, נאָך דער צווייטער וואָך פון מיין „סלוזשבע" — ביינאַכט, פאַרן שיין פון דעם קליינעם לעמפל, וואָס האָט געברענט אין אַ ווינקל.

ליכטיק אויפן הימל
גלאַנצן אַלע שטערן;
אַז זיי זיינען וועלטן,
וויל מען אונז דערקלערן.

נאָר ווי קען איך גלויבן
שטערן — וועלטן זיינען;
אַד, ווי איז דאָס מעגלעך,
וועלטן זאָלן שיינען...

וועלטן וואָלטן אויסזען
פינסטער, שוואַרץ און טרויריק
און דער בלויער הימל
וואָלט געקוקט דאַן שוי'ריק

און עס וואָלט פון דאָרטן
זיך געהערט אַ טומל;
ניט קיין רעגן — גיסן
וואָלט עס בלוט פון הימל...

אַ פּעסימיסט פון דער נאַטור, איז אים דאָס דאָזיקע ליד זייער געפעלן געוואָרן...

צייטנווייז פלעגן מיר זיך אויך אַמפּערן צוליב חילוקי־דעות וועגן רוסישע פּאָעטן. ער, כאָטש אַ פּעסימיסט, האָט שטאַרק גע־האַלטן פון פּושקינען, איך האָב אין יענער צייט מער ליב געהאַט לערמאָנטאָוון. די מיינונג מיינע וועגן די צוויי פּאָעטן האָט ער נאָך ווי עס איז פאַרטראָגן, אָבער אַז עס איז געקומען צו ניעקראַסאָוון, וועלכן איך האָב אין יענער צייט באַזונדערס ליב געהאַט (און נאָך עד־היום), איז ער שוין געוואָרן אויפגערעגט, ממש בייז, זיך שיר ניט געזידלט...

— אַך טשטאָ ווי, טשטאָ ווי... וויעד ניעקראַסאָוואַ טשיטאַט ניעלזיאַ...

דאָס האָט געהייסן: וואָס רעדט איר, וואָס רעדט איר — ניעקראַסאָוון קען מען דאָך ניט לייענען...

האָט דאָס מיך שוין פּשוט ווי געטאָן. פון ניעקראַסאָוון האָב איך גראָד געקענט פיל לידער אויף אויסווייניק. האָב איך זיך געפּרוווט ווירקן אויף אים מיט ציטאַטן פון „ריצאַר נאַ טשאַס" („אַ העלד אויף אַ שעה"), פון „ראַזמישליעניאַ או פּאַראַדנאַוואָ פּאָד־יעזדאַ" („מחשבות ביים פּאַראַדנעם גאַניק") און פאַרענדיקט מיט באַגייסטערונג, אַז ניעקראַסאָוו איז אַ קלאַסיקער!

דערמיט האָב איך אים אַריינגעבראַכט אין העכסטן צאָרן.

— טשטאָ ווי, טשטאָ ווי... פּערעסטאַנטיע — וואָס רעדט איר, וואָס רעדט איר, הערט אויף...

ניעקראַסאָוון פאַר אַ קלאַסיקער האָט ער בשום אופן ניט גע-וואָלט האָבן...

און אויב איך בין אַפילו געבליבן ביי מיינס, האָב איך דאָך אויפגעהערט צו דינגען זיך מיט אים, אָט דעם פּריווילעגירטן, הגם זייער איידעלן און ווירקלעך ליבנסווערדיקן רוסישן אינטעליגענט פון אַמאָליקע יאָרן...

אַזוי איז ער דווקא געווען אַ מענטש מיט דעמאָקראַטישע אי-דעען, קענגן אונטערדריקונגען און אויסגערעדט וואָס אין דער קאָרט אויף דער „וואַיענער סאָסלאָוויע" (מיליטערישן שטאַנד)...

ווענגן יידן האָט ער געהאַט אַ ליבעראַלע מיינונג, געווען אַ לעזער פון די דאַמאָלסטיקע ליבעראַלע צייטונגען, אויך פון דער האַלב-יידישער „נאָוואָסטי", געוואוסט פון פרוגן און שטאַרק געהאַלטן פון זיינע רוסישע לידער, וואָס מיר האָט עס דאַמאָלסט שטאַרק הנאה געטאָן — אַ ייד, אַ רוסישער פּאָעט!... פונדעסטוועגן האָב איך ניט געקענט פאַרבאָרגן פון אים דעם פאַקט, אַז פרוג שרייבט אויך אויף יידיש...

— ניעאַזשעלי? האָט ער זיך געוואונדערט... אָבער שטאַרק קיין צער האָט ער דערפון קענטיק ניט געהאַט. אַז ניעקראַסאָוו איז אַ קלאַסיקער — דערפון האָט ער מער צער געהאַט...

* * *

אין „אָקאָלאָדאָק" האָבן מיין פּוס באַטראַכט אַזש צוויי דאָק-טוירים, דער „עלטסטער" דאָקטאָר און דער „יינגערער". דער עלט-סטער" איז געווען אַ גוטמוטיקער מענטש, אַ הויכגעוויקסיקער, אַ ברונעט מיט אַ לאַנגער שוואַרצער באָרד, וואָס האָט אים געגעבן דאָס אויסזען פון אַ יידן. קיין ייד איז ער אָבער ניט געווען. באַטראַכט מיין פוס, האָט ער זייער פאַרזאָרגט, ממש ווי אַ פאָטער, זיך אָנ-גערופן:

— אַך, ווי אַזוי האָט איר עס אָנגעריבן אַזאַ וואונד....

— וואָיעננייע סאַפּאָגי, וואַשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע (ער האָט געהאַט דעם ראַנג פון אַ פּאָלקאָווניק, וואָס איך האָב שוין געוואוסט) —

האָב איך געוואַגט צו קריטיקירן און צו וואַרפֿן די שולד אויף די מיליטערישע שיך...

— דאַ־דאַ... האָט ער מיר נאָכגעגעבן, אָפּגעזיפֿצט און פֿאַר־שריבן אין ביכעלע: „ווי אָקאָלאָדאָק“... דאָס הייסט, איך דאַרף בלייבן אַלס חולה אין „אָקאָלאָדאָק“...

דאָס זעלבע גליק האָט אויך געטראָפֿן דעם פֿריווילעגירטן, וועלכער האָט זיך געקלאָגט אויף אַלגעמיינער אָפּשוואַכונג...

האָב איך שוין געהאַט אַ ליטעראַרישע וואָך אין „אָקאָלאָדאָק“. ווען איך וואָלט ניט געטראָגן די זעלבע סאָלדאַטסקע קליידער און וואָלט ניט געגעסן די „קאַזיאָנע“ שפּייז —אמת, אַפֿילו פֿאַר אַזוינע קראַנקע ווי מיר — איידעלערע שפּייז — וואָלט איך זיך גאָר פֿאַר־געסן, אַז איך בין אַ סאָלדאַט...

דערצו איז נאָך דער „דענשטשיק“ פֿון דעם „סטאַרשי וראַטש“ געווען אַ ייד, און נאָך וואָס פֿאַר אַ ייד, אַ פֿרומער, געגעסן בלויז כשרס, געטראָגן אַ באָרד און האָט אויסגעזען ווי אַ יונגער רב...

ער איז געוואָר געוואָרן, אַז איך בין אַ יידישער יונגערמאַן, הגם איך שרייב אַפֿילו „פֿרייע“ לידער — ער האָט זיך שוין דער־וואוסט — פֿלעגט ער קומען מיך אָפּט מבקר־חולה זיין, דערציילט מיר, ווי אַזוי עס קומט אים אָן שווער צו האַלטן יידישקייט, אָבער ער האַלט! איך האָב זיך מיט אים ניט געאַמפּערט וועגן דעם, ניט גע־וואָלט צעשטערן זיינע אילוזיעס, און אַפֿילו דער פֿריווילעגירטער האָט אָנערקענט זיין ערלעכקייט.

— טשודיעסני יעווריטשיק! — האָט ער אים איינמאָל שטאַרק גערימט.

דאָס איז געווען דאַמאָלסט, ווען דער יידישער „דענשטשיק“ — מאָרגנשטערן האָט ער געהייסן, — האָט זיך אינמיטן שמועס מיט מיר, אין אָנהייב אָוונט, דערמאָנט, אַז ער האָט נאָך ניט געדאַוונט קיין מעריב, און ער האָט עס טאַקע אין „אָקאָלאָדאָק“ אָפּגעדאַוונט, אינדערשטיל, אַז אויסער איך און דער פֿריווילעגירטער, האָט עס קיינער ניט באַמערקט.

מאַלע וואָס אַ מענטש שטעלט זיך אין אַ ווינקל פּאַרטיפֿט אין עפּעס און מורמלט פֿאַר זיך...

געזונט געוואָרן מיט דעם פוס, בין איך מיט אַ שווער האַרץ
געקומען צוריק אין קאַזאַרמע.

* * *

די ערשטע עטלעכע וואָכן האָב איך אין קאַזאַרמע געזען פאַר
זיך בלויז סאָלדאַטן און אָפיצירן, ניט רעכענענדיק דעם ציווילן גוי,
וואָס פלעגט קומען אַלע אינדערפרי אויפן גרויסן הויף פון קאַזאַר-
מע, וואו עס זיינען שוין פאָרגעקומען די מישטירונגען — אויב ס'איז
נאָר ניט געווען אַ צו-גרויסע קעלט. קומען פלעגט ער מיט אַ
זאַק אָנגעפילט מיט לאַנגע, ווייסע פוכקע בולקעס, צו דריי קאָ-
פּיקעס אַ שטיק, און מיט אַ טשוגונעם מין סאַמאָוואַר, אַ קאָכיקן
שוין, מיט טיי און מיט עטלעכע ליידיקע גלעזער. די רייכע סאָל-
דאַטן פלעגן זיך אַוודאי לאָזן וואוילגיין און פאַר פיר קאָפּיקעס
שוין מיט דער זיסער גלאָז טיי, האָט מען זיך אונטערגעלעגט —
אין דער שנעל — דאָס האַרץ. נאָך אַ ציווילער מענטש, אָדער אַ
מענטשיכע און דווקא אַ יידענע, פלעגט אויך האָבן די פּריווילעגיע צו
קומען אויפן הויף און אַפילו אַריינגיין אינעווייניק אין קאַזאַרמע,
שוין בלויז מיט אַ קויש געבעקס אַליין, אָן טיי... די יידענע, הגם
זי האָט געפירט לאַנגע יאָרן איר מסחר מיט סאָלדאַטן, אָבער אַ
געבוירענע אַ קאָוונערין, האָט זי גערעדט זייער אַ מאָדנעם רוסיש.
פלעגן די סאָלדאַטן טרייבן שפּאַס איבער איר ריידן. מיט די יידישע
סאָלדאַטן פלעגט זי ריידן יידיש, מיט אַלע רבונו-של-עולמס און
מיט אַלע קיין עין-הרעס און מיט אַלע תחינה-אויסדרוקן אַפילו. און
זי פלעגט אַפילו בארגן אַמאָל אַ בולקע צי אַ קוכן אַן אָרעמערן,
אָבער אַן ערלעכערן סאָלדאַט, וואָס איז געווען קוראַנט... די על-
טערע סאָלדאַטן, וואָס האָבן שוין געוואוסט איר גאַנצע ביאָגראַפיע,
פלעגן אַפילו אונטערמורמלען, אַז אַמאָל, אַמאָל, ווען זי איז געווען
יונג און אַ גרויסע פאַרשוין, איז זי ניט געווען אַזאַ צדקנית, און
אַז אַ סך עלטערע אָפיצירן געדענקען זי נאָך. נאָר ווער האָט דע-
רין געגלויבט, ווען זי, אַן איינגעהויקערטע, אַ פאַרוויקלטע אין טי-
כער און דיקע שאַלן אויפן קאָפּ און אויפן האַלז, פלעגט בייס
שוועל פון קאַזאַרמע זיך צערײדן מיט אַ יידישן סאָלדאַט וועגן

יידישקייט, גאָט און זיינע וואונדער... און נאָך יעדער פּראַזע פלעגט זי צולייגן:

— אַז מען דאַרף דינען פּאַניען, איז שוין גענוג, ברוך־השם... איז וואָס „זעמליאַק", קויפט איר עפּעס היינט?... אַ בולקע, אַ פּלעצל?...

אַמאָל פלעגט אויך אַריינפאַלן אַ ציווילער יידישער מענטש, אַ טאַטע פון אַ יונגן סאָלדאַט, וואָס איז געקומען אַזש פון דער ווייטער היים צו ראַטעווען זיין זון... און האָפענונגען זיינען געווען גרויסע: איינער איז שטאַרק קורצזיכטיק און מען האָט אים אָפּגע־געבן ניט על־פּי „זאַקאָן" און ביי אַ צווייטן פייפט אַן אויער, און אַ דריטער איז אַ בן־יחיד... די דאָזיקע טאַטעס, דאָס רוב פּשוטע יידן, אומעטיקע, פאַרזאָרגטע, האָבן אַריינגעבראַכט אין דעם אין גרונד־גענומען פריילעכן און זאָרגלאָזן קאַזאַרמע־לעבן אַ סך יידישן צער, טרויער און בענקשאַפט...

אָבער אויסער די דאָזיקע געציילטע ציווילע באַזוכער אין קאַ־זאַרמע איז די אַטמאָספערע געווען אַ ריין־מיליטערישע... סאָל־דאַטן, סאָלדאַטן און אָפיצירן... עס האָט זיך געבענקט, איבערהויפּט אונז יונגע יידישע סאָלדאַטן, נאָך אַ יידישער אַטמאָספערע... און דאָ, איבער די ווענט פון הויף, וואָס צאַמט אונז אָפּ פון דער אי־בעריקער וועלט, רוישט אַ יידיש לעבן... הינטער איין וואַנט, גענוג הויך, — ווערן מיר געוואָר, — געפינט זיך אַפילו אַ בית־מדרש, וואו עס לערנען עטלעכע קלויזניקעס. אַמאָל קריכן מיר אַרויף אויף דער שפּיץ פון וואַנט און ריידן זיך דורך מיט איינעם פון זיי, וועלכער איז שטאַרק נייגעריק צו וויסן, וואָס ס'טוט זיך אינעווייניק, אין קאַזאַרמע... פאַר אים איז דאָס כּולו סוד...

מיט דער צייט ווער איך געוואָר, אַז אַ יידישער יונגער סאָל־דאַט האָט שוין די וואַנט דורכגעבראָכן און ניט אין אַ מליצה, נאָר טאַקע דורכגעבראָכן ממש. ער דערציילט עס מיר אויפן אויער:

— רייזען, אויב דו ווילסט זיך אַריינכאַפּן אין בית־מדרש, קענ־סטו... און איז מיר מגלה ווי אַזוי...

איך ריזיקיר... די ערשטע פּאָר מאָל פול מיט מורא פאַר דער שטראָף — ניט געפּרעגטערהייט און געגנבעטערהייט, דורך אַ

וואַנט, פון וועלכער מען האָט אַרויסגענומען אַ צוויי בערוועגעס קוים דורכצוקריכן און נאָכדעם ערשט איבערצושפּרינגען אַ בערגל... וואָס ווייטער אָבער ווער איך אַלײן דרייסטער... די שטראָף איז דאָס ערשטע מאָל, אַז מען וועט כאַפּן, בכלל ניט אַזוי גרויס... אַ יונגן סאָלדאַט איז מען מוחל אַפילו אַ האַרבע זינד. בפרט אַזאַ זינד. איך וועל זיך פאַרענטפערן, אַז איך בין געגאַנגען „פּאָ־מאָליטסיאַ באָגו“, דערפאַר האָט די „נאַטשאַלסטוואָ“ אויך גרויס דרך־ארץ. איך דאַרף זיי דען דערציילן, אַז דאָרט כאַפּ איך גאָר אַ שמועס וועגן ליטעראַטור...

און ווירקלעך וועגן ליטעראַטור. איינער פון די ישיבה־בחורים איז אַ ליבהאָבער פון יידיש. ער רופט עס אַפילו זשאַרגאָן, אָבער בײ אים איז זשאַרגאָן אַ שיינער טיטל — זשאַרגאָן! ס'איז נאָך העכער ווי יידיש... און אָט דער דאָזיקער ישיבה־בחור האָט פאַר די לעצטע געלט אויסגעשריבן, צי אין קאָוונע גופא געקויפט, דעם פערטן באַנד „הויזפריינד“, וואָס איז אין יענעם ווינטער ערשינען...

דער „הויזפריינד“ אַלײן וואָלט אַפילו אינדערהיים אויף דער „פריידהייט“ געוועזן אַ יום־טוב, בפרט דאָ, בפרט ווען אין דעם „הויז־פריינד“ געפינט זיך מיינס אַ ליד און נאָך וואָס פאַר אַ ליד! „דער גמרא־ניגון“... דער ישיבה־בחור קען עס שוין אויף אויסווייניק און זינגט עס טאַקע מיט אַ גמרא־ניגון...

און ניט קענענדיק זיך באַהערשן, גיב איך זיך אַרויס פאַר מיינע ברידער, ווער איך בין...

אַ געוואַלדיקע איבעררעשונג — אַ סאָלדאַט גאָר אַ „משורר“— אַזוי רופט עס דער ישיבה־בחור... און נאָך אַזאַ מין... וועגן אַ גמרא־ניגון. ער גלויבט און גלויבט נישט זיינע אייגענע אויגן... נאַ־טירלעך איבערצייג איך אים. דערצייל אים אַפילו, ווי דער אמת איז, אַז איך האָב דאָס ליד צו ספּעקטאָרן אין וואַרשע נאָך געשיקט מיט אַ יאָר צוריק פון דער היים, ווייל פרץ האָט עס פאַרבראַקירט. פרץ האָט געשריבן, אַז עס איז אַ ווידערהאָלונג פון דעם ליד „אַ האָר פון באָרד“, וואָס איז אים יאָ געפעלן געוואָרן. איצט איז דאָס ליד אָפּגעדרוקט אין „הויזפריינד“.

לויטער וואונדער!...

— און איך האָב גאָרניט געוואוסט — קלאָג איך זיך פאַר מיינע נייע פאַרערער — ספּעקטאָר האָט מיר אַפילו ניט געענטפערט.

אָבער ווער האָט דעמאָלט דען געקענט זיין בייז אויף ספּעקטאָרן! איך בין, פאַרקערט, פול מיט דאַנקבאַרקייט צו אים געוואָרן, וואָס ער האָט אָפּגעדרוקט און עס איז ערשינען גראָד אין אַזאַ צייט, ווען איך האָב זיך געפילט אַזוי געפאַלן ביי זיך, אַ פּראָסטער סאָלדאַט...

כ'האָב געזוכט נאָך לידער אין זעלבן באַנד „הויזפריינד", אָבער געפונען בלויז נאָך איינס — אין דעם גאַנצן „הויזפריינד" בלויז צוויי לידער! איך ווער אַזש שטאָלץ! דאָס צווייטע ליד הייסט „די מנורה", אונטערגעשריבן פון איינעם וויליאַם קייזער...

דער נאָמען איז אַפילו אַן אומבאַקאַנטער, אָבער עס קלינגט אַזוי שטאָלץ: — וויליאַם קייזער...

און עס פּאַסירט נאָך אַ וואונדער: דער ישיבה־בחור ווייסט גראָד, ווער וויליאַם קייזער איז. ער אַליין, דער „משורר", הייסט עס, איז שוין אין אַמעריקע, אָבער זיינע עלטערן וואוינען דאָ, טאַקע דערביי אַ פּאָר הייזער... זיין פאָטער איז אַ „וואָיענער" שניידער און אויב איך וויל, קען ער מיך מיט דער דאָזיקער פאַמיליע באַקענען, ווייל ער עסט ביי זיי אַ טאָג — מאָנטאָג...

און אין אַ פּאָר טעג אַרום, דווקא אין אַ זונטאָג, לאָז איך זיך שוין קאָסטן אַ פופצן קאָפּיקעס אויף אַ „פלעשעלע" פאַרן פעלדפעבל און גיי שוין פשרהייט מיט אַ באַזוך צו די עלטערן פון דעם „משורר" וויליאַם קייזער, דעם „וואָיענעם" שניידער, אין דער באַגלייטונג פון דעם ישיבה־בחור...

---

# צענטער קאַפּיטל

ווילי‍אַם קייזערס פאַמיליע. — די טאָכטער די סאָציאַליסטין. — נייע באַקאַנטשאַפט. — אַ העפט „צוקונפט" אין שוואַרצע טאָוועלעך. — אין אַ יידישער בוכהאַנדלונג. — מיין באַגעגעניש מיט קלעבאַנאָוו. — דער קאָמפּאָזיטאָר, שקליאַר, מיין מעצענאַט. — איך ווער אַ מוזיקאַנט. — ר' יצחק-אלחנן, אַ פריינד פון יידישע סאָלדאַטן. — דער רושם פון זיין טויט. — די חברים סאָלדאַטן פאָדערן אַן עלעגיע, איך גיב זיי נאָך. — די עלעגיע ווערט אָפּגעדרוקט אין פאַרלאַג הורוויץ. — מיין פּראַקטישער חבר, דער מוזיקאַנט ברוכאַנסקי. — ער רעדט מיך אָן צו פאַרקויפן די עקזעמפּלאַרן. — בעל-מחשבותעם מוטער.

דער אָנהייב, וואָס איך האָב באַקומען אין הויז פון דעם דיכטערס — ווילי‍אַם קייזערס — עלטערן, איז געווען אַ וואַרעמער און אַ פריינדלעכער. שטאַרק מיט זייער זון, דעם פּאָעט, האָבן זיי זיך געפרייט מיט מיר אַלס זייער זונס אַ קאָלעגע, הגם דאָס וואָרט קאָלעגע איז פאַר זיי אַוודאי פרעמד געווען. דערצו האָבן זיי געפילט, ווי זיי וואָלטן באַקומען דורך מיר אַ גרוס פון זייער זון, וואָס איז פאַרוואָרפן אין אַ ווייטן לאַנד, כאָטש ער שרייבט זיי אָפטע בריוו און שיקט זיי צו די לידער, וואָס ער דרוקט שוין אין די יידישע צייטונגען אין אַמעריקע...

צו דער פריינדלעכקייט האָט זיך נאָך צוגעמישט פאַרוואונדערונג, וואָס איך, אַ סאָלדאַט, זאָל אויך שרייבן לידער, פּונקט ווי זייער זון אין דער „פרייער" אַמעריקע...

דער פאָטער, אַן ערלעכער יידישער בעל-מלאכה פון אַמאָליקן טיפּ, האָט גאָרניט געוויזן, אויס באַוואונדערונג און גאַסט-פריינדלעכקייט — וואו מיך אַוועקצוזעצן, אויך די מוטער, אַ גוט-מוטיקע יידישע פרוי, האָט באַדויערנדיק מיין לאַגע, אויף אַ מוטערלעכן שטייגער, מיך געטרייסט און געמונטערט מיט גוטע רייד

און פאַסיקע שפּריכווערטער... איבערהויפּט אָבער איז מיר געווען איינגענעם די פריינדשאַפט פון ווילִיאַם קייזערס אַ יינגערן ברודער און אויך פון אַ שוועסטער. זיי זיינען שוין געווען „אַנטוויקלט" און, ווי איך שטעל מיר איצט פאָר, האָבן שוין אָנטיילגענומען אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס האָט אין קאָוונע, אין יענער צייט, שוין געשלאָגן טיפע וואָרצלען, כאָטש שטאַרק אונטערערדיש און קאָנספּיראַטיוו.

איינמאָל, פרייטאָג־צונאַכט, ווען איך האָב באַקומען ביים פעלדפעבל, פאַר אַ „פלעשעלע" נאַטירלעך, אורלויב, צו פאַרלאָזן די קאַזאַרמע ביז עלף אַ זייגער אינאָוונט, בין איך מיט קייזערס שוועסטער געגאַנגען ערגעץ אין אַ הויז, וואו עס האָט זיך פאַרזאַמלט פיל יוגנט, און מען האָט פאַרבראַכט אין ערנסטע, האַלב־אומלעגאַלע, סודותדיקע געשפּרעכן און אויך אין זינגען רעוואָלוציאָנערע לידער. די דאָזיקע אַטמאָספערע איז פאַר מיר געווען אַזוי ניי און אַזוי געהיימניספול, אַז דער אַלגעמיינער איינדרוק איז נאָך ביי מיר ביז היינט פאַרבליבן, הגם די איינצלהייטן האָבן זיך פאַר דער לאַנגער צייט אינגאַנצן אָפּגעווישט פון מיין זכרון. איך געדענק בלויז, אַז צוריקגייענדיק מיט קייזערס שוועסטער, האָב איך זיך געפילט, ווי איך וואָלט גענומען אָנטייל אין דער באַפרייונג פון דער וועלט. איך האָב פאַר גרויס פרייד געדריקט די האַנט פון דער ליבער מיידל, וואָס האָט מיך אַריינגעפירט צווישן אַזאַ יונגן, דערפרישנדיקן קרייז. אין זעלבן קרייז האָב איך איינמאָל געקראָגן אַ העפט „צוקונפט" אין שוואַרצע טאָוועלעך און ווי מיר דאַכט — געדרוקט אויף „פאַפּיראָספּאַפּיר". דאָס העפט איז געווען שוין דעמאָלט אַן אַלטס, מיר דאַכט — פון יאָר 1892, און עס האָט פאַרמאָגט, צווישן אַנדערע אַרטיקלען, אַן אַרטיקל איבער אָווענס טעאָריע. דאָס דאָזיקע העפט האָב איך אין די פרייע שטונדן אין קאַזאַרמע געלייענט מיט גרויס פחד און שרעק, אָבער וואָס גרעסער די ריזיקע איז געווען, אַלץ מער האָט מיך געצויגן צו לייענען עס; ביי געפערלעכע מאָמענטן האָב איך עס שנעל אַריינגעלייגט טיף אין כאָליאַווע פון מיין רעכטן שטיוול...

דאָס האָט אַלץ פאַסירט אין די ערשטע זעקס־אַכט וואָכן נאָך מיין אָנקומען אין קאַזאַרמע.

די באַקאַנטשאַפט מיט די ציווילע יונגע און דערצו נאָך אידעאַליסטיש געשטימטע אַרבעטער האָבן מיין אין אַלגעמיין נאָך גערדיקטע שטימונג אַ ביסל דערהויבן. איך האָב שוין געוואַגט אַמאָל „אַרומגיין“ די שטרענגע דיסציפלין און אָרדענונג. אַזוי, למשל, ווען די יונגע סאָלדאַטן פון אונזער ראָטע אונטער דער קאָמאַנדע פון פעלדפעבל אַליין פלעגן גיין איין מאָל אין צוויי וואָכן אין דער שטאָטישער באָד, וואָס האָט זיך געפונען אַרום דער שולגעסל אין קאָוונע, פלעג איך דאַמאָלט, צוקומענדיק צו דער באָד, זיך אַרויסגנבענען פון „סטראָי“ און אין די צוויי שעה, וואָס די סאָלדאַטן האָבן געוואַשן און גערייניקט זייערע גופים, האָב איך אַ פרייער געוואַנדערט פון אַ בית־מדרש אין אַ בית־מדרש, געזוכט באַקאַנטשאַפט צווישן די ישיבה־בחורים, צווישן וועלכע ס׳האָבן זיך שוין דעמאָלט געפונען פיל פאָרגעשריטענע, מיט נייע אידעען. מאַנכע פון זיי האָבן שוין געהערט פון מיין נאָמען און, דערזעענדיק מיך אַלס אַ סאָלדאַט, האָבן זיי זיך שטאַרק געוואונדערט...

אין די זעלבע צוויי פרייע שעה, ווען די „ראָטע“ האָט זיך געפונען אין באָד, האָב איך אויך איינמאָל באַזוכט די יידישע בוכהאַנדלונג פון איינעם אַ הורוויץ, אַ ייד אַ פאַנאַטיקער און אַ קנאי (ווי מיר דאַכט האָט ער טאַקע שפעטער געהערט צו דער „לשכה השחורה“). זיין פרוי איז שוין דווקא געווען אַ מילדערע, אַ הויכע, אַ שלאַנקע מיט גרויסע שוואַרצע אויגן און שיין געקליידט. אויך זיין טאָכטער, ווי מיר דאַכט זיך, אַ גימנאַזיסטקע, אַ קליינע, אָבער זייער חנעוודיקע ברונעטקע, איז געווען אַ פריינדלעכע. הורוויץ אַליין איז אָבער געווען דער פאַרקויפער. גיי איך אַזוי איינמאָל אַריין אין בוכהאַנדלונג און גיב אַ פרעג, צי געפינט זיך ניט ביי אים פרצעס „יום־טוב־בלעטלעך“. דערהערט דעם נאָמען פון פרץ און די „יום־טוב־בלעטלעך“, האָט זיך הורוויץ פאַרקרימט און בייז אויסגערופן:

— איך האַלט ניט די דאָזיקע...

און האָט צוגעלייגט אַ וואָרט, וואָס אפילו די וואָס האַלטן פון גראָבע רייד, וואָלטן עס ניט אַרויסגעבראַכט אויפן פאַפיר.

האָב איך זיך אָנגעצונדן און געענטפערט:

— פאַר וועמען עס איז... און פאַר וועמען עס איז געלד... און האָב שוין געוואָלט אַ שטאַרק אויפגעבראַכטער פאַרלאָזן די בוכהאַנדלונג.

אָבער דאָ האָב איך באַמערקט, ווי איינער אַ שיין געקליידעטער יונגערמאַן מיט זייער אַ סימפּאַטישן און אינטעליגענטן פּנים באַטראַכט מיך מיט נייגעריקע און אין דער זעלבער צייט פריינדלעכע בליקן און נאָך אַ קורצער פּויזע ווענדט ער זיך צו מיר:

— אויב איר ווילט פּרעצעס „יום־טוב־בלעטלעך", קאָן איך אייך זיי געבן.

אַ דערוואַרעמטער פון זיין פריינדלעכקייט, גיי איך שוין אַרויס צוזאַמען מיט אים אויפן גאַס.

גייענדיק פרעגט ער מיך, ווי אַזוי איך הייס. איך שעם זיך אַפילו אַרויסצוגעבן זיך, אין דעם סאָלדאַטסקן שינעל, מיט מיין נאָמען, וואָס איך בין חושד, אַז ער, אַ לעזער פון פּרעצעס „יום־טוב־בלעטלעך", מוז זיכער וויסן, אָבער איך אַנטפּלעק זיך...

— אָ, אַזוי, איר טאַקע!... און זיינע שיינע שוואַרצע אויגן, הגם מיט אַ שטרענגן בליק, לייכטן־אויף און ער מורמלט צופרידן:

— יע, יע... איך האָב געהערט, איך ווייס... אייער לידל אין פּרעצעס „ביבליאָטעק"... „ווען דאָס לעבן איז פאַרביטערט" איז מיר שטאַרק געפעלן...

איך רויטל זיך אַזש... אַ קאָמפּלימענט פון אַ ציווילן און נאָך אַזאַ אינטעליגענט!...

ער זאָגט מיר זיין נאָמען, — קלעבאַנאָוו (היינט ד"ר קלע־באַנס — אין ניו־יאָרק; זיין אַדרעס גיב איך ניט אָן, ווייל ער האָט געענוג פּראַקטיק סיי־ווי־סיי...), ער געפינט זיך שוין דאָ אין קאָוונע אַ פּאָר יאָר אַלס אַ גראַוויאָר. —

אַ שאָד, וואָס די צוויי פרייע שעה ענדיקן זיך שוין. איך מוז שוין לויפן צום באָד, אַריינגיין אומבאַמערקט אין „סטראָי", ווי כלומרשט אַ געוואַשענער... איך זעגן זיך מיט אים אויף שנעל... ער פרעגט־נאָך די גאַס, וואו מיין קאַזאַרמע געפינט זיך. איך גיב אים דעם אַדרעס פון מיין קאַזאַרמע, די ראָטע, דעם „וזוואָד", די אָפּטיילונג און מיר צעזעגענען זיך שוין ווי באַקאַנטע...

און אויפֿן קומענדיקן זונטאָג, בײַטאָג, ווען איך בין פֿרײַ פֿון די פּילע פּליכטן, הער איך ווי מײַן „דיאַדקע" רופֿט מיך:

— העי, רייזען... פּאָסיעטיטיעל פּרישאָל.... דאָס הייסט רייזען, אַ באַזוכער איז געקומען.

אַזוי הייסט אין קאַזאַרמע יעדער ציווילער, וואָס קומט פֿרעגן אויף אַ סאָלדאַט.

שטאַרק „כּשר" איז דאָס אַפֿילו ניט. אָבער די „נאַטשאַל־סטוואָ" אין קאַזאַרמע פֿאַרקוקט עס. קיין גזלנים איז מען אין ער־גען ניט, בפֿרט נאָך, אַז זיי ווייסן, אַז מאַנכער באַזוכער ברענגט אַמאָל גוטע „זאַכן", מיט וועלכע מען טיילט זיך אויך מיט זיי... אין קאַזאַרמע גייט אַריין קלעבאַנאָוו. די סאָלדאַטן באַטראַכטן אים מיט רעספּעקט און צוליב אים — מיך אויך. ער זעט אויס ווי אַ „באַרין", אַ פֿרייַ הייסט עס; איך אָבער בלייב מיט אים ניט לאַנג אין קאַזאַרמע, מיר גייען אַרויס אויפֿן הויף. — קלעבאַנאָוו רעדט זיך פֿונאַנדער מיט מיר וועגן מײַן לאַגע, צי לוינט מיר צו פּטרן די בעסטע יאָרן אין קאַזאַרמע. ער האָט שוין גערעדט וועגן מיר מיט זײַנע פֿרײַנד און אויב איך וויל, קען מען מיר העלפֿן און אַרי־בערשיקן קיין אַמעריקע.

איך זאָג זיך דערפֿון אָפּ... איך שטעל מיר פֿאָר דעם אײַנדרוק, וואָס עס מאַכט אין קאַזאַרמע און אין גאַנצן פֿאָלק און נאָך ווייטער, ווען אַ ייד אַנטלויפֿט אינמיטן דינען... די לײַדן, וואָס די יידישע סאָלדאַטן, וועלכע בלײַבן איבער, האָבן אויסצושטיין... קלע־באַנאָוו איז מיט מיר מסכּים. וועט מען זען אַזוי גרינגער מאַכן מיר די „סלוזשבע" גופֿא...

און עס בלײַבט, איך זאָל אָנשטאָט צו דינען מיטן ביקס ווערן אַ מוזיקאַנט.

ער באָרגט מיר אויס צען רובל — די הוצאות, וואָס עס דאַרף קאָסטן אויף אַרײַנצוקומען — ערשט סוף זומער, נאָכן לאַגער — אין דער „מוזיקאַנטן־קאָמאַנדע".

די צען רובל האַלט איך אַ לענגערע צייט אויף די הוצאות. אָבער ווער קען האַלטן צו לאַנג צען רובל אין קאַזאַרמע... דאָס געלט צעגייט זיך צוביסלעך, בפֿרט אַז קיין געלט פֿון דער היים האָב

איך דאַן ניט געענטפֿערט און ניט באַקומען, איך האָב געוואוסט גוט די היימישע לאַגע... און פון די פינף און פערציק קאָפּיקעס, וואָס מען באַקומט „געהאַלט״, פאַר צוויי מאָנאַטן, איז אַוודאי שווער געווען אויסצוקומען... האָב איך מיך טאַקע געפילט שולדיק קעגן קלעבאַנאָוון. כאָטש ליידן וועל איך, ניט ער. פונדעסטוועגן האָט מיך צו אים געצויגן... און ווען ער פלעגט ניט קומען צו מיר אין קאַזאַרמע, פלעג איך שוין געפינען וועגן, ווי אַזוי צו טרעפן זיך מיט אים. און די גליקלעכסטע שעהן פון מיין דינען זיינען געווען יענע, ווען איך האָב פאַרבראַכט אין זיין אינטערעסאַנטער און באַלערנדיקער געזעלשאַפט.

אַדאַנק אים האָב איך זיך באַקענט מיט פילע אַרבעטער-טוער פון יענער צייט. איינער פון זיי, שקליאַר, איז געווען אַ קאַמאַשנשטעפּער, אַ אינטעליגענטער און אַנטוויקלטער יונגער מענטש, וואָס איז, איבעריקנס, געווען שוין אַ פאַמיליע-מאַן און געהאַט צוויי קינדערלעך. צו אים פלעג איך זיך אַריינכאַפּן אין אַ שבת און עס פלעגט אויסקומען גראָד „מיטאָג״-צייט, און כ׳פלעג — ניט אַנדערש — מוזן מיטשפּייזן. אַמאָל פלעגט ער מיך אויך פרעגן, צי ברויך איך ניט קיין קליינגעלט... וואָס איך בין זיך מודה, אַז פאָר מאָל, אין אַ גרויסער נויט, האָב איך ביי אים גענומען און עד-היום, דאַכט מיר, אַז דאָס פלעגט ער מיר אַוועקגעבן דאָס לעצטע, וואָס ער האָט פאַרמעגט, הגם די סומען זיינען געווען זייער קליין...

אויך קלעבאַנאָוו האָט מיך פון צייט צו צייט געשטיצט מיט קליינע הלוואות... אויך ער האָט פאַר מיר געקויפט „אַלע ווערק פון היינריך היינע״ אין רעקלאַמס אויסגאַבע און האָט בכלל מיך דערצויגן ווי עטוואָס אַן עלטערער (הגם ניט קיין סך מער) און איבערהויפּט — געבילדעטער, דער עיקר אין סאָציאַלע און עקאָנאָמישע פראַגן, אָבער אין ליטעראַטור איז ער אויך ניט געווען קיין עם-האָרץ. דווקא אַ מבין אויף פּאָעזיע. ער איז, ווי מיר דאַכט, געווען אַ פירער פון אַן אַרבעטער-קרייז; אַמאָל פלעגט ער מיך מיטנעמען אין געוויסע הייזער, וואו עס פלעגן זיך צוזאַמענקומען יונגע מענטשן מיט רעוואָלוציאָנערע מיינונגען... אויף מיר האָבן זיי אַלע געקוקט ווי אויף זייערן אַן אייגענעם, הגם אַ סאָלדאַט, אין אַ שינעל...

די מער סאָציאַלע לידער, וואָס איך האָב שוין דעמאָלט פאַרמעגט, פלעג איך פאַר זיי פאָרלעזן און האָב באַקומען גרויס אָנערקענונג. . . ווער ווייס, וועלכע גרויסע אַרבעטער־טוער אָט די סאָציאַליסטן־פּיאָנערן האָבן שפּעטער אַרויסגעגעבן! עס איז שוין געווען ערב „בונד“...

די צען רובל האָב איך טאַקע פאַרטאַכלעוועט, אָבער אַ מוזיקאַנט בין איך דאָך געוואָרן. דאָס איז געשען סוף זומער, ווען אונזער פּאָלק איז געשטאַנען אין לאַגער, וועלכער האָט זיך געפונען אין אַ וואַלד, זיבן ווערסט פון קאָוונע. דער אַלטער דייטשישער קאַפּעלמייסטער, וועלכער האָט געוואָלט האָבן אַ גוטן אָרקעסטער, האָט סיי־ווי־סיי אויסגעקליבן יידן פאַר מוזיקאַנטן, צי מ׳האָט אים אונטערגעקויפט פריער צי ניט... דער גרעסטער טייל האָט אים יאָ געמוזט פריער אונטערקויפן. מיך האָט ער כלומרשט אויסגעקליבן דערפאַר, וואָס מיינע ליפּן זיינען אים געפעלן געוואָרן און — ווי מען האָט אים געזאָגט, וואָס איך בין אַ „גראַמאָטנער“... פאַר אַ „גראַמאָטנעם“ האָב איך געשמט אין גאַנצן פּאָלק...

אַריינקומענדיק צוריק קיין קאָוונע, בין איך שוין אַריין אין דער מוזיקאַנטישער קאָמאַנדע, אַ מין מיליטערישע קאָנסערוואַטאָריע, און דאָרט בין איך שוין באַפרייט געוואָרן סיי פון דער ביקס און סיי פון דעם שווערן דינסט בכלל, הגם די ערשטע צייט, אַלס „שילער“, געהערט מען נאָך אָפיציעל צו דער ראָטע...

אין דער מוזיקאַנטן־קאָמאַנדע האָב איך פרייער אָפּגעאָטעמט... קיין דיסציפּלין איז כמעט ניטאָ. אמת, אַרבעטן אויף דער קיך איינמאָל אין צוויי וואָכן מוז מען אויך דאָ... אָבער די אַרבעט איז שוין אַ שפּילעווודיקע... דער הויף, וואו די מוזיקאַנטן־קאָמאַנדע געפינט זיך — דער פּאָלקאָוואָי שטאַב, הייסט עס, איז פול מיט יידישע סאָלדאַטן. דאָ געפינט זיך די „שוואַלניע“ — דאָס שניידערהויז, די „פּלאָטניע“ — דאָס סטאָלערהויז און ניינציק פראָצענט פון די אַרבעטער זיינען יידישע סאָלדאַטן... און צווישן יידן ווערט מען ניט פאַרפאַלן... מען העלפט איינער דעם צווייטן. ווער רעדט נאָך מיר — אַוודאי... אויב איך האָב נאָר געוואָלט....

דאָס שפּילן אין דער ערשטער צייט איז מיר אָנגעקומען שווער... צוליב דעם, וואָס איך בין אַ „געלערנטער“, האָט דער קאַפּעלמייסטער

מיר באַשטימט צו שפילן אויף אַ באַריטאָן, וואָס ניט יעדער איז זוכה צו אַזאַ אינסטרומענט. דער אמתער באַריטאָניסט אין אונדער אָקעסטער איז דאַן געווען אַ געדונגענער, אַ ייד, סעגעל, וואָס האָט געשפילט ווי אַ פאַכמאַן... ער האָט באַקומען 25 רובל אַ חודש געהאַלט מיט קעסט, אויב ער האָט נאָר געוואָלט עסן מיט אונז צוזאַמען... ער איז אָבער געווען אַ פאַמיליע־מאַן, פלעגט ער באַקומען רויע פראָדוקטן און אַוועקטראָגן עס זיין פרוי, זי זאָל שוין דערפון מאַכן יידישע מאַכלים... דער דאָזיקער סעגעל, אַ ייד פון אַ יאָר עטלעכע און דרייסיק, האָט טאַקע מיך פון צייט צו צייט צוגעלערנט. איך בין אים, וואו ער זאָל זיך איצט ניט געפינען — איך האָף, אַז ער לעבט נאָך — עד־היום זייער דאַנקבאַר. און אָט אַזוי בין איך געוואָרן אַ שפילער. אָנפאַנגס געשפילט „באָזשע צאַריאַ כראַני“ — אַ ברירה האָב איך געהאַט! — נאָכדעם דעם צערעמאָניאַלן מאַרש און שפעטער שוין אַלע טענץ פון אַ וואַלץ ביז אַ קאַדריל, און נאָך שפעטער — שוין ביים נייעם קאַפעלמייסטער — אוווערטורעס, פאָפורים און אַפילו סימפאָניעס... עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איך בין גאָר אַ גוטער מוזיקאַנט און די אַנדערע שילער, וואָס זיי האָט זיך די מוזיק שווער געגעבן — כמעט אַלע יידן — האָבן מיך טאַקע מקנא געווען.

אָבער געלעבט מיט מיר האָבן זיי בשלום. אַן אַנדערן פלעג איך טאַקע העלפן טיילן די „טאַקטן“ — ער האָט געמעגט שפילן אויף אַן אַנדער אינסטרומענט — געלערנט שוין אים, ווי אַזוי צוצוקלאַפן מיטן פוס, צום טאַקט... ווי אַזוי צו מאַכן דעם טרעל, אַ נאָטקעלע, וואָס גייט ניט אַריין אין חשבון פון טאַקט. היינט אַ סינקאָפיע, וואָס מאַנכע האָבן עס בשום אופן ניט געקענט באַנעמען, ווער רעדט די אַלע דיעזן און בעמאָלן, וואָס מען האָט געדאַרפט באמת זיין אַ גאון צו געדענקען, וואָס אויבן ביים שליסל איז אָנגעצייכנט און אינמיטן, אין בלאַט נאָטן — געענדערט.

מיט די „מוזיקאַנטן“, אויך כמעט אַלע יידן, האָב איך געלעבט, ווי געזאָגט, בשלום. פאַר די געבילדעטערע האָב איך מיינע לידער פאָרגעלעזן. די פראָסטערע האָבן זיך צוגעהערט און גע־

גאַפּט, און ווען עס פּלעגט עפּעס פּאַסירן אַן אויסערגעוויינלעכע פּאַ־
סירונג, פּלעגן זיי ביי מיר פּאָדערן אַ ליד...

אין יאָר 1896 איז געשטאָרבן דער קאָוונער רב, ר׳ יצחק־
אלחנן. ער איז געווען ביי די יידיש געשטימטע סאָלדאַטן זייער באַ־
ליבט פאַר זיין איבערגעגעבנהייט צו זיי, ווי זיין השתדלות ביים
אָפּלאָזן זיי אויף די יידישע יום־טובים און אַנדערע טובות, וואָס
מאַנכע יידישע סאָלדאַטן האָבן געהאַט פון דער ווירקלעך דעמאָקראַטי־
שער און איידעלער פּערזענלעכקייט, ווי ר׳ יצחק־אלחנן איז געווען,
לויט די באַגריפן פון יענער צייט. זיינען צו מיר אייניקע יידישע
סאָלדאַטן צוגעשטאַנען, איך זאָל „מאַכן אַ ליד" אויף זיין טויט...
דעם אמת געזאָגט, בין איך אַליין, הגם שוין דעמאָלט אינגאַנצן
אַ פריידענקער, שיר ניט אַ רעוואָלוציאָנער, געווען אַ באַוואונדע־
רער פון ר׳ יצחק־אלחנן. געזען האָב איך אים ביי זיין לעבן בלויז
איין מאָל, דעם ערשטן יאָר פון מיין דינען — פּסח. איך בין אַריין
אויס נייגעריקייט אין בית־מדרש, וואו ער האָט געדאַוונט. ער איז
שוין געווען אַלט און אינגאַנצן ווייס. דער בליק פון די אויגן —
אונטער די גרויסע געדיכטע ברעמען — איז נאָך געווען פריש
און יונג. געהאַלטן האָט ער זיך זייער פּשוט, יעדן סאָלדאַט, וואָס
איז צו אים צוגעגאַנגען, האָט ער באַגריסט און געפרעגט מיט אַ
שמייכל, צי האָט ער שוין אַ באַלעבאָס, וואו צו עסן פּסח, מיט
אַן אַנדערן אַפילו שפּאַס געמאַכט. דערצו איז דער רושם, וואָס
זיין טויט האָט געמאַכט איבער דער גאַנצער שטאָט, געווען אַזוי
גרויס, אַז ער האָט אויך געגרייכט צו אונז, אין דער מוזיקאַנטי־
שער קאָמאַנדע... און אויך איך, ניט מער, ווי אַ מענטש, בין אָנ־
געשטעקט געוואָרן פון אַלגעמיינעם טרויער... דאָך האָב איך שרייבן
אַ ליד אויף זיין טויט ניט צוגעזאָגט, אָבער אויך ניט אָפּגעזאָגט...
ביז — איך ווייס ניט ווי אַזוי — איך האָב זיך אַוועקגעזעצט אין
אַ פרייען אָוונט, און אונטער דעם איינדרוק פון די פילע בקשות פון
מיינע חברים די סאָלדאַטן, אָנגעשריבן אַ ליד און נאָך וואָס פאַר אַ
ליד — אַ גאַנצע עלעגיע אין קאָרגע צוואַנציק סטראָפן...

פאַרגעלעזן פאַר זיי גלייך, איז דאָס שטאַרק געפעלן געוואָרן.
עס איז באַשטימט געוואָרן, אַז איינער, אַ מוזיקאַנט פון אַ צווייטן

פּאָלק, מיטן נאָמען קומאַק, וואָס איז אויך אַ שטיקל קאָמפּאָזיטאָר, זאָל פֿאַרפֿאַסן צו דעם ליד אַ מעלאָדיע. כך הווה. דער קומאַק איז גראָד אויף מאָרגן געקומען צו זיינעם אַ פֿריינד אין אונזער מוזיקאַנטן־קאָמאַנדע. אויסגעהערט דאָס ליד, איז ער גלייך געשטימט געוואָרן, גענומען אונטערברומען עפּעס אין דער שטיל, און באַלד העכער און העכער, געשריבן אין דער זעלבער צייט אויף אַ בויגן נאָטן — פֿאַרשיידענע צייכנס. און אָט האָט ער שוין פֿאַרטיק דעם ניגון:...

נאַטירלעך, האָב איך ניט געהאַט בדעה דעם טעקסט ווען־עס איז אַריינגענומען צווישן מיינע איבעריקע לידער. דעם מאַנוסקריפּט פֿון דער עלעגיע האָב איך אַוועקגעגעבן אַן אינטעליגענטן סאָלדאַט. און אין אַ שבת, ווען ער האָט געקראָגן אורלויב, איז ער דערמיט אַוועק צו זיינע ציווילע קרובים — אַ באַלעבאַטישע אינטעליגענטע פֿאַמיליע. יענע פֿאַמיליע האָט זיך געקענט מיט דעם בוכהענדלער הורוויץ, וועלכן זיי האָבן די עלעגיע געוויזן. הורוויץ האָט עס שוין געוויזן ש. ראָזענפֿעלדן, וואָס האָט דאַן געוואוינט אין קאָוונע און שוין געהאַט אַ נאָמען אַלס אַ „נייער“ און וויכטיקער מיטאַרבעטער פֿון „המליץ“. ראָזענפֿעלדן איז דאָס ליד, ווי הורוויץ האָט מיר איבערגעגעבן, שטאַרק געפֿעלן געוואָרן און ער האָט צוגערעדט דעם בוכהענדלער אַרויסצוגעבן די עלעגיע אין אַ ביכעלע...

געשיקט מיך רופֿן — איך געדענק שוין ניט ווי אַזוי — צו הורוויצן... ער איז שוין געווען גוט און פֿריינדלעך צו מיר. „אַזוי גאָר, הייסט עס, זיינט איר דאָך גאָר אַ „משורר“ און דערצו אַ שטאַרקער ייד... זייער שיין, זייער שיין... איך וועל עס אַרויסגעבן אין אַ ביכעלע...“

האָב איך פֿאַרשטאַנען און מער נאָך דערפֿילט, אַז קיין גליק פֿאַר מיר איז דאָס ניט, הגם די פּערספּעקטיווע איז געווען אַ לאָקנדיקע— אַ ביכעלע... אָבער גאָט מיינער, דער אינהאַלט... און וואָס וועט קלעבאַנאָוו זאָגן... אמת, קלעבאַנאָוו איז דעמאָלט געווען גראָד פֿאַררייזט אין קאָברין אויף אַ שטעלע — שפּעטער איז ער ווידער געקומען קיין קאָוונע... און וואָס וועט זאָגן פֿריץ?... און אַפֿילו מיין

טאַטע דער פריידענקער... און דאָ באַט ער מיר גאַנצע פינף רובל האָנאָראַר...

באַשליס איך, אַז דרוקן יאָ, אָבער אָן מיין נאָמען... איך פאַר־ענטפער זיך, אַז אַלס סאָלדאַט טאָר איך סיי־ווי־סיי מיין נאָמען ניט אונטערשרייבן אויף אַ ווערק... סיידן עס זאָל פריער דורכגיין די מיליטערישע צענזור. געפועלט! ער, הורוויץ, הייסט עס, איז מסכים, אַז איך זאָל אונטערשרייבן ניט מיין אמתן נאָמען און עס בלייבט אונטערצושרייבן: פון בן־צבא...

און איך באַקום אַ פינפערל... דאָס ערשטע מאָל האָנאָראַר אין מזומן — ניט אין עקזעמפּלאַרן, ווי י. ל. מ״ץ און אַפילו פרץ האָבן געצאָלט...

הורוויץ האָט אָבער בשתיקה פון מיר אַוועקגעשטעלט מיין ריכטיקן נאָמען. אַז דאָס ביכל איז ערשינען און איך האָב דערזען מיין פולן נאָמען אויפן פאָדערבלעטל פונם ערשטן עקזעמפּלאַר, איז מיך באַפאַלן אַ פחד. איך וויל ניט לייקענען, אַ שטיקעלע שמחה האָט אויך דערביי געמוזט זיין — פאָרט דער נאָמען געדרוקט שוואַרץ אויף ווייס, נאָך וואָס איך בין די ערשטע יאָרן זייער להוט געווען. אָבער איך האָב זיך שטאַרק צעבייזערט:

— וואָס האָט איר דאָ מיר אָפּגעטאָן — איך וועל דאָך שטרענג באַשטראָפט ווערן פאַר אַזאַ פאַרברעכן פון מיין „נאַטשאַלסטוואָ“ (אַז איך שעם זיך מיט מיין נאָמען אויפן ביכעלע — אַן עלעגיע אויף ר׳ יצחק־אלחנן, האָב איך ניט געוואָלט אים זאָגן, ניט צו מצער זיין אים און אפשר אויס מורא אַרויסצוגעבן זיך אַלס אַפּיקורס פאַר אַזאַ פאַנאַטיקער, ווי הורוויץ איז געווען).

זיין פרוי אָבער און אויך זיין שיינע — אין מיינע אויגן דאַ־מאָלסט — געבילדעטע טאָכטער — פאַרזיכערן מיך, אַז קיינער פון „נאַטשאַלסטוואָ“ וועט ניט וויסן. און איב יאָ, איז קוים קיין שטראָף ניט פאַר אַזאַ ליד — אויף אַ רב... פאַרקערט, איך וועל נאָך באַ־קומען אַ „נאַגראַדע“... און זעט — האָבן זיי מיך באַרויִקט און אונ־טערגעקויפט — זעט, ווי שיין דאָס ביכעלע איז אָפּגעדרוקט — אַ פאַרגעניגן צו קוקן...

פאַרפאַלן!

איך וויל אָבער אויספאָרשן די סיבה, ווי אַזוי איז אָנשטאָט מיין פסעוודאָנים בן־צבא אָפּגעדרוקט מיין נאָמען. דער בוכהענדלער דערקלערט מיר מיט אַ כיטרען שמייכעלע:

— וואָס מיינט איר, מיר ווייסן ניט ווער איר זייט? — איר האָט דאָך שוין אַ נאָמען, אין „הויזפריינד" געדרוקט און ביי פרצן אפילו...

הייסט עס, אַז ער האָט זיך געקוואַפּעט, אָט דער פרומער ייד, אויף מיין פּאָפּולאַריטעט. געשעפט, הייסט עס, איז געשעפט...

איז אויב שוין געזינדיקט, זאָל כאָטש זיין כדאי. איך פּאָדער פון אים גאַנצע הונדערט עקזעמפּלאַרן. ער וויל בלויז געבן 10.

זיין פרוי מאַכט אַ פשרה: 25 און די טאָכטער — אפשר בין איך איר געפעלן געוואָרן — הייסט געבן פופציק...

מיט די פופציק עקזעמפּלאַרן גיי איך אַוועק „אַהיים" אין דער מוזיקאַנטן־קאָמאַנדע...

אין דער „קאָמאַנדע" ווערט אַ שמחה... אפילו דער „עלטער־סטער" מוזיקאַנט, מיטן ראַנג פון אַ פעלדפעבעל, אַן אַלטער סאָלדאַט, אַ פּאָליאַק, איז אויך צופרידן. זיינער אַ מוזיקאַנט איז אַ פּאָעט...

— מאָלאָדיעץ, רייזען, רימט ער מיך.

אָנשטאָט „ראַד סטאַראַטסיאַ" ענטפער איך שוין ווי אַ פרייער מענטש: „ספּאַסיבאָ זאַ דאָבראָיע סלאָוואָ" — אַ דאַנק פאַר אַ גוט וואָרט...

די חברים־מוזיקאַנטן שושקען מיר אַריין אין אויער, אַז איך זאָל אים מכבד זיין מיט אַ פלעשעלע...

וואו נעמט מען געלט? פון די פינף רובל האָנאָראַר, וואָס איך האָב באַקומען מיט אַ זעקס וואָכן צוריק, איז שוין קיין גראָשן ניטאָ...

און איינער, אַ פּראַקטישער בחור, אַ שטויבצער, רעדט מיך אָן:

— האָסט, ברודער, ביכעלעך, פאַרקויף זיי...

— נו, קויף, זאָג איך אין אַ וויץ.

— איך? װאַרפֿט ער זיך אָפּ — מיר װעסטו געבן אַ מתּנה. פֿאַרקױף די רײַכע ײדן... אַ קלײניקײט ר׳ יצחק־אלחנן!... מען װעט דאָך דיך אָפּגילטן.

— גײ שױן, — װאַרף איך זיך אָפּ — דאָס טו איך ניט. אַ מחבר װערן?...

עס גײט אַװעק אַ פּאָר װאָכן. עס איז אַ גרױסער יום־טוב אין קאָװנע: די קרוינונג פֿון ניקאָלאַי דעם צװײטן דאַכט זיך, אָדער דער געבורטסטאָג. לכּבוד דעם שפּילט אונזער אָרקעסטער אױפֿן פּלאַץ־פּאַראַד... איך זיץ צװישן די מוזיקאַנטן מיט מײַן מעשענעם אינסטרומענט, װאָס פֿינקלט אין דער זון װי אַ גאָלדענער... מיר שפּילן אַ שטיק — אַ פּאָפּורי פֿון רוסישע פֿאָלקס־לידער פֿון גלינקאַ, איך האָב װאו־ניט־װאו צו שפּילן אַ סאָלאָ. איך קװיק מיך אַלײן מיט די פֿולע טענער, װאָס מײַן באַריטאָן לאָזט אַרױס פֿון דער הײך, אױף דער פֿרײַער לופֿט...

געענדיקט, קער איך אָפּ מײַן קאָפּ צום פּובליקום, װאָס האָט אַרומגערינגלט די קאַפּעליע. אײנער פֿון פּובליקום, אַ יונג ײדיש בחורל, זעט אױס אַ קלױזניק, קוקט אױף מיר, קוקט און װאַגט ניט צו רײדן, הגם איך מערק, אַז ער האָט מיר װאָס צו זאָגן. ענדלעך באַקומט ער מוט:

— קענט איר אפשר פֿאַרקױפֿן די עלעגיע אױף ר׳ יצחק־אלחנן?...

— האַ? — װאַך איך אױף — די עלעגיע?... פֿונװאַנען װײסט איר, אַז איך האָב עס?...

— װאָס הײסט פֿונװאַנען, עס איז דען אַ סוד?

— נו, קענט איר דאָך קױפֿן בײ הורװיצן אין בוכהאַנדלונג!...

— מיר װילן בעסער בײ אײך — שמײכלט ער תּמעװאַטע, װי אַ חסיד...

גראָד האַלט איך אין בוזעם פֿון מײַן װײסער העמדל אַ צענדלינג עקזעמפּלאַרן. געלט האָב איך טאַקע געדאַרפֿט נײטיק און איך פֿאַרקױף אײן עקזעמפּלאַר און באַקום צען קאָפּיקעס...

אין אַ װײלע אַרום בין איך באַלאַגערט געװאָרן פֿון קונים, יונגע בחורימלעך, דאַכט זיך מוסרניקעס פֿון דער סלאָבאָדקער ישיבה...

איך האָב כּהרף־עין אויספּאַרקויפט דעם גאַנצן „לאַגער" ביכעלעך — פאַר אַ רובל...

האָב איך שוין אינאָוונט געקויפט דעם „עלטסטן" מוזיקאַנט אַ פלעשעלע בראַנפן פון דעם געלט און האָב געקראָגן גרעסערע פּריווילעגיעס.

און דער פּראַקטישער חבר מיינער, דער מוזיקאַנט ברוכאַנסקי, לאָזט מיך שוין ניט אָפּ: — ברודער, זאָגט ער אויף זיין לשון, אַז שוין... טאָ זאָל רינען פון מויל, וואָס באַשטייסטו — דו ביסט אַ סאָלדאַט — אַ סאָלדאַט מעג אַלץ... פאַרקויף איך אויס אַזוי די גאַנצע פופציק עקזעמפּלאַרן צו צען קאָפּיקעס און איך גיי שוין אַוועק צו הורוויצן און קויף שוין ביי אים נאָך אַ פּאָר צענדליג עקזעמפּלאַרן. ער לייזט מיר צו פינף קאָפּיקעס און קוועלט גאָר אָן, וואָס איך קען אַזוי פאַרשפּרייטן.

די קאַזאַרמע, וואו מיר מוזיקאַנטן שטייען שוין דאָס מאָל, געפינט זיך שוין אויפן פּלאַץ־פּאַראַד... דער אייגנטימער איז אַ ייד, מאַרקוס, און אַ וואוילער ייד. באַגעגענען מיר אים, איך און מיין שותּף ברוכאַנסקי — הגם קיין טייל האָט ער ניט פאַרלאַנגט — און ברוכאַנסקי לייגט אים פאָר:

— איר, גאָספּאָדין מאַרקוס, קויפט גאָר ניט אַ ביכעלע, די עלעגיע אויף ר' יצחק־אלחנן?...

ער ווייס נעבעך ניט פון וואָס צו זאָגן.

קורץ, ער קויפט אַ ביכעלע. ער ווייס שוין אָבער פון דעם מנהג, אַז מען דאַרף אָנשרייבן אַ לכבוד... אָנגעשריבן אַ „לכבוד הגביר המפורסם" און האָב באַקומען אַ גאַנצן קאַרב...

דאָס פּנים פלאַמט...

איך זידל אויס ברוכאַנסקין, וואָס ער האָט מיך אַריינגעפירט אין אַזאַ בלאָטע... אָבער ברוכאַנסקי — אַ כּוח האָט דער פאָלקסמענטש געהאַט — לאַכט פון מיין שעמעוודיקייט און מוסרט:

— ווען איך האָב אָט דאָס ביכעלע, ווער איך אַ גביר...

קיין גביר בין איך ניט געוואָרן, אָבער ביי אַ צען רובל האָב איך אָפּגעלייזט...

ווי איצט געדענק איך איינע פֿון מײַנע קונדן, די מוטער פֿון בעל־מחשבות. אַ הויכע שיינע פֿרוי מיט דעם אמתן ייִדישן חן, אַ גבירטע, אָבער אַ דעמאָקראַטישע נאַטור. בעל־מחשבות, דעמאָלט איסר עליאַשעוו, איז יענעם זומער אַוועקגעפֿאָרן קיין היידעלבערג, האָט אָבער שוין פֿאַרעפֿנטלעכט אַ ליד אין אַ ציוניסטישער זאַמלונג, וואָס איז אויך אָנגעקומען אין קאָוונע. האָט זיך די מוטער דערמיט מיחס געווען... און טאַקע צוליב דעם, ווען איך פֿלעג פֿאַרבײַגיין אַמאָל דעם גרויסן מאַנופֿאַקטור־געשעפֿט פֿון דער פֿירמע עליאַשעוו און פֿלעג זי זען זיצן בײַ דער טיר פֿון דעם גרויסן געוועלב אַ שמייכלענדיקע, אַ צופֿרידענע, האָב איך זיך געפֿילט ווי היימישער. אָט דאָס איז די מוטער פֿון עליאַשעוו, וועגן וועלכן מען האָט דערציילט שוין דאַן אין זײַן געבורטשטאָט גאַנצע לעגענדעס. האָט מיר טאַקע, איך ווייס ניט ווער און ווי אַזוי, איינער פֿון מײַנע ציווילע פֿרײַנד פֿאָרגעשטעלט פֿאַר איר, און זי האָט בײַ מיר געקויפֿט אַ ביכעלע און מיר אַ שײַנענדיקע דערלאַנגט גאַנצע צוואַנציק קאָפּיקעס...

איך האָב זיך שטאַרק פֿאַרשעמט און באמת ניט געוואָלט נעמען...

— איך גיב אײַך אַ מתנה — האָב איך איר אויפֿריכטיק פֿאַרזיכערט — אײַער זון שרײַבט דאָך אויך... איך ווייס... כ׳האָב געהערט פֿון אים...

אָבער זי, אַ פֿרײַנדלעכע, אַ ליבלעכע, מיט אַ מוטערלעכן שמייכל, האָט זיך אויף מיר אָנגעבייזערט. איך געדענק עס ווי איצטער:

— געהערט אַ ביסל! אַזאַ יונגער מאַן ווי איר — אַ סאָלדאַט! איר דאַרפֿט דאָך האָבן. אָנשרײַבן אַזאַ ליד איז דען גרינג? עס קומט דאָך אײַך. וואָס איז די חכמה — טיילן אומזיסט... געהערט אַ ביסל!...

---

# עלפטער קאַפּיטל

מיין ליד וועגן שטיין אויף „קאַראַול“. — מיינע אַנדערע לידער פון יענער צייט. — דער נייער קאַפּעלמייסטער. — דער נייער קאָמאַנדיר פון פּאָלק — אַ ליבהאָבער פון מוזיק. — די ניי אָנגעקומענע היימישע מוזיקאַנטן. — דער וויאָלאָנטשעליסט סטופּעל פון ווילנע. — דער טראָמבאָניסט הורוויץ. — איך ווער אויס יחסן. — אונזער אָרקעסטער טיילט זיך אין צוויי — שטרייך־אָרקעסטער און בלאָז־אָרקעסטער. — דער שטרייך־אָרקעסטער פאָרט אויף גאַסטראָלן קיין ליבאַווע. — איך שפּיל אין קאָווענער גאָרטן. — דער יידישער געהילפס־קאַפּעלמייסטער. — זיין באַציִונג צו מיר. — די שפּאַצירנדיקע פּאָרלעך אין קאָווענער גאָרטן. — א. דעווינישסקי (א. ווייטער) און דמיטרי צענזאָר.

די אַנדערע, די „אמתע“ לידער, וואָס איך האָב געשריבן די ערשטע צייט פון מיין „דינען“, סיי זייענדיק אין קאַזאַרמע, סיי שפּעטער — אַלס מוזיקאַנט אין דער מוזיקאַנטישער קאָמאַנדע — זיינען געווען ניט פיל. כ'האָב ניט געהאַט די געלעגנהייט צו בלייבן מיט זיך אַליין, ביחידות... נאָר אויב איך האָב שוין יאָ געשריבן, איז עס געווען אַ ליד, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פון דער טיפעניש פון נשמה, און וואָס שרייבן האָב איך עס שוין ג ע מ ו ז ט אַפילו אין קאַזאַרמע, צי אַפילו אונטערן אָפענעם הימל אויף דער „וואַכט“... צו יענעם ביסל לידער געהערט דאָס ליד „אויף קאַראַול“, וואָס איך האָב אָנגעשריבן אין דעם „וואַך־ביידל“, אויפן פעלד, נאָכדעם ווי איך בין דאָס ערשטע מאָל געשטאַנען אויף מיין פּאָסטן און געהיט אַ געוויסן „פּאָרט“, אַ געביידע מיט פּולווער... אָפּגעשטאַנען די ערשטע צוויי שעה און פאַרביטן געוואָרן פון אַ צווייטן סאָלדאַט, בין איך אַוועק אין ביידל, וואו איך האָב געהאַט — נאָך צוויי שעה שטיין — פיר שעה רו. דער איינדרוק פון מיין שטיין די ערשטע צוויי שעה אויף דער וואַך אין אַ וויסטער געגנט, מיט דער ביקס אויף דער פּלייצע איז געווען זייער שטאַרק — שרעק מיט שטאָלץ געמישט. דאָס אָנפאַרטרויען מיר, אַ יידישן בחור,

אַזאַ פּעסטונג, מיט געקינסטלטע בערגלעך, טאָלן, גריבער און באַ־האַלטענע אַרויסגאַנגען און אַריינגאַנגען, פול מיט סודות און פאַר־באָרגעניש — דאָס האָט מיר געגעבן מוט. די ערשטע צוויי שעה האָבן זיך מיר געצויגן ווי אַן אייביקייט. עס האָט זיך מיר אָנגעהויבן דאַכטן, אַז איך וועל שוין אַזוי אַ פּאַרגליווערטער בלייבן דאָ שטיין מיט דער ביקס אויף דער פּלייצע אויף אייביק. אַלץ האָט אַזוי אַראָפּ־געקוקט שטרענג, אַפילו דער הימל, וואָס איז דווקא אין יענעם טאָג גע־ווען ריין און קלאָר. בלויז וואו־ניט־וואו האָבן געשוואומען ווייסע, פוכיקע וואָלקנדלעך; זיי האָבן מיר אויסגעוויזן, ווי זיי היטן מיך, אַז איך זאָל היטן. אַפילו די קו — איך האָב ניט פאַרשטאַנען און ניט געקענט באַגרייפן, ווי קומט אַהער אַ קו — וועלכע האָט תמעוואַטע געקייט דאָס גראָז, וואָס זי האָט אָנגעריסן אַלע ווײַלע פון דעם גרין־באַגראָזטן פעלד — האָט אויך עפּעס נאַריש, אָבער געניג ערנסט געהיט. און אָט איז פּלוצים דער הימל טונקל געוואָרן, פון די ווייסע וואָלקנדלעך איז איין וואָלקן געוואָרן, פון וואָלקן אַ כמאַרע. באַלד האָט אַ בליץ דורכגעשלענגלט, באַגלייט פון אַ שטאַרקן דונער, אַ שלאַקס רעגן האָט אָנגעהויבן גיסן.

— שיצן זיך — וואו?

די קו איז ערגעץ פאַרשוואונדן. איך האָב אַפילו ניט באַמערקט ווי אַזוי...

איך בין געבליבן שטיין אומבאַשיצט, און דער רעגן האָט אויף מיר געגאָסן ווי אויף דער געביידע, וואָס כ'האָב געהיט, ווי אויף די פאָר ביימלעך, וואָס זיינען אַנטקעגן געשטאַנען און האָבן זיך געבויגן און געשראָקן. איך האָב זיך ניט געבויגן און ניט געשראָקן. איך בין געשטאַנען אומבאַוועגט. דער־פאַר אַז אַ צווייטער האָט מיך געביטן און איך בין געקומען אין דער וואַך־ביידל — „קאַראַולנאַיאַ פּאָמיעשטשעניע" — האָב איך דעם שטאַרקן איינדרוק באַלד אויסגעגאָסן אין פּליסנדיקע פערזן:

„אין ווערט דער הימל פינסטער, שוואַרץ,<br>
באַדעקט מיט וואָלקנס פול;<br>
אָ, דאַן באַדויער מיך, מיין פריינד —<br>
איך שטיי אויף קאַראַול.

אַן גיט דער דונער הויך אַ קלאַפּ,
עס ציטערט אַזש דיין הויז;
אָ, דאַן באַדויער מיך, מיין פריינד,
און לאָז אַ טרער אַרויס...
אָ, דאַן באַדויער מיך, מיין פריינד,
און זאָג מיט מיטלייד פול:
ווי שרעקלעך איז אין דונער־בליץ
צו שטיין אויף קאַראַוּל.

און גיסט דער רעגן האַסטיק, לאַנג,
דו לויפסט אַהיים זאַפּאַרט,
אָ, דאַן באַדויער מיך, מיין פריינד, —
איך ריר זיך ניט פון אָרט.
באַדויעד מיך, מיין ליבער פריינד —
דו זיצט שוין אויף דיין שטול;
דער רעגן נעצט און ווייקט מיך אויס,
איך שטיי אויף קאַראַוּל...

און שטורעמט אין דער היים ביי אייך,
ווער רייסט מיט גוואַלד די טיר,
און פייפט און קנאַקט און יאָמערט ווילד —
אָ דאַן באַדויערט מיר.
דאַן פלאַצן דעמבעס אויך אין וואַלד
און חיות פאַלן פול,
איך איינער שטיי נאָר אומבאַוועגט —
איך שטיי אויף קאַראַוּל...

איז שוין דער שטורעם כּדאי געווען. דאָס ליד האָט מיך דעמאָלט שטאַרק צופרידנגעשטעלט. איך וואָלט זיך געוואונטשן אַזוי־נע שטורעמס יעדעס מאָל, ווען מיר איז אויסגעקומען צו שטיין אויף „קאַראַוּל", וויבאַלד אַז דער שטורעם רופט אַרויס אַזעלכע לידער...

אין דער מוזיקאַנטישער קאָמאַנדע האָב איך שוין געשריבן בערך מער; לידער, אָדער גליקלעכערווייז, זיינען פיל פון די לי־דער סיי אין מיין זכרון און סיי אין מיינע ווערק ניט פאַרבליבן. איך געדענק נאָך די טיטלען און דעם אינהאַלט פון אייניקע פון זיי. איין ליד האָט געהייסן „גאַמעס"... עס איז געווען אַ מין משל אויפן לעבן בכלל, ווי אַזוי עס גייט פון נידעריק ביז העכער... אַ צווייט ליד האָט געהייסן „אויפן פעלד": אַ גרויס גערעטעניש,

דאָס פעלד איז באַדעקט מיט הויכע, פולע זאַנגען, מען וועט שניידן, עס וועט זיין גענוג ברויט. פאַרוואָס־זשע איז דאָ נויט און הונגער אויף דער וועלט? פאָרט דורך אַ קאַרעטע, אין קאַרעטע זיצט אַ פּריץ, שטאָלץ קוקט ער אויפן פעלד — ס'איז זיינס און דערפאַר איז אויף דער וועלט אַזויפיל נויט. דאָס ליד, ווי מיר דאַכט, האָט פאַרמעגט אַ שיינע פאָרם; איך האָב מורא געהאַט צו האַלטן עס ביי זיך צוליבן רעוואָלוציאָנערן מאָטיוו און האָב עס דאַן אויסגעלערנט אויף אויסווייניק, זייענדיק זיכער, אַז איך וועל עס שטענדיק געדענקען...

צו שיקן די דאָזיקע לידער האָב איך אַ לאַנגע צייט, שוין אַפילו דאַן, ווען איך בין געווען אַ מוזיקאַנט, ניט געהאַט קיין פאַרלאַנג. אַגב זיינען אין יענער צייט קיין זשורנאַלן, קיין צייטשריפטן, קיין זאַמלביכער ניט ערשינען. צו שיקן אין אַמעריקע האָב איך מורא געהאַט, טאָמער וועט „נאַטשאַלסטוואָ" געוואָרן ווערן; האָב איך זיך באַנוגנט מיט דעם, וואָס איך האָב זיי פאָרגעלעזן פאַר די אינטעליגענטערע סאָלדאַטן און אַפילו פאַר די פּשוטע, וואָס האָבן אַמאָל מער פאַרשטאַנען ווי די אינטעליגענטערע.

פאַר וועמען פאָרצולייענען איז אין דער מוזיקאַנטישער קאָמאַנדע געווען גענוג. אין אָנהייב פון 1897 איז אין אונזער פאָלק אָנגעקומען אַ נייער קאָמאַנדיר, וועלכער איז געווען אַ גרויסער ליבהאָבער פון מוזיק, און ער האָט אָפּגעזאָגט דעם אַלטן דייטשישן קאַפּעלמייסטער, וועלכער האָט ניט געהאַט קיין צו גרויסע אַמביציעס, האָט געשפּילט מיט דעם אָרקעסטער בלויז מאַרשן, טענץ, קליינע לייכטע אוווערטורעס און האָט בכלל ניט געהאַט קיין גרויסן רעפּערטואַר; ער האָט אַראָפּגעבראַכט אַ קאַפּעלמייסטער אַ טשעך, וואָס האָט געבראַכט מיט זיך פולע קאַסטנס מיט נאָטן. דער דאָזיקער קאַפּעלמייסטער מיטן נאָמען מאַריך האָט אויסגעזען טאַקע ווי אַן עכטער קאָמפּאָזיטאָר הגם אין מיליטערישער אוניפאָרם. זיינע ברייטע און לאַנגע בלאָנדע וואָנצעס, זיינע גרויסע גרויע שטרענגע אויגן (בטבע איז ער גראָד ניט געווען קיין שלעכטער) האָבן אים צוגעגעבן פאָרנעמקייט; דער נייער קאָמאַנדיר פון פאָלק אַליין, פּאָלקאָווניק בעזסאָנאָוו, האָט גערעדט מיט אים מיט גרויס רעספּעקט.

דער דאָזיקער פֿאָלקאָווניק האָט געהאַט אַמביציע, אַז דער אָר־קעסטער פֿון זיין פּאָלק זאָל זיין דער בעסטער אין דעם גאַנצן גאַרניזאָן... עס זאָל זיין אַ סימפֿאָנישער אָרקעסטער...

ער האָט זיך געקליגט, מיט דער הילף פֿון איניקע יידישע מוזיקאַנטן, אַראָפּצוברענגען פּראָפֿעסיאָנעלע מוזיקאַנטן, וואָס זיינען געשטאַנען צום פּריזיוו אין יאָר 1897 אין מינסק און אין ווילנע. די באַשטימונג איז אין יענעם יאָר פֿאַר זיי געווען צו גיין דינען אין אַנדערע שטעט, נאָר דער פֿאָלקאָווניק האָט אָבער אויסגע־מאַכט אַזעלכע פֿאַפּירן און זיי צוגעשיקט קיין מינסק און קיין ווילנע, מיט דער הילף פֿון אַ יידישן סאָלדאַט־מוזיקאַנט, צאַרפּין. אַ קלוגער און דורכגעטריבענער יונג, האָט צאַרפּין אין דער צייט פֿון פּריזיוו באַזוכט ווילנע און מינסק און אַראָפּגעבראַכט אַ חברה הײמישע מוזיקאַנטן. אַ פּאָר פֿון זיי, סטופּעל, אַ וויאָלאָנטשעליסט, און הורוויץ, אַ טראָמבאָניסט, זיינען געווען מוזיקאַנטן פֿון אָן אָפּערן־אָרקעסטער... סטופּעל איז געווען אַ קאָנצערטיסט... דערפֿאַר האָבן די דאָזיקע סאָלדאַטן אַלס „נאָוואָבראַנצעס“ ניט געדאַרפֿט דינען מיט דער ביקס און זיי זיינען גלייך אָנגעקומען אין מוזיקאַנטן־קאָמאַנדע...

די קאָמאַנדע האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַן עכטער קאָנסער־וואַטאָריע אָדער מוזיקאַנטן־אַקאַדעמיע. מען איז פֿאַרטרונקען געוואָרן אין קלאַנגען. צוויי אָרקעסטערס, אַ בלאָז־אָרקעסטער און אַ סטרונעג־אָרקעסטער, מיט אַלערליי קלאַפּערגעצייג, אַפֿילו מיט „ליטאַווריעס“...

איידער די היימישע מוזיקאַנטן זיינען אָנגעקומען, בין איך געווען אַ שטיקל יחסן, געשפּילט אויף באַריטאָן, שיר ניט קיין סאָלאָס, נאָר דאָ האָט דער ניי־אָנגעקומענער הורוויץ דער טראָמבאָניסט באַוויזן, אַז ער קען אויך שפּילן באַריטאָן, ווייל טראָמבאָן און באַריטאָן האָבן איין מונדשטיק און איין שטימע — ביים שליסל... האָט ער טאַקע געשפּילט אין דעם בלאָז־אָרקעסטער אויפֿן באַריטאָן... אַנטקעגן זיין שפּילן בין איך שוין געווען אַ קנאַפּער שפּילער. פֿלעג איך די ערשטע פּאָר וואָכן מורא האָבן צו נעמען אַ טאָן, איך בין געזעסן אין אָרקעסטער לעבן אים. הגם באַצויגן זיך צו מיר האָט ער פֿריינדלעך, מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל, ווי איינער זאָגט: וואָס קען מען פֿאַרלאַנגען פֿון אַ מענטש, וואָס שפּילט ערשט אַ

האַלב יאָר... לערנען מיך האָט ער אָבער קיין חשק ניט געהאַט. אָנשטאָט צו לערנען מיך פלעגט ער מיר הייסן ביי שווערע שטעלן — שווייגן...

— שווייגט, רייזען, די טענער וועל איך שוין מיט גאָטס הילף אַליין דורכקריכן...

און אַ שמייכל טאָן אין זיינע גאָלדענע וואָנצעס. אַ שיינער יונג געווען, אָט דער הורוויץ, אַ הויכער, אַ פעסט־געבויטער. איך האָב אים ליב געהאַט און איבערהויפּט גרויס כבוד געהאַט צו אים, הגם קיין גרויסער געלערנטער איז ער ניט געווען און אויסער אַ בלאַט נאָטן האָט ער ניט געליינט.

און ער איז ווירקלעך געווען אַ שפּילער! איבערהויפּט אויפן טראָמבאָן, אמת, אַ געוויינלעכן. אַ צוג־טראָמבאָן האָט אַפילו דער אָרקעסטער אויך פאַרמאָגט אין זיין „אוצר“, אָבער געשפּילט אויף אים האָט בלויז דער נייער קאַפּעלמייסטער אַליין, מאַריך, און דווקא שלעכט געשפּילט. הורוויץ פלעגט אין דער שטיל לאַכן פון אים...

דער הויפּט־יחסן אָבער איז געווען סטופּעל — אַ קליינער, אַ קרענקלעכער, נאָר אַ חנעוודיקער, מיט וואונדערלעך גרויסע, שיר ניט גרינע אויגן, אַ פריילעכער, ניט געקוקט אויף זיין קרענקלעכ־קייט... אַז ער פלעגט זיך אַוועקזעצן אינמיטן אָרקעסטער אויפן שטול, די וויאָלינטשעל צווישן זיינע קני און אַ פּוח געטאָן מיטן בויגן איבער די סטרונעס, פלעג איך שיר ניט אויסגיין פאַר מתיקות... פּילע שטיק האָט ער כמעט געשפּילט אַליין און די פידלען האָבן אים קיינער ניט באַגלייט. איבערהויפּט האָט ער מיר מיין חיות אַרויסגענומען אין „באַרקאַראָלאַ“ פון טשאַיקאָווסקין.... עס האָבן זיך געגאָסן טענער, פולע, גערדיכטע און ברויזנדיקע, ווי פון אַ טיפן איינגענעמען וויי, אַ קלאָגן זיך מיט שטאָליץ, אַ פאַרגיין זיך אין נעפּלדיקע ווייט־קייטן...

ער איז געווען — ניט געקוקט אויף זיין קרענקלעכקייט — דער ליבלינג פון אונז אַלעמען. אויך דער קאַפּעלמייסטער האָט אים טייער געהאַלטן, אים אָפּגעהיט פון צופיל פּראָבן מאַכן, ווי מיט אַנ־דערע פון אָרקעסטער. סטופּעל האָט זיין „פּאַרטיי“ סיי־ווי־סיי גע־קענט...

ער איז אויך געווען באַריכמט אין גאַנץ קאָוונע. אַז מען האָט אַנאָנסירט אין די רוסישע ציימונגען און אויף די אַפישן, אַז סטופעל וועט שפּילן, איז דער טעאַטער, וואו אונזער אָרקעסטער פלעגט אין געוויסע אָוונטן פון יענעם ווינטער געבן סימפאָנישע קאָנצערטן, געווען געפּאַקט — סיי מיט אָפיצירן און סיי מיט ציווילע... די ציווילע זיינען באַשטאַנען פון די יידישע פּני; די שענסטע מיידלעך, די גימנאַזיסטקעס פלעגן מיט באַגייסטערונג אויפשטעלן זיך און אין עקסטאַז רופן:

— סטופעל! סטופעל!

אַלס „סאָלדאַט“ האָט ער זיך ניט געטאָרט נייגן. נאָר ווי מיר דאַכט, פלעגט ער זיך יאָ אַמאָל אַ נייג טאָן.

אין דעם שטרייך־ אָדער פידל־אָרקעסטער האָב איך, אַלס באַריטאָניסט, ניט געדאַרפט שפּילן. אָבער דער קאַפּעלמייסטער האָט ליב געהאַט, אַז דער אָרקעסטער זאָל זיין גרעסער ווי אַ סימפאָנישער אָרקעסטער דאַרף זיין. נו, האָט ער מיר געהייסן שפּילן אויפן צווייטן טראָמבאָן... אויפן ערשטן טראָמבאָן האָט געשפּילט הורוויץ. האָב איך געהאַט מער צו ציילן פּאַוזן, ווי צו שפּילן, אָבער דאָס ציילן פּאַוזן איז געווען שווערער, ווי דאָס שפּילן. מער וואָלט ניט געפעלט, ווען איך וואָלט ניט ריכטיק אָפּגעציילט אַ צאָל פּאַוזן — אַמאָל ביז דריי הונדערט — און געבן אַ פּאָר אַריין מיט אַ פערטל נאָטע אין בעטהאָווענס אַ סימפאָניע. דער קאַפּעלמייסטער, וואָס האָט געפּאָכט מיטן שטעקעלע ווי אַן אמתער מכשף און געוואוסט, אַדאַנק דער פּאַטאַסור, וואוהין ער האָט אַריינגעקוקט, וואו יעדער מוזיקאַנט דאַרף אַריינמישן זיך מיט אַ טאָן, פלעגט מיר אויך אָנווייזן, וואו איך דאַרף געבן דעם ריכטיקן בלאָז און ווען איך דאַרף אויפהערן...

אָבער מיין שטערן אַלס באַריטאָניסט איז דאָך ווידער אויפגעגאַנגען. דאָס איז געווען דאַן, ווען אין די מאָנאַטן יוני, יולי, אַווגוסט איז אונזער שטרייך־אָרקעסטער איינגעלאַדן געוואָרן צו פּאָרן שפּילן אין ליבאַווע, ערגעץ אין אַ גאָרטן. געבליבן איז אין קאָוונע דער בלאָז־אָרקעסטער, וואו איך האָב שוין פאַרנומען מיין פּלאַץ אַלס באַריטאָניסט און אַפילו סאָליסט. אמת, קיין סימפאָניעס האָבן

מיר שוין ניט געשפּילט מיט ניט־היימישע מוזיקאַנטן; נאָר אויס־געלערנט ערשט אין קאָמאַנדע — איז געגוג, אַז מען שפּילט אַן אוווערטורע „ווילהעלם טעל“. אָבער אַ סאָלאָ האָב איך דאָ אויך און גלייך ביים אָנהייב... דער גאַנצער אָרקעסטער וואַרט און איך שפּיל אָפּ אַ גאַנצן טאַקט, נידעריק, העכער, העכער, ביז דעם אייבערשטן צע...

טאַ־טאַאַאַ־טאַאַאַאַ־טאַאַאַאַ...

דער שטרייך־אָרקעסטער מיט די גדולים־מוזיקאַנטן, סטופּעל, הורוויץ, פרידמאַן און סימכאָוויטש — טאַקע אמתע אַרטיסטן, שפּילן אין ליבאַווע, אָבער אויך מיר, די איבערגעבליבענע, ביי אַ דרייסיק פּערזאָן, זיינען ניט קיין לײדיקגייער. דער נייער קאָמאַנדיר וויל אויך מיט אונז מאַכן אַ תכלית...

אונז פאַרדינגט ער דער שטאָט קאָוונע גופא, וואָס פאַרמאָגט אויך אַ גאָרטן, און אַלע אָוונט שפּילן מיר אין קאָוונער גאָרטן. בין איך שוין דער יחסן... דער איינציקער באַריטאָניסט. דער אמתער קאַפּעלמייסטער, מאַריך, איז אין ליבאַווע, נאָר מיר האָבן דאָ אויך אַ קאַפּעלמייסטער — און דווקא אַ ייד — ער הייסט לייבקע מוזיקאַנט, אַ קלעזמער פון קאָוונע, אָבער אַ גוטער מוזיקער, שרייבט אַליין מאַרשן און אַפילו וואַלצן און שפּילט אויך אויפן פידל ווי סטעמפּעניו בשעתו... דאָס איז אַ יונגערמאַן פול מיט אַמביציעס, הגם אָנפאַנגס אַ „וואָלנאָנאַיאָמגי“, אַ פריי־געדונגענער צו שפּילן אין שטרייך־אָרקעסטער (ביי מאַריכן, דעם אמתן קאַפּעלמייסטער, איז ער מיט דער צייט געוואָרן געהילפס־קאַפּעלמייסטער; שפּעטער, דאָס לעצטע יאָר פון מיין דינען, איז ער געוואָרן אויך קאַפּעלמייסטער אויף מאַריכס פּלאַץ).

ווען מאַריך איז מיטן שטרייך־אָרקעסטער אין ליבאַווע, איז לייבקע מוזיקאַנט דער קאַפּעלמייסטער. ער טראָגט אַ אוניפאָרם פון אַן אמתן קאַפּעלמייסטער און דיריגירט, הגם אַ קליינגעוויקסיקער, מיט אַ געהויבנקייט און שטאָלץ. פון מיר וויל ער מאַכן אַ „לייט“. ווייסן וויים ער, אַז איך בין ניט אַבי־ווער, ער וויים אַפילו פון מיין עלטערע אויף ר׳ יצחק־אלחנן. אַליין אַ באַלעבאַטישער יונגערמאַן,

וואָס פאַרמאָגט אַן אייגן הויז מיט אַ „זאַל“ פאַר יידישע חתונות, איז ער אַוודאי יידיש געשטימט. נאָר אַז מען טראָגט אַ אוניפאָרם פון אַ קאַפּעלמייסטער, מיט גאָלדענע קנעפּ און מיט אַ קאָקאַרדע, ווילט זיך אַ קאַפּיטשקע כבוד... אַז ער גייט אַריין אינדערפרי אין קאָמאַנדע, צו מאַכן די פּראָבן מיטן אָרקעסטער, גיט ער אַ זאָג, ווי אַן אמתער קאָמאַנדיר: „זדראַוואָ, בראַטצי!“ — דאַרף מען דאָך אים ענטפערן: „זדראַוויאַ זשעלאַיעם, וואַשע בלאַגאָראָדיע!“ אָבער ניט די דריי-פיר קריסטלעכע סאָלדאַטן, ניט די דרייסיק יידישע סאָלדאַטן ענטפערן... ווער רעדט אויפשטעלן זיך פאַר אים, ווי עס „פּאָלאַגאַיעט“ זיך כלומרשט, שטעלט מען זיך אַוודאי ניט אויף, אויסער דעם רוס קאָזלאָוו, וואָס שפּילט אויפן גרויסן מעשענעם באַס, וואָס ער טוט זיך אָן, דער באַס, הייסט עס, ווי אַ כאָמוט איף דער ברוסט — דער קאָזלאָוו, אַז ער ענטפערט, שטעלט ער זיך אויף...

פון מיר פאַרלאַנגט ער כבוד... איך, בטבע אַ רעוואָלוציאָנער, וויבאַלד איך קען זיך אַרויסדרייען פון קאַזיאָנע אָנשטעלן, דריי איך זיך אַרויס, הגם איך שעץ לייבקען פאַר זיינע מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציעס... איז ער אויף מיר אָנגעשטויסן, און איינמאָל האָט מען מיך שיר ניט געשיקט צוריק אין ראָטע, דינען מיט דער ביקס, צוליב אים.

נאָכדעם איז ער שוין ווייכער געוואָרן, האָט זיך געכאַפּט, אַז ער איז צו ווייט געגאַנגען, און אונזערע באַציונגען זיינען שוין געוואָרן שיר ניט פריינדלעכע. פלעגט אַמאָל אַפילו מיר אין דער שטיל אַריינזאָגן אַ קלעזמעריש ווערטל, און דווקא אויף יידיש... נאַטירלעך, פאַרגיב איך אים איצט אַלע „קליינלעכקייטן“, וואָס ער איז קעגן מיר באַגאַנגען. אַגב-אורחא, ער וואוינט איצט אין באָסטאָן און איז אַ פאָטער פון וואונדערלעך-באַגאַבטע קינדער. איין זון זיינער — מוסיקאַנטאָ — איז דאָ אַ באַדייטנדיקער וויאָלינִיסט און בכלל אַ ליבער יונג. אַז מיר טרעפן זיך אַמאָל, מיטן זון, הייסט עס, זיינען מיר אַדרבא-ואַדרבא — שטאַרק פריינדלעך, הגם איך דערצייל אַלע פאַריבלס, וואָס איך האָב געהאַט אויף זיין באַגאַבטן טאַטן... אַ יונג מיט הומאָר, ווי אייגנטלעך זיין פאָטער איז

געווען, נאָר דער מונדיר האָט אים אַ ביסל געשטערט. לאַכט ער גוטמוטיק פֿון אַמאָליקע צייטן, ווען מענטשן האָבן טײלמאָל ניט פֿאַרשטאַנען, ווי אַזוי צו באַגיין זיך מיט זייערע מיט־מענטשן...

נאָר צוריק צום קאָוונער גאָרטן...

האָבן מיר אין יענעם זומער — 1897 — געשפּילט אין קאָוונער גאָרטן. מיין פּלאַץ אין אָרקעסטער איז געווען פֿון די ערשטע. געזעסן בין איך אויף דער עסטראַדע אין פּראָפֿיל צום פּובליקום. געקנאַקט מיינע סאָלאָס פֿון דער אוווערטורע „צאַמפּאַ“, „ווילהעלם טעל“ און פֿון גלינקעס „זשיזן זאַ צאַריאַ“ — און געוואָרפֿן אויגן אויפֿן עולם, אויף די יונגע פּאָרלעך, וואָס פֿלעגן דאָ פֿאַרבייגיין, דאָ זיך אַרומשטעלן האַרט ביי דער עסטראַדע... האָט לייבקע מוזיקאַנט, אונזער יידישער קאַפּעלמייסטער, זיך דאַמאָלסט געפֿלייסט נאָך מער און „אומגעמאַכט“ מיטן שטעקעלע אין אַלע זייטן, דאָ צו דער פֿלייט און דאָ צום קאָרנעט און דאָ צום באַס און דאָ צו דער פּויק מיט די טאַצן, ביי וועלכן עס איז געשטאַנען אַ געזונטער רוסישער סאָלדאַט און געקלאַפּט, ווען מ׳האָט געדאַרפֿט — מיט אַלע כּוחות, וואָס ער האָט פֿאַרמאָגט...

נאָר ווען איך האָב געהאַט אַ סאָלאָ און זי ריכטיק אָפּגעשפּילט, האָב איך געוואָרפֿן בליקן צום פּובליקום, וועלכעס פֿלעגט נאָך יעדן שטיק אונז אַלעמען שטאַרק אַפּלאָדירן. געניינט האָט זיך אָבער בלויז דער יידישער קאַפּעלמייסטער אַליין, ער האָט שוין מיט זיין נייגן זיך אויך פֿאַר אונז יוצא־געווען, אַזוי ווי איינער איז יוצא, אַז מ׳מאַכט קידוש אין הויז פֿאַר אַלע מאַנסבּיל... יעדן מוזיקאַנט אָבער, אַפֿילו דעם פּויקן־קלאַפּער, האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס אַפּלאָדירט מען בלויז אים... אַוודאי האָט זיך מיר אויך געמוזט דאַכטן, אַז מיינע סאָלאָס אין „זשיזן זאַ צאַריאַ“ — און איך האָב ווירקלעך געהאַט דאָרטן אַ פּאָר שיינע סאָלאָס, וואָס איך האָב זיי גאָר נישקשהדיק געשפּילט — האָבן שטאַרק אויסגענומען; והאָ־ראיה — אָט קוקט אויף מיר אַ שיינע מיידל, די עלטערע שוועסטער וויסבראָד...

איך האָב זי גראָד געקענט, די פֿאַמיליע וויסבראָד. זייער מוטערס אַ שוועסטער איז געווען אויסגעגעבן אין קאָידענאָוו, איך

פֿלעג זי שוין שפּעטער זען. די צוויי שיינע פֿריילינס ווייסבראָד קומען אין גאָרטן מיט אַ. דעווינישסקי (א. ווייטער) און מיט דמיטרי צענזאָר, אַן אַכצניעריקן בלאָנדין, אַ ייִנגל אַ זייד, מיט הימל־קלאָרע אויגן...

---

# צוועלפטער קאַפּיטל

די דריי נייע חברים־קאָלעגן. — א. דעווינישסקי אין די ערשטע יאָרן פון זיין שאַפן און סאָציאַליסטישער טעטיקייט. — די בריוו צו אים פון פּרצן. — פּרץ אַלס זאַמלער פון פאָלקס־לידער. — זיין העברעיִשער שיר „הנשר". — דמיטרי צענזאָר פאַרגלייכט מיך צו ניעקראַסאָוון. — די ערשטע קאַפּיטלען פון מיין פּאָעמע „מיין צוריקקער אַהיים". — י. פּראָפּוס און די בריוו צו אים פון פּרצן. — זיין כאַראַקטער. — דער אָנהייב פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. — דער אַרעסט פון א. דעווינישסקי. — מיינע כתבים אין זשאַנדאַרמעריע. — אַ מייל באַקום איך ענדלעך צוריק. — דער קאָוונער ראַבינער אַלס צענזאָר. — מיינע קורצע באַגעגענישן מיט א. דעווינישסקי אין שטאָטגאַרטן. — דער אומהיימלעכער זשאַנדאַרמסקער פּאָלקאָווניק אַ פּאַטריאָט פון אונזער אָרקעסטער. — מיין שרעק פאַר אים.

דער אורשפּרונג פון מיין באַקאַנטשאַפט מיט א. דעווינישסקי, מיט דמיטרי צענזאָר, דעם שפּעטערדיקן רוסישן פּאָעט, און מיט דעם דיכטער י. י. פּראָפּוס — קאָן איך זיך ניט דערמאָנען. איך געדענק נאָר, אַז מיט די דריי, מיר דעמאָלט זייער נאָענטע יונגע־לייט, כמעט נאָך בחורימלעך, האָב איך זיך באַקענט כמעט ווי אין איין צייט. דאָס האָט שוין געמוזט זיין אַרום 1897, ווען איך האָב געהאַט צו דינען בלויז נאָך איין יאָר און אַלס מוזיקאַנט האָב איך געהאַט די פרייהייט און די געלעגנהייט צו טרעפן זיך מיט ציווילע מענטשן בכלל.

עס איז שוין געווען אַלנפאַלס נאָכדעם, ווי איך האָב באַקומען אורלויב צו פאָרן אַהיים, קיין מינסק, און האָב אויך באַזוכט קאָידענאָוו, געהאַט אָנגעשריבן צוריקקומענדיק קיין קאָוונע די ערשטע קאַפּיטלען פון מיין פּאָעמע — „מיין צוריקקער אַהיים"...

די דאָזיקע ערשטע קאַפּיטלען פון דער פּאָעמע, מיט נאָך אַ פּאָר קליינע לידער פון קאָוונע געשיקט ווידער צו פּרצן — אַליץ

אויפֿן אַדרעס צעגליאַנאַ נומער איינס. דער ענטפֿער איז געווען אין זייער אַ פֿריינדלעכן טאָן. אפֿשר ווייל דאָס האָט אים שוין געשריבן אַ סאָלדאַט... „אײַער ליד „פֿון חומש“ — אויסגעצייכנט!“ אין דעם זעלבן בריוו האָט מיר פּרץ צוגעשיקט אַ געדרוקט בלעטל אין לאַטיינישער שריפֿט מיט יידישע פֿאָלקלידער, אַרויסגעגעבן אין ווין פֿון דאָקטאָר גרונוואַלד. די לידער זיינען געווען געזאַמלט פֿון י. ל. פּרץ. אין בריוו דערקלערט מיר פּרץ, אַז ער האָט זיך אונטערגענומען זאַמלען יידישע פֿאָלקס-לידער, וועלכע ער שיקט אַריבער קיין ווין צו אַ פֿאָלקלאָר-געזעלשאַפֿט. און דערקלערנדיק די גרויסע באַדייטונג פֿון דער דאָזיקער פֿאָלקלאָריסטישער אַרבעט, בעט ער מיך, איך זאָל אים צושיקן וואָס מער פֿאָלקס-לידער. האָב איך זיך אַ נעם געטאָן מיט פֿלייס און ברען צו זאַמלען זיי. צוערשט האָב איך אים געשיקט אַזעלכע לידער, וואָס איך האָב געדענקט פֿון מיין קינדהייט, לידער, וואָס מיין מאַמע, מיין באָבע און יידישע מיידלעך פֿון מיין גאַס, אין דער היים, האָבן געזונגען. נאָכדעם האָב איך שוין זיך געווענדט צו די יידישע מוזיקאַנטן, וועלכע האָבן מיר פֿאָרגעזונגען יידישע פֿאָלקס-לידער, און איך האָב זיי געשיקט צו פּרצן, גרייט אים צו העלפֿן אין זיין וויכטיקער אַרבעט.

מיט וואָס צו ווייזן זיך פֿאַר א. דעווינישסקין, אין וועלכן איך האָב שוין דעמאָלסט געזען אַ צוקונפֿטיקע גרויסע ליטעראַרישע און אפֿשר אויך פֿירערישע קראַפֿט, — האָב איך שוין געהאַט גענוג. אַ העפֿט לידער, אַ פּעקל בריוו פֿון פּרצן, בריוו פֿון שלום-עליכמען מיט אַ געדרוקטער הסכּמה אונטער דער סעריע געדרוקטע לידער אין דער פֿילאַדעלפֿיער „שטאָדטצייטונג“, וואָס איך האָב, אמת מיט שרעק, מיטגענומען אין קאַזאַרמע און זיי שטאַרק אָפּגעהיט (די אויסדרוקן וועגן צאַר אויף דער צווייטער זייט, וואָס דער אויסשניט האָט פֿאַרמעגט, האָב איך, וואַרשיינלעך, פֿאַרמעקט, אָדער זיך אַן אַנדער עצה געגעבן. אויך האָב איך דעמאָלסט פֿאַרמעגט נייע לידער געדרוקט אין דער ניו-יאָרקער דעמאָלסטיקער „אַרבעטער-צייטונג“ (אָדער „אָוונטבלאַט“), וואָס מיין פֿריינד קלעבאַנאָוו האָט פֿאַר זיין רייזע אין יענעם יאָר קיין אַמעריקע, מיך באַזוכנדיק אין „קאָמאַנדע“ צו זעגענען זיך מיט מיר — זיי מיטגענומען און קומענדיק קיין ניו-יאָרק

פאַרעפנטלעכט אין איינער פון די דערמאָנטע צייטונגען. דאָס ליד „אויף קאַראַוול“ האָט ער אָפּגעדרוקט אין אַלכסנדר האַרקאַווים מאָ־נאַטשריפט „נייער גייסט“, וואָס איז אין יענעם יאָר ערשינען אין ניו־יאָרק. דאָס דאָזיקע ליד האָט שוין געהאַט אַן אָנמערקונג, אַז עס איז געשריבן פון אַ סאָלדאַט. אַוודאי איז אַזאַ ליד און בכלל אַלע מיינע לידער פון יענער צייט געווען אַ סכנה צו האַלטן אין קעסטל אין קאַזאַרמע... אָבער אַז עס איז ניט געווען קיין אַנדער אָרט, וואו צו באַהאַלטן, האָב איך ריזיקירט. נאָך מיין באַקאַנטשאַפט מיט א. דעווינישסקין האָב איך זיי טאַקע געהאַלטן שוין ביי אים, מיינענדיק, אַז דאָס איז דער זיכערסטער פּלאַץ.

דעווינישסקי האָט מיר צוריק געוויזן זיינע לידער, וועלכע ער האָט דאַן געשריבן, און אויך די פּאָר בריוו, וואָס ער האָט באַ־קומען פון פרצן, אַלס ענטפער אויף זיינע לידער און שירים, וואָס אויך ער האָט זיי אים אויף מבינות געשיקט. א. דעווינישסקי האָט דעמאָלט געשריבן אין יידיש און העברעיש; אויך רוסישע לידער האָט ער פאַרמאָגט. איך געדענק נאָך דעם טאָן פון פרצעס בריוו צו אים.

געשריבן האָט ער אים ניט ווי צו אַן אָנפאַנגער, נאָר ווי צו זיינעם אַ גלייכן, באַדויערט וואָס דאָס ליד „הנשר“ קען מען ניט דרוקן צוליב סיבות ידועות... דאָס האָט ער געמיינט די צענזור... און ווירקלעך איז דאָס ליד „הנשר“ געווען געשריבן אין אַ שטאַרק פּראָטעסטירנדיקן און רעוואָלוציאָנערן טאָן. איך בין זיך מודה, אַז דער העברעישער שיר איז מיר שטאַרקער געפעלן געוואָרן ווי די יידישע לידער דעווינישסקים אין יענער צייט, הגם מאַנכע זיינען גע־ווען געשריבן אין אַ זייער פיינער און רייפער פאָרם.

בכלל האָט א. מ. דעווינישסקי, דאַן אַן אַכצן־ניינצניאָריקער, שוין אויסגעזען רייף סיי אויסערלעך, סיי אין זיין גייסטיקער אַנטוויק־לונג. ווי איך געדענק אים פון דאַן, האָט ער שוין פאַרמאָגט אַלע יענע אייגנשאַפטן, וואָס האָבן אים שפּעטער־צו אַזוי גע־דינט צו באַפעלן און צו באַהערשן אַנדערע, סיי מיט זיינע מאַניערן און סיי מיט זיין טיפן ערנסט... אויך זיין דאָן־זשואַניזם אין אַ העכערער און שענערער פאָרם האָבן זיך שוין דעמאָלט אין אַ קענ־

טיקער מאָס אַרויסגעצייגט אין אים. אָט טאַקע דער פאַקט, וואָס ער, אַן אַכצניאָריקער, אין דער פרעמד, אַן עקסטערנער, אָרעם, כאָטש זויבער געקליידט, האָט שוין געקענט אַרומשפּאַצירן מיט די טעכטער וויסבראָד, אַמאָל מיט דער עלטערער, אַמאָל מיט דער יינגערער, ביידע שיינהייטן און פון שיר ניט אַריסטאָקראַטישע על־טערן — קען שוין דינען אַלס באַווייז, ווי אַזוי ער האָט געקענט באַנגען פרויען־הערצער סיי מיט זיין שיינעם אויסזען, סיי מיט זיין טאַקט און סיי מיט זיין גייסטיק־רייכן אינהאַלט...

צו מיר האָט ער זיך באַצויגן זייער פריינדלעך, כמעט קאָ־לעגיאַל, שטאַרק געריכט מיינע דעמאָלסטיקע שאַפונגען און זיך אינטערעסירט מיט מיין לעבן אין קאַזאַרמע אַפילו אַלס מוזיקאַנט, צייטנווייז מיך, מיט טאַקט, באַדויערט, וואָס מיר קומט אויס צו „די־נען“, הגם אַלס מוזיקאַנט, איבערהויפּט אין יענעם יאָר בין איך געווען גענוג פריי, איבערהויפּט נאָכן שפּילן. קיין מיליטערישע דיסציפּלין האָט אין קאָמאַנדע כמעט ווי ניט עקסיסטירט. איך האָב, ווי אַלע איבעריקע מוזיקאַנטן, געקענט גיין ווען און וואוהין איך האָב גע־וואָלט און האָב די דאָזיקע פרייהייט אויסגענוצט אין דער העכסטער מאָס — איבערהויפּט צו טרעפן זיך מיט מיינע נייע חברים...

זיין דעמאָלסטיקער פריינד דמיטרי צענזאָר, מיט וועלכן איך האָב זיך אויך, טאַקע אַדאַנק א. דעווינישסקין, באַקאַנט און בין מיט אים שטאַרק נאָענט געוואָרן, איז געווען דער היפוך פון אים. אויך יונג, ווי דעווינישסקי, איז ער אָבער געווען שטאַרק סענטימענ־טאַל, צאַרט, שיר ניט ווי אַ מיידל, סיי מיט זיין אויסזען, סיי מיט זיין באַנעמען זיך, אָבער אַלץ מיט גרויס חן. אַפילו די גרויסע אָרעמקייט, אין וועלכער ער האָט דאַן אַלס קונסט־מאָלער געלעבט, האָט אים געפּאַסט און צוגעגעבן חן. אַז איך פלעג צו אים אַמאָל קומען אין זיין קליינעם אָרעמען צימער, וואָס ער האָט, דאַכט זיך, גע־רופן סטודיע אָדער אַן אַנדער הויכן נאָמען, האָב איך מער ווי פענזלען, פאַרב און אַ לייוונט אין אַ הילצערנער ראַם גאָרניט גע־פונען... ער אָבער, אַ גוטמוטיקער, אַ שטענדיק־שמייכלענדיקער, פון וואָס זיינע בלויע אויגן האָבן נאָך בלויער אויסגעזען, האָט מיט גרויס אָפּטימיזם גערעדט וועגן נייע צייטן און נייע וועלטן. גערעדט

האָט ער בלויז רוסיש, קיין יידיש ריידן האָט ער ניט געקענט, אַלס געבוירענער אין אַ שטאָט ערגעץ אין טיף רוסלאַנד — הגם מען האָט דערציילט, אַז זיין טאַטע איז דאָרט געווען אַ שוחט — אָבער ער האָט ליב געהאַט יידיש. פון מיינע לידער האָט ער גאָר געכאַפּט התפעלות... און קומענדיק צו אים, האָב איך געמוזט פאָרלייענען מיינע לידער. איבערהויפּט האָט ער זיך אַנטציקט פון די ערשטע קאַפּיטלען פון מיין „צוריקקער אַהיים", וואָס איך האָב שוין, ווי איך האָב פריער דערמאָנט, אין יענער צייט, נאָך מיין קומען פון אורלויב, אָנגעשריבן אין קאָוונע.

— אַך, טשודנאָ, טשודנאָ, — פלעגט ער שיר ניט אין עקסטאַז אויסרופן נאָך יעדן קאַפּיטל... וויעד ווי טשיסטי ניעקראַסאָוו...

און אַוועקלייגנדיק דעם פּענזל, מיט וועלכן ער האָט די גאַנצע צייט, וואָס איך האָב געלייענט, געמאָלן עפּעס אויפן גרויסן לייוונט — האָט ער אַליין אַ באַגייסטערטער זיך אָנגערופן:

— אַ טיעפּער יאַ וואַס קאָיע־טשטאָ פּראָטשטשו איז מאָיעוואָ...

און איצט, הייסט עס, וועט ער מיר פאַרלעזן וואָס עס איז פון זיינע...

ער האָט שוין דעמאָלט געשריבן שיינע רוסישע לידער. אויך אַליין אויף מאָציאַלע מאָטיוון, הגם ווען־ניט־ווען פלעגט ער מיר פאָרלייענען אַ ליבע־לידל, אַ נאַטור־לידל, וואָס אין דעם איז געלעגן זיין הויפּט־קראַפט אין די פיל שפּעטערדיקע יאָרן, ווען ער איז שוין געוואָרן באַרימט אַלס רוסישער דיכטער און ווען איך האָב אים שוין געלייענט אין די רוסישע ליטעראַרישע זאַמלביכער און זשורנאַלן...

דער דריטער פון די נייע קאָלעגן און חברים איז געווען י. פּראָפּוס.

ווי מיר דאַכט, איז ער געווען דאַן אַ בחור פון אַ יאָר צוואַנציק. באַשעפטיקט האָט ער זיך מיט לערעריי. קיין גרויסע גליקן האָט ער אָבער פון זיין לערעריי ניט געמאַכט. אין יענער צייט אַ פאַרבענקטער, אַ פאַרטרוימטער און אומצופרידענער, האָט ער שיר ניט געשפּילט די ראָלע פון אַ בייראָן... געקליידט דווקא איז ער געווען שיר ניט ווי אַ „פראַנט", אַזוי אַז ער פלעגט אַמאָל קומען צו מיר אין קאַזאַרמע, וואָס האָט זיך שוין געפונען אין אַ שטילער, ריינער גאַס, האָבן די מוזיקאַנטן מיר אָנגעזאָגט, צושמייכלענדיק דערביי:

— דער יונגער פאַן איז געקומען...

אויך ער האָט געהאַט אין יענער צייט בריוו, וואָס ער האָט באַקומען פון פרצן. איך האָב אים שיר ניט מקנא געווען. „אין איינער לידער הער איך די מעכטיקע טענער"... אָדער עפּעס ענלעכס האָט אים פרץ אין איין בריוו געריימט...

פּראָפּוס האָט זיך אָבער געמאַכט, ווי די דאָזיקע שבחים גייען אים ניט שטאַרק אָן... — ס'איז אַלץ גאָרניט... „ווייס איך"...

אַ שווערלעכער געמיט געווען...

פונדעסטוועגן האָב איך אים שטאַרק ליב געהאַט, פלעג אים באַזוכן אויף זיין וואוינונג, אַ צימער ביי אַ וואוילער יידישער פרוי. זי האָט אים באַהאַנדלט ווי אַ מאַמע — אַ בן־יחידל. און ער האָט זיך טאַקע געהאַלטן עפּעס ווי אַ בן־יחידל, וואָס קיין זאַך געפעלט אים ניט און וואַרפט זיך מיט אַלץ...

און אפשר אָט דווקא אָט דאָס „וואַרפן זיך" איז געפעלן געוואָרן מיר, דעם דעמאָלסט שיר ניט פאַרהאַרטעוועטן פון אַלערליי אי־בערלעבונגען.

ער פלעגט מיר אויך פאָרלעזן יעדעס נייע לידל, וואָס ער האָט דאַן געשריבן. מאַנכע פלעגן מיך אַנטציקן. איבערהויפּט האָבן זיינע לידער זיך אויסגעצייכנט מיט שטאַרקער מוזיקאַלישקייט און שיי־נער שפּראַך, שיר ניט אַ יונגער היינע געווען.

עד־היום וואונדער איך זיך און עס פאַרדריסט מיר, וואָס פון אים איז ניט געוואָרן דאָס, וואָס עס האָט געקענט פון אים ווערן. אמת, זיין זאַמלונג לידער, וואָס ער האָט אין יאָרן אַרום אַרויסגעגעבן, האָט פאַרמעגט פילע זייער שיינע לירישע לידער און האָבן אויך בייגעטראָגן זייער טייל צו דער באַ־רייכערונג פון דער יידישער ליריק...

* * *

די צייט איז געווען דעמאָלט זייער אַ הייסע. אין לופט האָבן זיך געטראָגן — ווער עס האָט געקענט הערן — די טענער פון דער נייער צייט. אין יידישן לעבן איז דאַן אַרויסגעשוואומען דער פּאָליטישער ציוניזם — נאָך דעם רושם, וואָס הערצלס בראָשור „די

יידישע מדינה" האָט אַרויסגערופן — אין זיין ריכטיקער שפּעטערדיקער קלײנבירגערלעכער געשטאַלט. עס האָט זיך שוין דאַן געמערקט, אַז די באַוועגונג איז אַן ענג־נאַציאָנאַליסטישע, כמעט אַ רעאַקציאָ־נערע. אַפילו פּראָפּוס, וואָס אים האָט געפעלט דער סאָציאַלער עלעמענט, האָט אויפן ציוניזם געקוקט ווי אויף אַ נעגאַטיווער ערשיינונג אין יידישן לעבן. אַ שטיקל „קענער" פון דייטש, האָט ער געלייענט די דעמאָלט נאָר־וואָס געגרינדעטע וואָכנשריפט אין דייטש, „די וועלט", דעם אָרגאַן פון די ציוניסטן, און פלעגט, לויט עס געדענקט זיך מיר, שטאַרק קריטיקירן אירע פּראָגראַם־אַרטיקלען און איר טענהענען בכלל... איך בין נאַטירלעך געווען מיט אים איינ־פאַרשטאַנען...

טאָמער טרעף איך ניט, זאָל מיך איצט פּראָפּוס אַנטשולדיקן. קיין טאָגבוך האָב איך ניט נאָר דעמאָלט, נאָר קיינמאָל ניט גע־פירט...

צוליב דעם ציוניזם איז די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג רירעווו־דיקער און לעבעדיקער געוואָרן. פון דער אונטערערדישקייט האָט זיך די אַרבעט אָנגעהויבן אַרויסשפּאַרן אויף דער ליכטיקער שיין. עס זיינען שוין געווען טוער מיט בולטע רעוואָלוציאָנערע פיזיאָנאָמיעס. ערב „בונד" אָדער אפשר טאַקע דער גרויסער טאָג פון „בונד" איז שוין דעמאָלט געקומען. גענוי ווייס איך ניט. קיין היסטאָריקער בין איך ניט...

איך געדענק נאָר, אַז אין יענעם אָנהייב זומער, שוין דאַכט זיך געווען 1898 — דאָס יאָר אין וועלכן מיין דינען האָט זיך שוין געדאַרפט ענדיקן — זיינען פאָרגעקומען אין קאָוונע פילע רעוויזיעס און אַרעסטן...

קומענדיק איינמאָל אין אַ פרייען נאָכמיטאָג אין קאָוונער שטאָט־גאָרטן, האָב איך געטראָפן זיצן אויף אַ באַנק אַן אומעטיקן, אַ בלאַסן דעם שטענדיק שטראַלנדיקן דמיטרי צענזאָר...

— אָ, רייזען, גוט וואָס איר זייט געקומען... איר ווייסט, אַז דעווינישסקי איז נאָך אַ רעוויזיע ביי אים אַרעסטירט געוואָרן און זיצט נאָך... מיך האָט מען אויך אַרעסטירט, אָבער ווי איר זעט— אַרויסגעלאָזט.

ווי מיט אַ האַמער איבערן קאָפּ האָט אויף מיר די מעלדונג וועגן דעווינישקיס אַרעסט געווירקט...

ערשטנס — דעווינישקי אַליין! — די מורא פאַר אַזוינע אַרעסטן איז געווען זייער גרויס. עס זיינען אומגעגאַנגען לעגענדן, אַז מען פּייניקט, מען מאַטערט... און פאַר מיינע אויגן האָט שוין אַ שוועב געטאָן דאָס ערנסטע געזיכט מיט די קלוג־בּרוינע אויגן און די דורכדרינגענדיקע בּליקן פון א. דעווינישקין, ווי אַזוי ער ענטפערט טראָציק אויף אַלע פראַגן און די שטראָף וועט נאָך דערפאַר גרעסער זיין... צווייטנס, וואָס וועט זיין מיט מיר אַליין — אַ סאָלדאַט! און אַלע מיינע פּאַפּירן, דאָס העפט מיט לידער, די בּריוו פון פּרצן, שלום־עליכמען, די אויסשניטן פון די סאָציאַליסטישע אַמעריקאַנער צייטונגען, דאָס ליד „אויף קאַראַול" — אַלץ האָט מען געפונען!...

איך בּין געוואָרן בּלייך, ווייל דמיטרי צענזאָר האָט גלייך בּאַמערקט (אין רוסיש נאַטירלעך):

— וואָס האָט איר זיך אַזוי דערשראָקן. עס איז גאָרנישט. אָט האָט מען דאָך מיך אַרויסגעלאָזן און אים וועט מען וואַרשיינלעך היינט נאָך אַרויסלאָזן.

— אָבער מיינע פּאַפּירן... — האָב איך געמורמלט...

— בּיי אים האָט איר בּאַהאַלטן — וואונדערט ער זיך און שמייכלט, ווי איינער זאָגט: געפונען אַן אָרט וואו צו בּאַהאַלטן געפערלעכע כתבים...

גליקלעכערווייז האָט מען אויף מאָרגן אויך דעווינישקין בּאַפרייט. איך האָב אים געטראָפן אין גאַס. דערזעענדיק מיך, האָט ער מיך ווי אַ פאַרשולדיקטער אָנגעקוקט:

— יאָ, רייזען, טייערע, אַייערע פּאַפּירן צוגענומען...

ער אַליין איז שטאַרק אומרויִק צוליבּ דעם. ווער ווייסט — אַ סאָלדאַט, הגם קיין גאָר געפערלעכעס איז דאָרט ניט געווען... ער דערציילט מיר שוין מיט אַ שמייכל, ווי אַזוי מען האָט מיינע פּאַפּירן געפונען:

— איך האָב זיי געהאַלטן אונטן אין אַ שמול פאַררוקט.

ווער זאָל קלערן, אַז זיי זאָלן איבערקערן דעם שטול און זוכן דאָרטן אונטן...

ער ראָט מיר דערוויילּ וואָס זעלטענער צו זען זיך מיט אים... עס איז אַ סכּנה. אויב ער איז אַפילו פריי, אָבער קאָמפּראָמעטירט ביי דער אָכראַנקע איז ער שוין געגנוג...

בלייבט מיר שוין דער איינציקער כּשרער פריינד מיינער, פּראָפּוס...

אָבער ווען איך זיין אינאָוונט אין שטאָט־גאָרטן אויף דער עסטראַדע און שפּיל און זע, ווי א. דעווינישסקי טראָגט זיך פאַרביי מיט זיין שיינער שלאַנקער פיגור און מיט זיין שטאָלצן גאַנג, געאָרעמט מיט דער שיינער — שוין דער יינגערער — פריילין ווייסבראָד, קען איך זיך ניט באַהערשן און ביי יעדן אַנטראַקט כאַפּ איך זיך אַראָפּ פון דער עסטראַדע, באַגריס זיך מיט אים אין אַ שטילערער אַלעע, וואַרף שוין אויך אַ בליק אויף דער שיינער פריילין ווייסבראָד, וועלכע שטייט דאַן, ווען איך רייד מיט אים, אין אַ זייט — און גראַבט מיט איר זיידענעם שירעם אין זאַמד, פאַר אומגעדולד.

ער איז אויך אומגעדולדיק. פריינדשאַפט איז טאַקע אַ וויכטיקער עניין, אָבער אַ שיינע מיידל איז נאָך וויכטיקער. אין דעם פּרט איז א. ווייטער געווען שטענדיק אויסגעהאַלטן. שוין אין מינסק, אין יאָרן שפּעטער, ווען ער האָט ביי מיר אויף אַ גאַנץ קלוגן אופן „אָפּגעשלאָגן" אַ אינטערעסאַנטע מיידל, מיט וועלכער איך האָב אים באַקענט אין מיין וואוינונג, וואוהין ער פלעגט קומען זייער אָפט, האָב איך אים אין שפּאַס געמוסרט:

— סטייטש, איר האָט אַוועקגענומען מיין באַקאַנטע...

האָט ער אויך אין שפּאַס געענטפערט:

— אין אַזוינע ענינים, טייערער, שפּילט פריינדשאַפט קיין ראָלע ניט...

אָבער ווי עס איז געקומען צו געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, האָט ער שוין די געזעלשאַפטלעכע אַרבעט געשטעלט העכער פאַר אַלע פּערזענלעכע ערפאָלגן... דערין איז באַשטאַנען די גרויסע קראַפט פון זיין טיף עטישער פּערזענלעכקייט.

און אָט בײַ אַזאַ קורצער באַגעגעניש אין שטאָט=גאָרטן האָט ער מיך אײנמאָל אָנגעזאָגט די שמחה:

— רײזן, אײַערע פּאַפּירן זײַנען מיר צוריק אָנגעקומען... אַלע בריוו, אַלע אַמעריקאַנער צײַטונגס=אויסשניטן... נאָר דאָס העפט לידער, שמײכלט ער, איז פאַרהאַלטן געוואָרן...

ווירקלעך אַ פרייד... די מורא צו ווערן אַרעסטירט — און די מורא איז געווען ניט אומבאַגרינדעט — איז שוין כמעט ווי אינגאַנצן אַראָפּ; פאַרן העפט געשריבענע לידער האָב איך שוין קיין מורא ניט געהאַט. דער עיקר טרײפס איז געווען אין די געדרוקטע לידער, אין די אַמעריקאַנער צײַטונגען, און די זײַנען גראָד אָפּגעשיקט געוואָרן פון דער זשאַנדאַרמעריע צוריק...

אַפנים, דער דעמאָלסטיקער קאָוונער ראַבינער, וועלכער איז געווען דער צענזאָר פון דער זשאַנדאַרמעריע, האָט געוואָלט טאָן אַ טובה אַ יידישן סאָלדאַט און האָט ניט געמאַכט קיין גרוים וועגן פון די רעוואָלוציאָנערע לידער מײַנע, ווײַל אומלעגאַלעס, און נאָך פאַר אַ סאָלדאַט, איז דאָרט געווען איבערגענוג...

איבעריקנס איז מיר עד=היום אַ וואונדער, ווי אַזוי איך אַלס סאָלדאַט בין אַרויס האַן ריין פון אַזאַ האַרבער זינד...

פונדעסטוועגן, אַז איך פלעג אין שטאָט=גאָרטן באַגעגענען יעדן אָוונט, ווען איך פלעג נאָך דער ערשטער אָפּטײלונג פון אונזער מוזיקאַלישער פּראָגראַם אַרומשפּאַצירן אין די אַלעען צו באַטראַכטן דאָס פּובליקום און זוכן מײַנע ציווילע פרײַנד צווישן אים — אַז איך פלעג באַגעגענען זיך מיט די אומהיימלעכע בליקן פון דעם דיקן זשאַנדאַרמען=פּאָלקאָווניק, וועלכער איז קענטיק געווען אַ גרויסער פּאַטריאָט פון אונזער אָרקעסטער און פלעגט אַלע אָוונט קומען אין גאָרטן — פלעגט מיר אַ ציטער טאָן דאָס האַרץ. פלעג איך זיך וועלן מאַכן, ווי איך ווייס ניט פון וואָס צו זאָגן, אַז איך בין דאָס ניט דער, וועמען ער מיינט, און פלעג דווקא אים צוריק אַרײַנקוקן אין די אויגן, זאָל ער טאַקע זען, אַז דאָס בין איך ניט וועמען ער מיינט אַוודאי... פלעגט ער מיר נאָך בייזער און קאָנצענטרירטער אָנקוקן... ביז איך פלעג אָפּגיין פון אים, אַוועק צוריק אויף מײַן פּלאַץ אויף דער עסטראַדע און מיט

מער פליים זיך נעמען שפילן מיין סאָלאָ אין גלינקעס „זשיזן“ זאַ צאַריאַ“...

דאָס איז געווען, ווי אַ מין סגולה צו פאַרטומלען דעם דעמאָלס־טיקן „המן“ פון דער פרייער אַרבעטער־באַוועגונג, פון וועלכער איך בין שוין אין יענער צייט געווען ניט נאָר אַן אָנהענגער, נאָר שיר ניט אַן אָנטיילנעמער...

---

# דרייצנטער קאַפּיטל

ערב באַפרייונג. — אַ צוריקבליק אויף דער צייט פון מיין דינען. — מיינע פאַרברעכנס קעגן דער דיסציפּלין. — די שיינע דינסטמיידל און אירע פאָלקס-לידער. — די צאַרישע מאַנעוורע אין 1897. — מיינע שפּאַצירן בגנבה קיין ביאַליסטאָק. — איך שפּיל פאַרן קייסער. — מיין ציווילער נייער אָנצוג. — ווידער לייבקע מוזיקאַנט, דער יידישער קאַפּעלמייסטער. — מיין האָנאָראַר פאַרן שפּילן. — אין מינסק. — קאַפּל דעם שמידס באַרימטער הויף. — מיין שוועסטער אַלס עקסטערנע. — מיין ברודער זלמן אַלס געשיכטע-קענער. — מיין ברודער הירשל אַלס אָרגאַניזאַטאָר און אַגיטאַטאָר. — מיין באַקאַנטשאַפט מיט רחל ברכות. — איר אַנטציקונג פאַר א. ליעסינס לידער. — מיין פאַרערונג צו איר. — א. ליטווין.

נאָך דריי יאָר און אַכט מאָנאַטן „דינען", וואָס זיינען באַשטאַנען פון פאַרשיידענע איבערלעבונגען, דערפאַרונגען, באַליידיקונגען, דערהויבונגען און אַלערליי נסיונות, איז אָנגעקומען די צייט פון באַפרייונג... מיין אויסדינען זיך און באַפרייונג איז מיר אַליין אַ וואונדער געווען. לויט מיינע „רעוואָלוציאָנערע אַרויסטרעטונגען", פריער אין קאַזאַרמע, און שפּעטער שוין אין „קאָמאַנדע", האָב איך צייטנווייז ניט געגלויבט, אַז איך וועל אַרויס גאַנץ פון זייערע הענט... איך האָב געקענט אַוועקגיין אין דיסציפּלינאַרן באַטאַליאָן, אין מיליטערישער טורמע, אָדער נאָך ווייטער... אורזאַכן זיינען געווען גענוג, הגם אין אַלגעמיין האָב איך געטראָגן דעם יאָך געדולדיק, מיט אַ פילאָסאָפישער רויִקייט. אָט שווימט פאַר מיר אַרויס אַ בילד פון דעם ערשטן יאָר דינסט. זומער. אין לאַגער. איך שלאָף אין „פאַלאַטקע" מיט אַ האַרטן שלאָף, נאָך אַ טאָג שווערער אַרבעט. איך האָב געמאָלט יענעם טאָג געאַרבעט אויף דער קיך, וואַסער געטראָגן און האָלץ — גאַנצע ביימער צעזעגט. נאָך אַזאַ שווערן טאָג

אַרבעט קומט מיר אַ נאַכט רו. אָבער דער דעזשורנער אונטער־אָפי־ציר איז זיך מיישב און וועקט מיך אַ זייגער צוויי פּאַרטאָג ווידער אויף אַרבעט. אַ פאַרשלאָפענער, איז מיין אויפרעגונג גרויס — אַזאַ אומגערעכטיקייט!

— ווסטאַוואַי, רייזען! — שטיי־אויף.

— ניין! זאָג איך זיך אָפּ און גורע זיך אין דעם שטרויענעם קישעלע נאָך טיפער...

— קאַק ניעט?... וואָס הייסט ניין? — ווערט ער בייז און איבערראַשט: ניט פאָלגן אַ דעזשורני, וואָס האָט אַזאַ מאַכט ווי דער קייסער אַליין!

— איך האָב בייטאָג געאַרבעט אויף דער קיך, — שטיין איך זיך אויף דעם געזעץ, וואָס אַז מען אַרבעט בייטאָג, מוז מען רוען ביינאַכט...

גייט אים דער געזעץ ניט אָן און ער ציט מיך פאַר די פיס, איך זאָל אויפשטיין.

די באַרירונג פון זיינע גראָבע הענט — הגם אַן אונטער־אָפי־ציר און אַ דעזשורנער, וואָס זיין מאַכט איז אומבאַגרענעצט — רעגט מיך אויף. איך פיל, אַז איך וועל אַרויסשפרינגען און זאָל זיין, וואָס עס וועט זיין — ביז קאַטאָרגע, און איך ענטפער איינגעעקשנט:

— איך וועל ניט אויפשטיין.

שלעפט ער מיך ווידער נאָך בייזער, נאָך ברוטאַלער.

האָב איך מיט מיינע פיס, ליגנדיקערהייט, געגעבן אים אַן ענט־פער... צי האָב איך אים ערגעץ געטראָפן און ווי שטאַרק, גע־דענק איך ניט. איך וויים נאָר, אַז אָפּגעטאָן האָב איך עפּעס שווער־זינ־דיקעס — אַ דעזשורנעם!

האָט ער מיך שוין אָפּגעלאָזט און איז אַוועק בלויז מורמלענ־דיק: „כאַראַשאָ"...

האָב איך שוין פאַרשטאַנען, וואָס דער „כאַראַשאָ" מיינט. שלאָפן האָב איך שוין מער ניט געקענט. די האַרבע שטראָף פאַר אַזאַ אַקט — אַ בריק טאָן מיט די פיס דעם דעזשורנעם — מאָלט זיך מיר פאַר די אויגן אין די גרוילעכסטע בילדער. אינדערפרי שטיי איך אויף פריער פון אַלעמען. קוק אויף דעם גרינעם וואַלד,

וואָס ציט זיך ווייט מיט זיינע הויכע סאָסנע=ביימער, און יעדער בוים שטייט זיך רויִק, ווי עס וואָלט היינט ביינאַכט גאָרניט פּאַסירט מיט מיר... איך הער זיך צו צו דעם זינגען פון די אַלערליי פייגל, וואָס דאָסמאָל איז זייער זינגען גלייכגילטיקער ווי שטענדיק, און איך פיל זיך ווי פרעמד און אָפּגעשיידט פון זיי. איך בין שוין ניט קיין היגער. פונדאַנען וועט מען מיך שוין אַוועקשיקן ערגעץ=ווייט...

אַ זייגער ניין קומט אָן דער ראָטנער קאָמאַנדיר, קאַפּיטאַן קאַזאַרין. איך זע, ער גייט אַריין אין קאַנצעלאַריע, דער דעזשורני נאָך אים. אין פינף מינוט אַרום רופט מען מיך:

איך גיי אַריין, דערפיל מיין בלאַסקייט, וואָס האָט מיין פּנים באַדעקט.

— דו ווייסט, וואָס דיר קומט דערפאַר? פרעגט מיך דער קאַפּיטאַן און באַמיט זיך צו מאַכן אַ וואָס שטרענגערע מינע. די גרויסע, גרויע אויגן שטעלן זיך אָן אויף מיר, ווי מיך צו פאַרניכטן נאָך איידער וואָס=ווען.

— שולדיק, אַייער הויכוואוילגעבוירנקייט... — ענטפער איך, ווי דער דין איז, אויסצוקויפן דערמיט כאָטש אַ טייל פון מיין פאַרברעך... פונדעסטוועגן פאַרטיידיק איך זיך... אַ גאַנצן טאָג שווער געאַרבעט, געשלאָפן ווי אַ געהרגעטער, ניט געוואוסט, וואָס איך האָב געטאָן, געמיינט, אַז מיר חלומט זיך עס... איך לייקן ניט אָפּ, אָבער געטאָן עס אין שלאָף, אין שווערן שלאָף, נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט... ער האָט מיך געשלעפּט פאַר די פיס און איך האָב געמיינט — אַ קאָשמאַר...

דער קאַפּיטאַן קוקט אָן שטרענג דעם אונטער=אָפיציר:

— און דו, צוויגנזון, ווי אַזוי וואַגסטו אַ יונגן סאָלדאַט, נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט ביידערנאַכט ווידער וועקן אויף אַרבעט? ווייסטו ניט, אַז דאָס איז קעגן אוסטאַוו?

— שולדיק, אַייער הויכוואוילגעבוירנקייט... — פּלאָנטערט שוין דער אונטער=אָפיציר, און איך פיל ווי אַ גרויס געוואָר לאָזט זיך אַראָפּ אויף מיר...

— און דו, ווענדט ער זיך צו מיר, דער קאַפּיטאַן, האָסט פונדעסטוועגן געדאַרפט פאָלגן, דער דעזשורני וועקט...

שוויַיג איך. קוקט ער מיך אָן נאָך שטרענגער און צעבייזערט זיך:

— דו וועסט בײַ מיר „פּאָד־סוד" אַוועקגיין.

דער גאַנצער ענין האָט זיך אויסגעלאָזט מיט צוויי שעה שטיין אונטערן ביקס, אומבאַוועגט, אונטער פולער אַמוניציע...

אין אַלגעמיין אַ שווערע שטראָף, אָבער אַנטקעגן „פּאָד־סוד" אַוועקגיין איז דאָס געווען אַ שפּילכל, און הגם באַוועגן זיך האָב איך די גאַנצע צוויי שעה ניט געטאָרט, האָב איך זיך דאָך מתיר געמאַכט...

און בײַ די סאָלדאַטן בין איך געוואָרן אַ העלד, אַ בונטאַר... געבריקעט מיט די פיס אַזש דעם דעזשורני אונטער־אָפיציר אַליין... אַזאַ מאכל האָבן זיי זיך קיינמאָל ניט פאַרגונען...

און דער דעזשורני אַליין האָט אויף מיר שוין אויך אָנגעהויבן קוקן מיט רעספּעקט...

אַזוינע מינים פּאַסירונגען זיינען געווען ניט זעלטן. אַפילו אין קאָמאַנדע אַלס מוזיקאַנט האָב איך אַמאָל שיר ניט פאַרלאָרן מיין פרייהייט אַלס אַ סאָלדאַט און געקענט באַשטראָפט ווערן מיט טורמע, צי מיט דיסציפּלינאַר־באַטאַליאָן, וואָס דער נאָמען אַליין האָט גע־שראָקן יעדן ניט־געהאָרכזאַמען סאָלדאַט.

אין ניסים איז ניט פּאַסיק צו גלויבן... אָבער עפּעס פון דעם מין האָט מיט מיר אַ פּאָר מאָל געשען אין פאַרלויף פון מיין „דינסט"...

היינט די צאַרישע מאַנעוורע, וואָס איך האָב מיטגעמאַכט אין יאָר 1897! צוויי „אָקרוגן", ווילנער און וואַרשעווער, האָבן כלומרשט אַ מלחמה געפירט. ווער עס האָט געזיגט, געדענק איך ניט — געמאַטערט האָט מען בײַ אַ פערטל מיליאָן מענטשן סיי־ווי־סיי. דערפאַר האָב איך „זוכה" געווען צו זען דעם צאַר אַליין, דאַן נאָך אַ יונגערמאַנטשיקל, אַ בלאַסער, אַ פאַרלאָרענער, אַ פאַרשולדיקטער, אַ תמעוואַטע־שמייכלענדיקער, — ווען איינמאָל, אין צייט פון דער מאַנעוורע, איז מיר אויסגעקומען צו שטיין אינגאַנצן אַ צוואַנציק טריט פון אים. אונזער פּאָלק איז פאַר אים און זיין סוויטע פאַרבייגעגאַנגען דעם צערעמאָניאַלן מאַרש... מיר אָבער, די מוזיקאַנטן, זיינען גע־

שטאַנען אויף איין אָרט אינגאַנצן איינױקע טריט פון אים און גע־שפּילט... איך האָב זיך אַפילו ניט געפלייסט צו שפּילן בעסער ווי שטענדיק: אַדרבא, איך געדענק, ווי איצטער, אַז צוליבן גרויסן געדרענג האָב איך דורכגעלאָזט אַ דריי טאַקטן און פרעג אים בחרם...

דאָס האָט פּאַסירט אַ צוויי־דריי ווערסט אונטער ביאַליסטאָק, וואו מיר זיינען געשטאַנען בײַ דריי טעג, לעבן אַ קליין יידיש שטעטעלע, נאָוואָסעלצי. פּאַרנאַכט פלעג איך מיט נאָך אַ פּאָר יידישע סאָלדאַטן זיך אַוועקלאָזן בגנבה קיין ביאַליסטאָק; אַ שטראָף האָט דערפאַר דערוואַרט אַ גרויסע, אָבער אום אָנצוקוקן אַזאַ כרך ווי ביאַליסטאָק האָט אַליך געלוינט... אַריינגיין ערגעץ אין אַ הויז צי אַפילו אין אַ קרעטשמע איז סיי־ווי־סיי ניט געווען קיין צייט, האָבן מיר זיך נאָר געקוויקט מיט די יידישע גאַסן, אין וועלכע מיר זיינען גלייך אַריינגעפאַלן, געכאַפּט אַ שמועס מיט אַ פּאָר יידן וועגן צאַר אַליין, צי האָבן מיר אים טאַקע געזען און ווי אַזוי איז ער צו יידן... נאָכדעם האָבן מיר זיך געלאָזט צוריק און אָפּגעגעבן די יידי־שע מוזיקאַנטן אַ גרוס פון ביאַליסטאָק.

נאָך דער צאַרישער מאַנעווורע האָבן מיר באַקומען צו זיל־בערנע רובל, ספּעציעל „געגאָסן“ פאַר די סאָלדאַטן, וואָס האָבן „זוכה“ געווען אָנטייל צו נעמען אין דער דאָזיקער מאַנעווורע, וואָס האָט זיך געצויגן פיר שווערע וואָכן. דער רובל האָט געהייסן צום אָנדענקען, אויסגעבן אים האָט מען אַוודאי ניט געטאָרט, אַ מתנה פון קייסער אַליין, אָבער איך האָב אים, קומענדיק צוריק קיין קאָוונע, באַלד אויסגעביטן און זיך געלאָזט וואוילגיין...

איז דאָס אַוודאי געווען אַ חטא...

אָבער ענדלעך איז געקומען דער גרויסער טאָג פון באַ־פרייונג... מאָרגן פאָרן אָפּ אַלע, וואָס זיינען פון יאָר 95.... יעדער צו זיין היים. ביז דער לעצטער מינוט זיינען מיר נאָך אַפילו סאָל־דאַטן, און טאָמער באַגייט מען נאָך עפּעס אַן עבירה, קען מען ווערן באַשטראָפט און פאַרהאַלטן... פונדעסטוועגן, ווי די מורא דער־פאַר זאָל ניט זיין גרויס, טו איך שוין אָן, פאַרנאַכט, נאַטירלעך, מיין ציווילן אָנצוג, וואָס איך האָב באַשטעלט בײַ אַ שניידער נאָך

מיט צוויי חדשים צוריק. אין דעם דאָזיקן אָנצוג האָט איך געהאַט אַ חלק מיין דרייצניעריקע שוועסטער שרה־בתיה, וועלכע האָט שוין געאַרבעט אין מינסק ביי דער באַרימטער שניידערין ראָזע סלעפּיאַן, און פאַרדינט צוויי רובל אַ וואָך. מיין ליב, יונג שוועסטערל האָט אויף אַ בריוו מיינעם וועגן אויסקליידן זיך, איך זאָל קענען קומען אַהיים, ערגעץ געבאָרגט פאַר מיר צען רובל און מיט אַ זייער האַר־ציקן און קלוגן בריוועלע, פול מיט דערמוטיקונג און טרייסט, מיר זיי צוגעשיקט...

דער אָנצוג האָט נאַטירלעך אָנגעטראָפן מער — עס איז געווען שוין איינמאָל אַן אָנצוג. עס איז געלעגן אויף מיר ווי אויסגעגאָסן... אין דעם אָנצוג און אין דעם שוואַרצן ווייכן הוט, וואָס איך האָב שוין די לעצטע דריי טעג פאַרן אָפּפאָרן געקויפט, האָב אויסגעזען שיר ניט ווי אַ קאָוונער באַנקירס אַ בֶּנאָק...

אָנגעמאָכטן „ערב־באַפרייונג" דעם אָנצוג, האָב איך שוין ניט געהאַט קיין קראַפט צוריק אַריינצופאַלן אין סאָלדאַטסקן מונדיר און האָב זיך פאַרנאַכט געלאָזט איבער די קאָוונער רייכערע גאַסן, איבער ניקאָלאַיעווער פּראָספּעקט פּראַנטעווען אין מיין נייעם אָנצוג און וואונדערלעכן הוט... טאָמער האָב איך באַגעגנט אַן אָפיציר, האָב איך ווי מיט גוואַלד צוגעהאַלטן די הענט אין די טאַשן, ניט צו סאַלוטירן אים, וואָס דאָס וואָלט מיך אַרויסגעגעבן, אַז איך בין אַ סאָלדאַט און עס וואָלט געקענט אָפּהאַלטן מיין באַפרייונג. איך האָב טאַקע באַגעגנט דעם קאָמאַנדיר פון פאָלק אַליין... בין איך אַרי־בער שטאָלץ, ווי אַ פרייער מענטש, און אויב דער קאָמאַנדיר לעבט נאָך, ווייס ער, געוויס, עד־היום ניט, ווי אַזוי איך האָב אים דעמאָלט פאַרלייקנט „אַ שטעלן זיך אין פראָנט" און סאַלוטירן מיט דער האַנט ביים ראַנד פון הוט... זאָל ער דאָס מיר איצטער פאַרגעבן...

דעם לעצטן אָוונט האָב איך נאָך געדאַרפט שפּילן אין שטאָט־גאָרטן. דאָס לעצטע מאָל. געקומען בין איך אין אָנצוג, אין אַ פּעקל מיטגענומען דעם מונדיר, ביים שפּילן אים אָנגעטאָן און נאָך יעדן אַנטראַקט איבערגעביטן אויפן ציווילן רעקל. די הויזן, מיינע איי־גענע שוין, זיינען געווען פון שוואַרצן געוואַנט, האָט סײַ־ווי־סײַ ניט

אויסגעמאַכט... און אַרומגעגאַנגען אין דער צייט פון די אַנטראַקטן איבער די אַלעען ווי אַ באַפרייטער און באַגייסטער...

אין שטאָט־גאָרטן האָב איך זיך שוין אָפּגעזעגנט מיט פילע פון מיינע ציווילע פריינד, צווישן זיי אויך מיט א. דעווינישסקין און דמיטרי צענזאָרן, אויך מיט דער שיינער, איינציקער באַקאַנטער מיידל — וואָס פלעגט קומען אין פּאַרק מיט אַ קינד, פון אירע רייכע באַלע־באַטים — אַ דינסטמיידל נעבעך געווען, הגם זי האָט אויסגעזען שענער און רייכער ווי אַלע באַלעבאַטישע מיידלעך אין גאָרטן, אַפילו פאַר פיל פון די רוסיש־רעדנדיקע גימנאַזיסטקעס...

באַקענט האָב איך זיך מיט איר טאַקע אין פּאַרק, ווען איך האָב זיך אין צייט פון אַנטראַקט אַוועקגעזעצט אויף דער באַנק, וואו זי איז געזעסן און געהיט דאָס קינד, וואָס האָט זיך רויִק געשפּילט מיט אַ פּילקע... אַ בליענדיקע מיט וואונדערלעכע גרויסע, שוואַרצע און שטראַלנדיקע אויגן, האָט זי מיך אָנגעקוקט, איך — זי, און מיר האָבן זיך צערעדט.

געזאַמלט האָב איך דאַמאָלסט פאָלקסלידער, שוין ניט פאַר פרצן, נאָר פאַר ד״ר בראַמסאָן, אַ ברודער פון דעם באַרימטן כלל־טוער בראַמסאָן. דער דאָזיקער בראַמסאָן, אַליין אַ דערצויגענער בלויז אויף דער רוסישער ליטעראַטור, הגם ער האָט אויך פאַרשטאַנען יידיש—האָט די דאָזיקע לידער איבערגעשיקט קיין פּעטערבורג צו שאול גינזבורג. כ'האָב דאַמאָלסט זייער פיל געזוכט, פון וועמען די פאָלקסלידער אַרויס־צוקריגן. ביי דער דאָזיקער ליבער פאָלקסמיידל האָב איך אָנפאַנגס מיט גרויס שוועריקייט און נאָכדעם — שוין גרינגער — אַרויס־געקראָגן די שענסטע יידישע פאָלקסלידער, איבערהויפּט וועגן דער אָפּגענאַרטער ליבע...

שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אירע באַלעבאַטים וואוינען ניט ווייט פון דער מוזיקאַנטישער קאָמאַנדע, פלעג איך שוין אַריינ־קומען צו זיי אין הויז. די באַלעבאַטים אירע זיינען גראָד געווען יידיש־געשטימטע אינטעליגענטן און האָבן איר ניט געשטערט צו איבערזאָגן אָדער איבערזינגען פאַר מיר איר גאַנצן רעפּערטואַר פאָלקסלידער...

זי איז געווען אַן ערלעך פאָלקסקינד, געשטאַמט פון פאַר־אָרעמטע פיינע עלטערן, אַ הארציקע. איך בין שיר ניט פאַרליבט געווען אין איר, זי אין מיר — אַוודאי און אַוודאי, נאָר געזאָגט האָט זי עס מיר קיינמאָל ניט.

זיך אָפגעזעגנט מיט איר, האָט זי זיך שיר ניט צעוויינט. „איר זייט גאָר ניט ענלעך אויף אַ סאָלדאַט"... פלעגט זי מיר שטענדיק זאָגן... „ווי אַזוי אַזאַ מענטש ווי איר זייט געגאַנגען דינען..." עס האָט איר אימפּאָנירט מיין חברשע באַציִונג צו איר, הגם איך לייקן ניט, אַז אַ קוש טאָן פלעג איך זי יאָ אַמאָל... איבערהויפּט ווען זי פלעגט מיך אַנטציקן מיט אַ פאָלקסליד, וואָס זי פלעגט פאַר מיר אָפּזינגען און איך פלעג עס פאַרשרייבן און אויף מאָרגן אַוועקטראָגן, מיט די איבעריקע לידער, וואָס איך האָב שוין געזאַמלט ביי די יידישע סאָלדאַטן, צו דעם אינטעליגענט בראַמסאָן, וועלכער פלעגט עס אויפנעמען מיט אַ שמייכל, ווי איינער זאָגט:

— אָט, געבילדעטע מענטשן מוזן זיך אַמאָל אויך מאַכן נאַריש מיט יידישע לידעלעך.

אָפּגעזעגנט זיך אויך מיט איר און צוריק אַריין אויף דער עסטראַדע. דער קאַפּעלמייסטער איז געווען טאַקע דער שוין דער־מאָנטער לייבקע מוזיקאַנט. ער איז שוין אין יענער צייט אַריין אין זיין ריכטיקער ראָלע און „דיריזשירט" דעם אָרקעסטער מיט געוויסער לייכטער גראַציע, ווי איינער זאָגט: ס'האָט דען אַ ווערט פאַר מיר צו דיריזשירן אַזוינע אַ ווערטערלעך מיט סאָלדאַטן־מוזיקאַנטן... פונ־דעסטוועגן איז ער געווען אַ גרויסער מקפּיד, איבערהויפּט אויף דעם באַריטאָן... „רייזען, — צעקאָלטשעט מיר ניט דאָ די סאָלאָ", האָט ער מיך אַ וואָרן געטאָן. איז מעשה־שטן, גראָד דאָס לעצטע מאָל, ווען איך האָב זיך געוואָלט אויסצייכענען, האָב איך ניט אָפּגעהיט דעם ריכטיקן טאַקט און בין אַריינגעפאַלן מיט מיין סאָלאָ אין קאָר־נעטס אַ נאָך ניט געענדיקטער פּוגע... זיין בליק, וואָס ער האָט אויף מיר געוואָרפן, האָט מיך דערשראָקן... ער איז אַפילו אַ ייד,— האָב איך געטראַכט, — וועט ער מיך דאָך צוליב דעם ניט פאַר־האַלטן.

אָבער אַ שטאַרקן און בייזן אויסרייד האָט ער מיר געגעבן: איך האָב אים צעהרגעט די שענסטע שטעלע אין דער אוווערטורע...

דערפאַר טאַקע, אַז אויף מאָרגן, ווען מיר זיינען שוין געווען אויפן וואָקזאַל, אַ שעה פאַרן אָפּפאָרן, און לייבקע מוזיקאַנט האָט געמאַכט דעם חשבון, וויפיל יעדן מוזיקאַנט קומט אַרויס פון דעם קליינעם פּראָצענט, וואָס מיר האָבן פאַרדינט שפּילנדיק די פּאָר יאָר: זומער אין שטאָט-גאָרטן, ווינטער אין טעאַטער, צווישן די אַנטראַקטן, וואו עס האָט גאַסטראָלירט אַ רוסישע טרופּע, און אויף פאַרשיידענע רייכע בעלער, ביז ביים גובערנאַטאָר אַליין, — האָט ער זיך אין מיר נוקם געווען. איך האָב געהאָפט צו קריגן אַן אַפּטיקא — אַ קליניקייט — באַריטאָן (און אין שטרייך-אָרקעסטער געשפּילט אויף דעם צווייטן טראָמבאָן!...), דאָס הייסט, ערשטער אינסטרומענט, ווי דער קאָרנעט, קלאַרנעט, טענאָר און פליייט... איך האָב זיך געריכט, לויט מיין חשבון, אויף אַ פערציק רובל... געגעבן מיר האָט ער אָבער אינגאַנצן צוועלף...

— סטייטש, וואַשע בלאַהאָראָדיע...

— אָט אַזויפיל קומט דיר... האָט ער קאַלט געענטפערט.

דערפאַר האָט ער דעם באַס באַשטימט 36 רובל...

ס'האָט מיך אָנגענומען אַ פאַררדראָס: ערשטנס, די אומגערעכטיקייט. און צווייטנס, איז מיר טאַקע דעמאָלט דאָס געלט שטאַרק נייטיק געווען. איך האָב געוואוסט, אַז איך קום אַהיים, אין מינסק צי אין קאָידענאָוו — ניט צו גבירים.

אָבער פאַרפאַלן. צופיל דינגען זיך מיט אים האָב איך שוין מורא. וויבאַלד אַז ער קען מיך אַזוי קריוודען, מוז ער דאָך האָבן אויף מיר אַ האַרץ, און ווען דער צוג מיט די וואַגאָנעס, וואָס האָבן דעם זעלבן אויפשריפט, ווי דאַן, ווען איך בין געגאַנגען דינען — אַכט פערד, פערציק מענטשן, שטייט שוין גרייט צו נעמען אונז אַהיים, איז אַ סכנה צו פאַרפירן אַ קריג מיט אַ „נאַטשאַלניק“, מעג ער זיין בלויז אַ קאַפּעלמייסטער און אַפילו אַ ייד.

און אַפילו מיט אים האָב איך זיך אָפּגעזעגנט פריינדלעך...

און אָט בין איך שוין אין אַ וואַגאָן. אַן אָפענער, אָבער דער טאָג איז אַ שיינער, אַ סוף-זומערדיקער. איך וואַרף מיין בליק צו

דער שטאָט קאָוונע, וועלכע האָט זיך פון דער ווייט צוזאַמענגעזאָגן ווי אין איין שטיק מיט געפּלעקטע, הויכע און נידעריקע דעכער און קופּאָלן פון אירע קלויסטערס, איך שיק מיין בליק ווייט — ביז פּעטער-באַרג, וואו איך האָב מושטירנדיק זיך געגוג בּוהות אַוועק-געלייגט, און עס פאַרדריקט דאָס האַרץ...

אָבער אין וואַגאָן האָבן זיך שוין צעטאַנצט אייניקע באַפרייטע סאָלדאַטן. איינער, וואָס פאָרט אַהיים אין שינעל און טראָגט שוין אָבער אויפן קאָפּ אַ האַלב-ציווילע היטל, אַ ביסל פאַרשיכורט, זינגט נאָך דאָס סאָלדאַטישע ליד:

דריי דערפלאַך — דערפער צוויי,
אַכט מיידלאַך, איך מיט זיי . . .

* * *

געקומען אין מינסק אַרום ראש-השנה-צייט מיט צען רובל — צוויי האָב איך אין וועג אין פאַרלויף פון דער רייזע פאַרהוליעט מיט סאָלדאַטן, וואָס האָבן ניט זוכה געווען צו זיין מוזיקאַנטן און זיינען געפאָרן אַהיים גאָר אָן געלט און אין די סאָלדאַטן-קליידער. די צען רובל בין איך אייגנטלעך געווען אַ בעל-חוב מיין שוועסטער. אָבער סיי-ווי-סיי האָבן מיר שוין געוואוינט צוזאַמען, אין הויף פון דעם באַרימטן קאַפּל דער שמיד, „אויף טרעצקער באַרג" — מינסקער, נישקשה, געדענקען אים — אַ היסטאָרישער הויף, אַדאַנק די רעוואָלוציאָנערע נעסטן, וואָס ער האָט פאַרמאָגט. פאַרנומען האָבן מיר אַ צימער, איך, מיין שוועסטער שרה-בתיה, די קליינע ברי-דערלעך זלמן און הירשל — דער טאַטע איז ערשט שפּעטער גע-קומען פון אַ גוט, וואו ער איז געווען לערער — ביי איינער אַ ייִדענע רייצע, אַ פריינדלעכע אַלטיטשקע, האָט אָבער געהאַט אַ מאַניע צו ווידערהאָלן צוויי ווערטער, וואָס איך האָב זיי ביז יענער צייט קיינמאָל ניט געהערט: „סגורע" און „סדאָליע". ביי האַרקאַווין אין ווערטערבוך וועט איר די צוויי ווערטער ניט געפינען. געמיינט האָט עס: „סגורע" — דירה-געלט פאָראויס פאַרן חודש; „סדאָליע" — נאָכן חודש.

— געהערט אַ ביסל, — פֿלעגט די אַלטע רייצע צוזינגען — איך האָב בפּירוש אויסגערעדט מיט איר „סגורע”, און זי צאָלט גאָר „כּראָליע”...

פֿון מיינע צען רובל האָט מען איר באַצאָלט „סגורע”, פֿאַר־אויס פֿאַר אַ מאָנאַט, דריי רובל... איז זי געוואָרן, רייצע הייסט עס, נאָך בעסער ווי זי איז געווען בטבע...

— קינדערלעך, האָט זי געזאָגט — איר קענט אַייך קאָכן און באַקן אין אויוון און אויפֿן פּריפּעטשאָק, וויפֿיל איר ווילט אַליין.

האָט מען טאַקע געקאָכט און געבראָטן, וואָס נאָר עס האָט זיך געמאַכט, און דער קאָכער בין איך געווען בכבודי ובעצמי. מיין שוועסטער האָט אי גענייט אין אַ מייסטערסקאַיע און אין דער זעלבער צייט געמאַכט דעם עקזאַמען אויף פֿיר קלאַסן גימנאַזיע. אַזוי אַלע יאָר אַ קלאַס.

און געבליט האָט זי פֿונדעסטוועגן ווי אַ בלום, ניט קוקנדיק, וואָס זי האָט נאָך געדאַרפֿט דערציען די יונגע ברידער, זלמן און הירשל.

זיי האָבן באַזוכט די „גאָראָדסקאָיע אוטשילישטשע”.

זלמן האָט זיך אויסער אַלע געגנשטאַנדן אויסגעצייכנט אין געשיכטע. דער לערער פֿון געשיכטע האָט געהאַט פֿון אים צו זינגען און צו זאָגן — ניט געקענט נעבעך פֿאַרענטפֿערן מיין ברו־דער זלמנס שיר ניט מהרש״א־קשיות אויף דער געשיכטע...

אויך הירשל איז געווען אַ מאַדים אויף געשיכטע, אָבער דער עיקר אויף מאַטעמאַטיק — עס רעדט זיך אַזוי, איך מיין אַלגעברע און געאָמעטריע — און נאָך מער אין דער רוסישער שפּראַך, באַקו־מען פּרייזן יעדן „זמן” און געהאַלטן זיך דערפֿאַר זייער שטאָלץ און האָפֿערדיק, געפֿאָדערט דעם בעסטן ביסן און דעם לעצטן גראָשן ביי זיין פֿערצניעריקער שוועסטער שרה־בתיה. אַן עכטער רעוואָלוציאָ־נער געווען!...

און ער איז טאַקע ווערט געווען. שוין דאַן, אפשר צו צוועלף יאָר, האָט ער געגרינדעט ביי קאָפּל דעם שמיד אויפֿן הויף, ערגעץ אין אַ וואוינונג — אַ קלאַס פֿאַר אָרעמע קינדער, וועלכע ער האָט געלערנט רוסיש און אַגיטירט זיי צום סאָציאַליזם... ער

האָט אַזוי־אַרום אָרגאַניזירט בײַ אַ פּופּציק קינדער. צו דרײַצן יאָר האָט ער זוכה געווען צו האָבן אַ רעוויזיע מיט אַלע קליפּערלעך. קיין געפּערלעכעס האָט מען בײַ אים ניט געפֿונען, אָבער דער זשאַנדאַרמען־אָפֿיציר האָט אים געוואָרנט:

— געדענק, דו וועסט זיך צו מיר נאָך אַמאָל „פּאָפּאַדיען"...

איך בין געווען גליקלעך און שטאָלץ מיט מײַנע ברידערלעך און שוועסטער, אין די ערשטע פּאָר וואָכן האָב איך מיר געפֿילט ווי ניי־געבוירן...

אין דער זעלבער צײַט האָב איך זיך באַקענט מיט דער יונ־גער, קוים זיבעצניעריקער רחל ברכות: אַ הויכע, אַ שלאַנקע, מיט די שוין אין יענער צײַט געשוירענע האָר, וואָס זײַנען אָבער פֿון פֿאָרנט געפֿאַלן אין לאָקנס אויף איר שיינעם שטערן. איבערהויפּט האָט מיך באַצויבערט איר שטים: אי זאַנפֿט, אי שטאַרק. צוריק־געהאַלטן און גרויסשטאָטיש, איז פֿאַר מיר, דעם נאָר־וואָס געקו־מענעם פֿון „סלוזשבע", שיר ניט געווען אַ זכיה צו זײַן מיט איר באַקאַנט. אַ שרײַבערין, אַ טאַלאַנט און אַזאַ אינטערעסאַנטע!

זי האָט שוין דאַמאָלסט געהאַט פֿאַרערער, ווי זשאָרז זאַנד בשעתּה — אָבער רחל ברכות איז — הגם זייער אַ ראַפֿינירטע — קיין פֿראַנצויזין ניט געווען — אירע פֿאַרערער פֿלעגן אויסגיין פֿאַר בענקשאַפֿט נאָך אירן אַ גוט וואָרט. זי איז געווען — און געבליבן — אַ ייִדישע טאָכטער אין שענסטן זין פֿון וואָרט. מיט מיר האָט זי זיך געהאַלטן זייער קאָלעגיאַל, געווען צופֿרידן מיט מײַנע שיר־ניט אַלעטאָגיקע באַזוכן, אָבער פֿון פֿערזענלעכע געפֿילן איז קיין רייד ניט געווען.

נאָר וועגן איר לאַנדסמאַן און פֿרײַנד א. ליעסין — דאַן א. וואַלט, וואָס איז שוין געווען אין אַמעריקע — האָט זי גערעדט מיט גרויס באַגײַסטערונג. בכלל האָט זי גערעדט וועגן אים זייער אָפֿט, און אירע וואונדערלעך־שיינע ברוינע אויגן פֿלעגן זיך אָנצינדן. גערעדט האָט זי בלויז וועגן זײַנע לידער, פֿון וועלכע זי האָט באַ־זעסן אַן עקזעמפּלאַר פֿון אַן אומלעגאַלער העקטאָגראַפֿישער אויסגאַ־בע... איין ליד זײַנס האָט מען איר צוגעשיקט פֿון אַמעריקע אין געדרוקטער פֿאָרם. דאָס ליד איז געווען אַן אויסנאַם פֿון אַלע זײַנע

דעמאָלסטיקע לידער מיט דעם סוביעקטיוון אינהאַלט... עס איז געווען אַ ליד פון בענקשאַפט נאָך אַ ליבן מענטשן... איך האָב חושד געווען, אַז דאָס ליד איז געווען טאַקע געשריבן צו רחל ברכות. זי האָט עס ניט צוגעגעבן און ניט אָפּגעלייקנט, נאָר זייער קלוג גע־שמייכלט.

צווישן אירע פריינד און פאַרערער האָבן זיך געפונען ש. הור־וויץ (א. ליטווין), דאַן נאָך אַ העברעיִשער שרייבער, וואָס האָט „דעביוטירט“ אין אַ „לוח־אַחיאָסף“ מיט זיינע וואונדערלעכע אי־בערזעצונגען פון אַ סעריע היינעס ליבע־לידער... ער האָט שוין אויך דאַן געשריבן צו ביכלעך יידיש און דווקא לידער. ער פלעגט קו־מען אַ שטילער, אַ באַשיידענער, זיצן און פירן וויכטיקע געשפּרעכן...

# פערצנטער קאַפּיטל

דער שטאַרקער איינדרוק פון א. וואַלטס מאָדערנע לידער. — די איינציקע דעמאָלסדיקע לידערזאַמלונג נאָך פּרוגס „לידער און געדאַנקען". — דער שטילשטאַנד אין דער יידישער ליטעראַטור. — איך זוך ניים אין די מינסקער בוכהאַנדלונגען. — מיין קאָרעס־פּאָנדענץ מיט א. דעווינישסקין. — „יונגע קרעפטן". — די אַנאָנס אין „המליץ". — די ערשטע „יונגע קראַפט". — מיין אַנטטוישונג. — איך בין מכבד רחל ברכות מיט טעאַטער. — מיין באַזוך אין קאָידענאָוו. — ווידער אין אַ דאָרף. — איך פאַר־ענדיק די פּאָעמע „מיין צוריקקער אַהיים". — מיין פריינד נאָכן איבערשרייבן. — צוריק אין מינסק. — די בשורה וועגן דער צווייוואָכנשריפט „דער יוד".

ניט נאָר רחל ברכות, אַליין אַ טאַלאַנטפולע דיכטערין, הגם אין פּראָזע, איז געווען אַזוי באַגייסטערט פון א. וואַלטס (א. ליע־סינס) לידער—דער גאַנצער דעמאָלסטיקער ליטעראַרישער קרייז, וואָס איז איבעריקנס באַשטאַנען פון שפּעטער באַקאַנט און אַפילו באַרימט געוואָרענע פּערזענלעכקייטן, האָבן וועגן א. וואַלטס העקטאָגראַפירטער לידערזאַמלונג אונטערן טיטל „מאָדערנע לידער" גערעדט מיט דער העכסטער אָנערקענונג. וואָס אָנבאַטרעפט מיך, בין איך פון זיי גע־ווען אַנטציקט. אַ ליבהאָבער פון פּאָעזיע בכלל און פון יידישער בפרט, בין איך מיט דעם ביכעלע לידער געווען גליקלעך, ווי איך וואָלט אַנטדעקט אַן אוצר. די נייע סאָציאַלע אָדער ריכטיקער — סאָציאַליסטישע מאָטיוון, וואָס אין יענער צייט זיינען זיי אין דער יידישער ליטעראַטור געווען אַזוי ווייניק, אויסער דאָ און דאָרט אַ ליד פון עדעלשטאַט און ווינטשעווסקי, וואָס פלעגן איבעריקנס בלויז געזונגען ווערן און דאָס רוב אין אַ פאַרגרייזטער פאָרם—די נייע מאָ־טיוון, ווער רעדט נאָך אין אַ זאַמלונג — זיינען פאַר מיר געווען אַ גליקלעכע איבערראַשונג. אמת, פרץ אין די „יום־טוב־בלעטלעך" און

אפילו אין די דריי בענד „יודישע ביבליאָטעק“, האָט שוין דאָ אין דאָרט אין אַ ליד „געזונגען“ וועגן דער נייער צייט, וועגן דער סאָציאַלער אומגערעכטיקייט, אָבער זיי זיינען געווען צו פאַרשטעלט, צוליבן צענזאָר. פּרצעס ליד „ניט מיין, אַז די וועלט איז אַ קרעטשמע“, וואָס איז אין יענער צייט שוין, דאַכט זיך, געווען פאַרעפנטלעכט אין אַ יידיש־אַמעריקאַנער זאַמלבוך, האָט קורסירט ווי אַן אומלעגאַל ווערק. אויסער זיין, פּרצעס, פּאָעמע „ביי דעם חופּה־קלייד“, וואָס איז נאָך עד־היום איינס פון די שטאַרקסטע און שענסטע פּאָעטישע ווערק פון סאָציאַלן אינהאַלט, איז אַזוינס אין דער יידישער ליטעראַטור דאַמאָלסט געווען אַ זעלטנהייט. קאָן מען זיך פאָרשטעלן מיין פרייד פון א. וואַלטס זאַמלונג „מאָדערנע לידער“. די שטאַרקייט פון אויסדרוק, די אויפריכטיקייט, די שיינקייט און נייקייט פון דער פאָרם, דער גרויסער פּאַטאָס, און שטעלנווייז אַפילו די סאַטירע אויף דער אַלטער געזעלשאַפט, — דאָס אַלץ איז געווען אין יענער צייט אַזוי ניי, אַזוי דערפרישנדיק, אַז דער איינדרוק, וואָס זיי האָבן אויף מיר איבערגעלאָזט, איז נאָך ביז היינט ניט אָן שפּורן געבליבן.

איך ווייס עד־היום ניט, צי פלעג איך אַזוי אָפט באַזוכן רחלן ברכותעס הויז, צוליב איר באַצויבערנדיקער פרייַנדלעכקייט, צי צוליב א. וואַלטס ביכעלע „מאָדערנע לידער“. רחל ברכות, אַליין אַ גרויסע פאַרערערין פון א. וואַלטס לידער, האָט דאָס ביכעלע אַזוי טייער געהאַלטן, בפרט אַז עס איז געווען אומלעגאַל. אָבער מיר אַלס גאַסט האָט זי מיט אַ שמייכל דאָס ביכעלע שטענדיק דערלאַנגט, ווי מען טראָגט צו היינט, אין פּראָהיבישאָן־צייט, אַ ביסעלע גוטן וויין, וואָס איז פאַרבאָטן... איך בין זיך מודה, אַז דער היינטיקער פאַרבאָטענער וויין, וואָס מען איז מכבד אַ גאַסט, באַרוישט ניט אַזוי אָנגענעם, ווי עס האָבן מיר באַרוישט דאַן די לידער פון א. וואַלט.

אין יענער צייט זיינען פּאָעטישע לידערזאַמלונגען בכלל ניט געווען בנמצא. ניט גערעכנט דאָס ביכל לידער פון מיכל גאָרדאָן, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך מ. ספּעקטאָר און וואַרשעאַלס פּרעמיע צום צווייטן „הויזפריינד“ (און אויך דאָס דאָזיקע ביכעלע

איז אַרויסגעגעבן געוואָרן צוליב דעם, וואָס פילע פון זיי זיינען נאָך פריער געזונגען געוואָרן אין פאָלק, ווי די לידער פון א. גאָלד־פאַדן, וואָס איז טאַקע ווידער צוליב דעם אויך ערשינען — נאָך אַ סך פריער — אין בוכפאָרם מיטן טיטל „דאָס יודעלע"; ניט גערעכנט אויך די אַלערליי „צען נייע לידער" צום זינגען פון אַליקום צונזער, פון הלל קליבאַנאָוו און אַנדערע דאַמאָלסטיקע באַ־רימטע פאָלקס־דיכטער, זיינען קיין פּאָעטישע, קינסטלערישע לידער בכלל דאַן אין זאַמלונגען ניט ערשינען (הגם די זאַמלונג פון מ. גאָרדאָן און אַפילו „שיחת חולין" — די יידישע לידער פון י. ל. גאָרדאָן, וואָס זיינען אויך אין יענער צייט ערשינען אין אַ באַזונ־דערע אויסגאַבע, האָבן אויך פאַרמעגט עכט־פּאָעטישע און קינסט־לערישע לידער). אַן אויסנאַם איז אויך געווען פרצעס אַ זאַמלונג, וואָס איז באַשטאַנען בלויז פון דריי לידער און איז געווען באַ־שטימט פאַר דער אינטעליגענץ, סיי לויט דעם סימבאָלישן אינ־אינהאַלט און סיי לויט פאָרם און סטיל...

אמת, אין יענער צייט זיינען שוין אויך ערשינען אין בוכ־פאָרם די לידער פון דעם גרויסן נאַציאָנאַלן פּאָעט, ש. פרוג, וואָס זיי־נען פריער געווען געדרוקט אין דער פעטערבורגער וואָכנשריפט „דאָס יודישע פאָלקסבלאַט", אין שלום־עליכמס זאַמלביכער „די יודישע פאָלקסביבליאָטעק" און אין אַנדערע געציילטע זאַמלביכער, ווי „דאָס הייליקע לאַנד", „דער הויזפריינד". אָבער ליידער איז פרוגס לידערזאַמלונג, וואָס איז אַרויס אין אָדעס, אין אונזערע מקומות ניט געווען צו באַקומען. איך האָב וועגן דעם בוך געוואוסט, פון אַ פאַר אַנאָנסן אין „המליץ", בלויז דעם טיטל — „לידער און געדאַנקען" — און דעם פרייז 1 רובל. קיין קריטיקן און קיין רעצענזיעס איז אַפילו וועגן דעם דאָזיקן ערשטן בוך לידער פון אַזאַ דיכטער ווי פרוג ניט געווען צו געפינען. אפשר דערפאַר, וואָס דאָס בוך איז דערשינען אַזוי ווייט פון יידישן צענטער. אומזיסט האָב איך געזוכט די „לידער און געדאַנקען" אין אַלע יידישע בוכהאַנדלונגען אין מינסק, פון דער גרויסער בוכהאַנדלונג אויפן הויכן מאַרק פון סאָלאָמאָנאָוו ביז נפתלי משכיל־לאיתנס און פעלדמאַנס בוכהאַנד־לונג. דער ענטפער איז אומעטום געווען טרוקן און אָפּגעהאַקט:

— ניטאָ ביי אונז!...

אַ קעלט פלעגט מיר אַדורכגיין איבערן קערפּער פון דעם דאָזיקן ענטפער.

— אפשר עפּעס אַנדערע נייע זאַכן אויף יידיש, פון פּרץ, שלום-עליכם, פון ספּעקטאָר, פון?...

— גאָר ניטאָ קיין גיים — דער ערשטער „הויזפריינד", אויב איר ווילט...

אַ שטילשטאַנד האָט דאַן, אין סוף פון יאָר 1898, געהערשט אין דער יידישער ליטעראַטור. בלויז דער ציוניסטישער פאַרלאַג „עזרא" אין באַרדיטשעוו האָט אַרויסגעלאָזט קליינע ביכעלעך מיט ביאָגראַפיעס און מאָנאָגראַפיעס פון ר' שמואל מאָהיליעווער און אַנדערע. אויך איז ערשינען וואו-ניט-וואו און ווען-ניט-ווען אַ ביכעלע פון סאָציאַליסטישע אויפקלערער, אַ וויסנשאַפטלעך ביכעלע מיט אַ הילצערנער שפּראַך, וואָס מען האָט קוים געקענט אײַנבייסן... די פּאָר בעסערע ביכעלעך — פּובליציסטישע און וויסנשאַפטלעכע — זיינען שוין ערשינען אומלעגאַל...

האָט זיך טאַקע געבענקט נאָך אַ פרישן ליטעראַריש-קינסטלערישן וואָרט...

איז אויב עס איז ניטאָ, מוז מען דאָס אַליין שאַפן.

נאָך אין קאָוונע, אין דער פרייער צייט, ווען איך פלעג אַרומשפּאַצירן אין פּאַרק מיט א. מ. דעווינישסקין אָדער ביי אים אין קליינעם געמיטלעכן צימער, אין אַ הויז, וואָס האָט אַרויסגעקוקט צום ניעמאַן, האָב איך שוין אויסגעדריקט מיין ווּאונטש אַרויסצוגעבן אַ ליטעראַריש זאַמלבוך. אים איז דער פּלאַן געפעלן געוואָרן, האָט מיר צוגעזאָגט צו העלפן מיט ראַט און טאַט און איבערהויפּט מיט מאַטעריאַל... אָבער אויף „סלוושבע" איז דאָס געווען אוממאויספירבאַר אַפילו פאַר אַ מוזיקאַנט. אין מינסק האָט מיך די אידעע ווידער באַהערשט מיט איר גאַנצער קראַפט. אין מאַטעריאַל — האָב איך געטראַכט — וועט קיין מניעה ניט זיין. איך אַליין האָב שוין דאַן פאַרמעגט אַ צאָל לידער, אויסער די, וואָס זיינען פאַרהאַלטן געוואָרן אין דער זשאַנדאַרמעריע, פיל פון וועלכע איך האָב איבעריקנס געקענט אויסווייניק — צווישן זיי דאָס ליד „אָ, העמערל,

העמערל, קלאפּ", וואָס איך האָב געשריבן לויטן מאָדעל פון אַן אָרעמען שוסטער, וועלכער האָט געוואוינט ניט ווייט פון אונזער קאָמאַנדע, אין אַ קעלער, און ווי שפּעט אינאָווענט איך פלעג ניט פאַרבייגיין דעם קעלער, פלעג איך אים זען זיצן געבויגן מיטן העמערל אין האַנט, קלאַפּנדיק איבער אַ פּאָדעשווע... אויך האָב איך שוין פאַרמעגט אַ פיר קאַפּיטלען פון מיין פּאָעמע „מיין צו־ריקקער אַהיים", וואָס, ווי איך האָב שוין פריער דערציילט, איך האָב אָנגעשריבן אין קאָוונע, קומענדיק צוריק פון אַ צווייוואָכיקן אורלויב, נאָך דעם שטאַרקן איינדרוק, וואָס מיין שטעטל האָט אויף מיר געמאַכט נאָך אַן אָפּוועזנהייט פון צוויי־דריי יאָר... איך האָב שוין אויך פאַרמעגט אין מיין ליטעראַרישן „אוצר" אַ פּאָר דערציי־לונגען, וואָס הגם אין מיינע ווערק זיינען זיי ניט אַריין אין אַפילו אין קיין זשורנאַל ניט געדרוקט געווען, האָב איך דאַן יאָ גע־האַלטן זיי פאַר דרוקפעיק.

האָב איך וועגן דעם געפּלאַנטן זאַמלבוך, וואָס האָט שוין געהאַט אַ נאָמען „יונגע קרעפטן", זיך דורכגעשריבן מיט א. מ. דעווינישסקין, וועלכער איז נאָך געווען אין קאָוונע... מיין בריוו צו אים איז געווען אַ לאַנגער, די ערשטע העלפט אין אַ הומאָ־ריסטישן טאָן. די ערשטע העלפט פון בריוו, געדענק איך, אז געווען אַ מין פּאַראָדיע אויף אַ קאַפּיטל יחזקאל, ווי אַזוי איך פלי צוריק אויף די פליגלען קיין קאָוונע... אַקוראַט, ווי אַזוי ס'האָט געשטימט, געדענק איך ניט, איך געדענק בלויז, אַז איך אַליין בין דאַמאָלסט געווען שטאַרק צופרידן פון מיין אייגענעם הומאָר... די אַנדערע העלפט איז שוין געווען וועגן זאַמלבוך „יונגע קרעפטן"...

האָט מיר א. מ. דעווינישסקי געענטפערט אויך אַ לאַנגן, אויב נאָך ניט לענגערן בריוו פון מיינעם. די אידעע געפעלט אים אַוודאי און אַוודאי, נאָר ווי אַזוי העל איך דאָס אויספירן? די די געלט־פראַגע אַרט אים שוין ניט. אָבער מיט וואָס און מיט וועמען וועל איך דאָס זאַמלביכל אויספילן? איר דאַרפט ניט פאַר־געסן — דערמאָנט ער מיר — אַז איר זייט ניט קיין פּריץ, וואָס קען כמעט איינער אַליין אויספילן אַ באַנד „יודישע ביבליאָטעק" אָדער אַ זאַמלונג „ליטעראַטור און לעבן"...

האָב איך אים טאַקע אין האַרצן געגעבן גערעכט, בפרט אין יענער צייט, ווען ניט נאָר קיין פּובליציסטיק וואָלט איך ניט געקענט שרייבן, אַפילו אַ נאָטיץ אָנשרייבן וואָלט פאַר מיר געווען אַ שווערע זאַך... אָבער אָפּזאָגן זיך פון דער אידעע וועגן אַ זאַמלבוך האָב איך ניט געקענט. איך האָב אָנגעשריבן קודם־כל אַ מודעה וועגן דער ערשיינונג פון אַזאַ מין זאַמלבוך. זי האָט זיך אומגעפער געלייענט אַזוי:

עס ווערט צוגעגרייט צום דרוק און עס וועט אינגיכן ערשיינען אַ זאַמלבוך פאַר ליטעראַטור און קריטיק „יונגע קרעפטן", אַרויסגעגעבן פון אברהם רייזען. אַרטיקלען, לידער און ערציילונגען זאָל מען שיקן אויף פאָלגנדיקן אַדרעס:

רעדאַקציאַ „יונגע קרעפטן", גוב. גאָראָד מינסק, אאַז״וו.

וויפיל אַזאַ אַנאָנס האָט געדאַרפט אָנטרעפן האָב איך ניט געוואוסט. פאַרמעגט האָב איך צוויי רובל (צי געבאָרגט ערגעץ — איך קען שוין ניט געדענקען). האָב איך אַוועקגעשיקט די מודעה מיט דער דאָזיקער סומע אין „המליץ" מיט אַ בריוועלע צום המו״ל אויף לשון־קודש.

אין אַ וואָך אַרום איז די מודעה געווען אָפּגעדרוקט — אין עטלעכע קורצע שורות פּעטיט, צי אין בראַוויר — און אין עטלעכע טעג אַרום איז מיר שוין אָנגעקומען אַ „פּאַקעט" פון ערגעץ אַ שטעטעלע אין וואָלין, צי פון פּאָדאָליע — דאָס שטעטעלע האָט געהייסן באַר אָדער פּערעיאַסלעוו אָדער אפשר גאָר לוצק... עפּעס פון די מינים שטעטלעך, וואָס האָבן געהאַט גאַנצע נעסטן פון קאָרעספּאָנדענטן און מאַמרים־שרייבער. איך האָב באַקומען אַ מאַמר, דאַכט זיך, וועגן חינוך... נאָר אַזוי ווי דער שרייבער, הגם אויף יידיש אַ שרייבער, האָט חינוך אויסגעלייגט אָן אַ יוד, האָט זיך עס געלייענט חנוך, ס'הייסט אַ מאַמר וועגן חנוכן... דער סטיל און די פאָרם האָט טאַקע דערמאָנט ניט נאָר חנוכן, נאָר מתושלחס צייטן... האָט עס מיך אָפּגעשראָקן און כ'האָב דאָס אַרויסגעבן מיין זאַמלבוך אָפּגעלייגט אויף אַן אומבאַשטימטער צייט...

*  *  *

דערווייל האָבן זיך אָנגערוקט די יום־טובים. מיין טאַטע, וואָס איז שוין געקומען פון דער „אימעניע“, וואו ער איז געווען אַ לעסער, האָט געבראַכט אַ ביסל געלט, דאָס איז אָבער, צוליב די יום־טובים, גלייך צעגאַנגען. איך בין, חול־המועד סוכות דאַכט זיך, צוגעפאָרן קיין קאָידענאָוו, זען זיך מיט מיינע קרובים און באַקאַנטע. די באָבע שולקע, דעם טאַטנס מוטער, האָט שוין געפעלט... אין דער קאַמער, וואו זי האָט ביי איר זון הירש דעם למדן אָפּגעוואוינט דאָס גרעסטע שטיק פון איר לעבן, אינאיינעם מיט מיין ליבן פאָלקסטימלעכן זיידן, האָב איך שוין געטראָפן דעם זיידן משהן אַליין. ער איז געזעסן ביי אַ ספר און זיך געלאָכט מיט די פאַר מיר שוין ווייטע אָבער פאַר אים נאָענטע ווערטער. איך בין געבליבן שטיין לעבן זיין טישל און ניט געוואַגט איבערצושלאָגן אים. ער איז שוין געווען אַלט, זייער אַלט...

איך האָב זיך געשעמט צו ווייזן אַ געראַזירטער, אַ קורץ־געקליידעטער (הגם עס איז ביי אונז אין ליטע אַ קורץ־געקליידעטער ניט געווען קיין חטא...), אין אַ קאַפּעליוש... אַ גאַנצער פראַנט.

ענדלעך בין איך צו אים צוגעגאַנגען.

— שלום־עליכם, זיידע...

איך האָב זיך שיער ניט צעוויינט...

— המ... דו, אברהמל... שלום־עליכם... נו, וואָס מאַכסטו, האָט ער מיט זיין הייזעריקלעכן קול אַ מורמל געטאָן, קוים מיך באַטראַכטנדיק.

— אָט, מען לעבט... זיך אויסגעדינט...

— אַ סאָלדאַט געווען, אַז אָך און וויי צו אונז... — האָט ער געשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי ער וואָלט שולדיק געווען...

איך האָב אים באַרויקט, אַריינגעוואָרפן אַ גמרא־ווערטל, צוליב שלום־וועגן...

דער זיידע, וואָס איז אַלע מאָל געווען אַ נגיד, צוליב דער גרויסער פרנסה־קראָם, וואָס ער האָט געהאַט, איז שוין אַראָפּ פון דער נגידישאַפט... די קראָם האָט שוין געפירט די מומע, די ווייב פון מיין פעטער הירש דעם למדן... פונדעסטוועגן האָט ער מיר, ווי

איך געדענק, געגעבן אַ געלט־מתּנה, אַ פּאָר רובל, און דערביי צוגעמורמלט, ווי פאַרענטפערנדיק זיך:

— איך בין שוין, אברהמלע, ניט קיין נגיד, אַן אָרעמאַן געבליבן... מען האָט צעשלעפּט.

דאָס האָט ער געמיינט מיין טאַטן, וועלכן ער פלעגט אַרויסהעלפן צו זיינע דעפּיציטן ווען ער האָט נאָך געהאַנדלט אויף אַ גרויסן שטייגער מיט תבואה און פלאַקס; דעם פעטער, זיין זון הירש דעם למדן, וואָס איז געווען אַליין ניט קיין פאַרדינער, און איבערהויפּט די קרעדיטאָרן, וועמען דער זיידע האָט געלט געליען און אַלע האָבן אים אָנגעזעצט...

מיט אַ געדריקט האַרץ בין איך אַוועק פון דעם זיידן משה, איבערלאָזנדיק אים ביי זיין אַלטן ספר, אָן אַ טרייסט אויף דער וועלט, בלויז מיט זיין גלויבן אין עולם־הבא, וואָס ער, אַזאַ אמתער ערלעכער ייד, שיר ניט קיין הייליקער, אָן שום תאַוות — האָט עס אַוודאי זיכער פאַרדינט...

מיין פעטער הירש דער למדן, וועלכער האָט געוואוינט אין זעלבן הויז, האָט זיך שוין אויך אַראָפּגערוקט... צוגעהוסט, האָט נאָך אַליין און אפשר אָפטער גערויכערט דעם ביליקן טיטון, פון וועלכן ער פלעגט אויסמאַכן די אַליינגעוויקלטע פּאַפּיראָסן, און מיט אַ מין זשעדנעקייט פאַרצויגן דעם רויך.

איך האָב זיך מיט אים צערעדט. זיין גייסט איז נאָך געוואָרן לויטערער, ווי געווען, הגם דער אינהאַלט פון זיינע שמועסן איז געוואָרן סקעפּטישער, שיר ניט יאושדיק... נאָר דער טאָן אַ פרייליכער...

— ס'איז ניט גוט, אברהמעלע, — האָט ער געזאָגט און געשמייכלט פרידלעך, ווי איינער זאָגט — צו וואָס דאַרף מען, עס זאָל גוט זיין...

איך האָב אים מכבד געווען מיט אַ בעסערן, אַ געקויפטן פּאַפּיראָס..

— ניין, ניין, — האָט ער זיך אָפּגעוואָרפן — איך בין שוין געוואוינט צו מיינע, קיין בעסערן פּאַפּיראָס פאַרטראַג איך שוין ניט... און האָט לויטערער געשמייכלט...

האָט זיך שוין אַריינגעמישט זיין ווייב, די מומע רעליע.

— הלוואי הערט ער שוין גאָר אויף צו רויכערן, קוים וואָס ער לעבט...

די מומע רעליע האָט אַוודאי געהאַט צו זינגען אין צו זאָגן פון זיין רויכערן. דער פעטער הירש, ניט קיין קאַרגער פאַר אַנ־דערע, איז פאַר זיך אַליין געווען זייער שפּאָרזאַם; אַנשטאָט אָנ־צורייבן אַ שוועבעלע, פלעגט ער דאָס רוב בעטן ביי דער מומע רעליע אַ הייסע קויל, וואָס האָט זיך כמעט שטענדיק געפונען אין זשאַר, פאַרשאַרט ביי אַ זייט פון אויוון...

— רעליע, זיי מוחל, דערלאַנג מיר אַ קויל...

אַוודאי האָט די מומע רעליע גלייך דערלאַנגט. דעם פעטער הירש דעם למדנס אַ פאַרלאַנג איז ביי איר געווען מער ווי הייליק.

איך האָב געוואָרפן אַ בליק צום פעטער הירשס „אַלמער" ספרים. דער זעלביקער ש״ס, דער זעלביקער „גאַנג" תנ״ך מיט די ל״ב פּירושים, שוין אַריינגערעכנט דעם פּירוש פון אבן־עזרא, אויף וועלכן דער פעטער הירש פלעגט מיר אַמאָל זאָגן, אַז ער איז אַ פרייער גייסט געווען, און דערביי פלעגט דער פעטער הירש שמייכ־לען מיט אַ באַהאַלטענער צופרידנקייט... איך די צווי יאָרגאַנגען „כנסת ישראל", די דריי האָסיפס" פון נ. סאָקאָלאָוו, דער „הכרם" פון אליעזר אַטלאַס, דער „דברי ימי עולם" פון קלמן שולמאַן — אַלע שטייען זיי נאָך ווי אין גרויס דערוואַרטונג...

איך האָב זיך אַ גראָב געטאָן אין די אונטערשטע פּאָליצעס, וואו עס זיינען שוין געלעגן די קלענערע: אָט איז דער ספרל „פּע־דאָן" וועגן השאָרת הנפש, אָט איז „ידיו אמונה", דער „כור־עוני" — די מעשה פון ראָבינזאָן קרוזאָ; אָט איז שלום־יעקב אַבראַמאָווי־טשעס „זשאַרגאָנישער" וועלט־לוח מיט אַלערליי וויסנשאַפטן, וואָס דער פעטער הירש דער למדן האָלט גאָר פאַר איינס פון די קליגסטע ביכער אויף דער וועלט — אַ קליינִיקייט — אַבראַמאָוויטשעס!...

אַ בענקשאַפט באַפאַלט מיך, קוקנדיק אויף די אַלע ספרים, ביכער און ביכעלעך פון דעם פעטער הירש דעם למדנס ביבליאָטעק... איך האָב זיי אַלע יינגלוויז געלערנט, געלייענט און ווידער געלייענט.

פון פעטער הירש און זיידן משהן גיי איך צוריק צום זיידן פסח, וועלכער וואוינט אין עק נייער מינסקער גאַס, ביי די „פּרי־פּאַהעס". נאָך זיין הייס הייבן זיך אָן ציען פון ביידע זייטן ביימער, בעריאָזעס, וואָס יעקאַטערינע די צווייטע האָט, לויט דער לעגענדע, אַליין געהייסן פאַרפלאַנצן. ווייטער ווינקען גרויסע, גרינע וועלדער, עס ציען זיך פעלדער...

דער זיידע פסח אַליין איז אויך אַלט, פאַראָרעמט געוואָרן פאַר די עטלעכע יאָר... די פרנסה איז געשלאָגן... אָבער ער איז נאָך אַלץ הויך, שלאַנק און שיין. די באָרד אינגאַנצן ווייס ווי זילבער... די אויגן בלוי און לויטער, ווי צוויי שפּיגעלעך. ער שמייכלט טרויעריק און גוטמוטיק, איז שטאַרק צופרידן מיט מיין קומען, פרעגט מיך, וואָס האָב איך אויפגעטאָן פאַר דער צייט אין „שרייבן". איך מוז אים עפּעס פאַרלעזן און ער דריקט אויס זיין צופרידנהייט נאָך מער.

די באָבע בלומע, כאָטש אַ שטיף־באָבע, איז גאָר־גאָר אויפ־געראַמט. זי איז שטענדיק אָפּטימיסטיש געשטימט, יינגער פון זיידן, הגם זי איז שוין אַוודאי אויך געווען דאַן אַלט איבער זיבעציק (זי האָט נאָך געלעבט ביז נאָך דער מלחמה), איז זי זייער טעטיק אין הויז. קאָכט און באַקט, וואַשט און רוימט. אַ גרויסע בריה. טאַקע פאַראָרעמט, אָבער מאכלים האָט זי נאָך אַלץ געמאַכט און „מאָקן" פאַרמאָגט נאָך אַלץ אַלערליי.

— עס, אברהמל, עס און זאָרג ניט, אין שטוב איז גאָט צו דאַנקען דאָ פון אַלדאָס גוטס.

ווער איך שוין ביי דעם זיידן פסחן אין הויז פריילעכער גע־שטימט. אָבער די יונגע מומעס מיינע זיינען שוין ניט געווען. איינע האָט חתונה געהאַט ערגעץ אין דער פרעמד, אַ צווייטע אין קאָידע־נאָוו גופא, די יינגסטע ראַשע מיט די שיינע וואונדערלעכע בלויע אויגן איז שוין אין מינסק געווען און געאַרבעט ביי אַ שניידערין... באַפאַלט מיך ווידער אַ גרויסער צער, אַ בענקשאַפט נאָך דאָס פאַר־גאַנגענע...

און מיט אַ שווער געמיט, הגם אַ דערפרישטער פון די אַלע איינדריקן, פאָר איך צוריק קיין מינסק.

אין מינסק איז ווידער ניט אַזוי פריילעך. דער טאַטע, אַ פאַרזאָרגטער וועגן פרנסה, גייט אַרום דאָס רוב אַ שווייגנדיקער, ווי אַ פאַרשוילדיקטער. קוקט אויף די גרעסטענע קינדער, הירשל, זלמן, שרה־בתיה, וואָס איז אי זייער שוועסטער, אי זייער מאַמע, און ישובט זיך, צי בלייבן אין מינסק און זיך נעמען צום האַנדל, אָדער ווידער פאָרן ערגעץ אַלס אַ לערער... ענדלעך ריזיקירט ער ניט צו בלייבן אין מינסק, וואו דער האַנדל מיט תבואה ליגט אין רייכע הענט, און פאָרט טאַקע אַוועק ווידער אויף אַ דאָרף...

פאַרן אַוועקפאָר לאָזט ער איבער עטלעכע רובל, וואָס ער קריגט פאָראויס ביים נייעם באַלעבאָס, זעגנט זיך אָפּ מיט אונז — כלומרשט אַ פריילעכער, אַ מוטיקער, אַ פילאָסאָפיש געשטימטער און מיר בלייבן אַלע דאָך אין אַ געדריקטער שטימונג.

איך דערפיל, אַז בלייבן אין מינסק קען איך ניט אין טאָר ניט. פון מיין שרייבן פאַרדינען קאָן איך גאָרנישט. איך שרייב אפילו אָן אַ גרויסע פּאָעמע וועגן קאַפּיטאַן דרייפוס, וואָס אין יענער צייט, אין יאָר 1898, איז עס נאָך געווען זייער אַקטועל, שיק זי אַוועק צו יצחק בונק אין ווילנע. די „פּאָעמע" נעמט ער אָן, שרייבט, אַז זי געפעלט אים זייער, אָבער וועגן געלט קען דערוויל קיין רייד ניט זיין. ערשט ווען ער וועט זי אָפּדרוקן אין אַ ביכעלע, וועט ער מיר באַצאָלן. צום גליק איז זי קיינמאָל ניט ערשינען... זיסט וואָלט געווען מיט נאָך עפּעס צו שעמען זיך...

און אויך איך באַשליס צו פאָרן אויף אַ דאָרף, איידל גע־רעדט — אַלס לערער.

עס איז שוין אַפילו געווען צוויי וואָכן נאָכן „לערער־סעזאָן", פונדעסטוועגן זיינען נאָך איבן גרויסן מינסקער שולהויף, וואו עס איז אָנהייב זמן די בערזע פון די דאָרפישע לערער, געקומען געגנוג פאַרשפּעטיקטע פון ביידע צדדים, סיי באַלעבאַטים־ישובניקעס, סיי לערער.

איך נעם שטאַרק אויס ביי איינעם אַ יונגן ישובניק, זייער שיין, כמעט פּראַנטיש געקליידט. בטבע אַ פלעגמאַטיקער, אַ רויקער, רעדט ער מיך איין צו פאָרן צו אים. ער פאַרמאָגט בלויז צוויי קינדער, אַ מיידעלע פון עלף יאָר און אַ יינגעלע פון זיבן. מיט דער מיידעלע

דאַרף איך לערנען רוסיש און אַריפמעטיק, מיטן יינגלע — וואָס איז זיך דאָ צו שעמען, אַ קאַפּעטשקע חומש און שרייבן יידיש און אָנפאַנג רוסיש... פרייע צייט וועל איך האָבן וויפיל איך וויל אַליין. היינט איז דער דאָרף אַ גרויסער, אַ פריילעכער, שיר ניט אַ שטעטל.

עס איז אַ „וואָלאָסט" מיט אַ „קאַנצעלאַריע", מיט אַ „שריי־בער", אויך אַ דאָרפישע שול מיט אַ שיינער רוסישער לערערין... און אַפילו דער גלח — גיט ער מיר אָן אין נדן — איז אַ אינ־טערעסאַנטער מענטש, אַ פרייער, אַ גוטער ברודער...

איך ווער פאַראינטערעסירט מיט אַזאַ מין דאָרף און סיי־ווי־סיי האָב איך קיין ברירה ניט געהאַט.

דערצו איז דער יונגער באַלעבאָס אַ „ברייטער": ער גיט מיר פאָראויס צען רובל, איך זאָל קויפן וואָס איך דאַרף, און מאָרגן פאָרן מיר.

באַשלאָסן.

אינאָוונט גיין איך אַריבער צו רחל ברכות זיך אָפּזעגענען.

מיין מעלדונג, אַז איך פאָר אַוועק אויף ווינטער אין אַ דאָרף צו זיין אַ לערער, איבערראַשט איר. באַלד אָבער פאַרנעמט זי שוין מיין לאַגע און זי רעדט מיך צו. זי אַליין, דאַן אַן אַרבעטערין, וואָס האָט געלעבט צוזאַמען מיט איר ניט־רייכער מוטער אַן אַלמנה, און מיט אירע צוויי ברידערלעך און אַ קליין ליב שוועסטערל, — זי אַליין האָט געוואוסט, וואָס הייסט אַ מענטש אין אַ נויט, הגם אין הויז האָט זיך די אָרעמקייט ניט געמערקט.

זי נעמט מיך צו נאָך פריינדלעכער און חברישער ווי שטענ־דיק. איך ווער טיף גערירט, באַשליס צו זעגענען זיך מיט איר אויפן גרויסן שטייגער — נעמען זי אין טעאַטער, פון וואָס איך האָב געוואוסט, אַז זי איז אַ גרויסע ליבהאָבערין, האָט אָבער זעלטן געקענט זיך דערלויבן צו קויפן אַ בילעט...

זי דערשרעקט זיך אַזש:

— וואָס הייסט, רייזען — אַ שאָד דאָס געלט...

— איך האָב גענוג געלט... ווער איך ברייט (אַ ביסל פון דעם פאָראויס גענומענעם געלט האָב איך איבערגעלאָזט מיין שוועס־

טער שרה־בתיהן, ביז איך וועל פֿון דאָרף איר קענען ווידער שיקן).

אירע אויגן צינדן זיך אָן... טעאַטער... דערצו איז נאָך אין יענעם טאָג אַרויסגעפֿאַלן אַ ווייכער שניי... ס'איז שוין פֿריש ווינטערדיק, עס ציט אין דער פֿריי...

זי טוט זיך אָן, די מוטער קוקט איר נאָך מיט ליבעפֿולע בליקן, איר טאָכטער וועט האָבן פֿאַרגעניגן...

אויפֿן גאַס קורסירן שוין פֿריילעך די שליטעלעך אָנשטאָט די געוויינלעכע דראָשקעס אין רעדער... זיי קלינגען און זינגען... איך פֿאַרגעס אָן מיין אָרעמקייט, איך בין איצט דער רייכסטער:

— הע, איזוואָשטשיק!

— רייזען, וואָס טוט איר! — דערשרעקט זי זיך שיר ניט פֿון מיין פֿאַרשווענדערישקייט...

איך זאָג אַ תּירוץ, אַז ס'איז שוין באַלד אַכט דער זייגער... מען קען נאָך פֿאַרשפּעטיקן אַ גאַנצן אַקט. און וואָס וועט דאָס קאָסטן...

פֿאַרפֿאַלן! אַ שליטעלע געשפּאַנט צו אַ שיינעם, שטאָלצן פֿערד איז ווי אַ ווייכער צוגעפֿלויגן.

מיר זעצן זיך אַריין און דאָס שליטעלע פֿליט שוין אַ זינגענדיקער... צוויי יונגע מענטשן, מיט האָפֿענונגען, פֿאָרן אין טעאַטער...

אין טעאַטער איז רחל ברכות גאָר אַן איבערגעביטענע... — אַך, ווי איך האָב ליב דעם טעאַטער, דאָס פּובליקום! — זינגט זי אַרויס, אַרויפֿגייענדיק אויף די טרעפּ, אינדערהויך, אויף דער גאַלעריע... זי זעצט זיך אַוועק. אונטן זיצן די פּני, די רייכע, די דאַמען אין די זיידענע קליידער. אויבן זיצט די אָרעמע אינטעליגענץ און איך און רחל ברכות. אויף דער גאַלעריע איז יום־טובֿדיקער, פֿריילעכער...

וואָס מען האָט דאַן געשפּילט ווייס איך ניט. עפּעס אַ דראַמע, אויף רוסיש נאַטירלעך. מיט דעם דאָזיקן מין דראַמען האָב איך זיך גענוג אָנגעזעטיקט אין קאָוונע, ווען איך האָב אַלס מוזיקאַנט געשפּילט אין דאָרטיקן טעאַטער צווישן די אַנטראַקטן, נאָך יעדן אַקט... איך געדענק בלויז, אַז רחל ברכות איז געווען סיי

פון שפּילן, סיי פון דעם שטיק אַליין שטאַרק באַגייסטערט און דאָס איז שוין פאַר מיר דאַן געווען גענוג, אַז אויך מיר זאָל סיי דער טעאַטער, סיי די שפּילער, סיי דאָס שטיק שטאַרק געפעלן ווערן...

* *
*

דער ווינטער אויפן דאָרף — ווערכמעניע האָט ער געהייסן — האָט זיך מיר באמת ניט שלעכט געלעבט; אַפילו דער אומעט איז געווען אַן אָנגענעמער, אַ זיס־נאָגנדיקער... אויסער די בריוו צו מיין שוועסטער און צו מיין פאָטער — אויך אין אַ דאָרף — האָב איך זיך דורכגעשריבן מיט רחל ברכות. מיינע בריוו צו איר זיינען געווען שטאַרק ראָמאַנטיש, הגם זייער איינגעהאַלטן... צו די בריוו האָב איך צוגעלייגט, ווי אַ ביילאַגע, לידעלעך, אויך פון ראָמאַנטישן אינהאַלט... רחל ברכות האָט אויף זיי געענטפערט זייער טאַקטיש און קלוג...

אין דאָרף, אין פאַרלויף פון זמן, האָב איך אויסער אַ צאָל לידער, אויך פאַרענדיקט מיין פּאָעמע „מיין צוריקקער אַהיים“. מיט דער דאָזיקער פאַרענדיקטער פּאָעמע בין איך געווען זיבער, אַז איך האָב עפּעס געשאַפן. אַ אומבאַשטימטע, אָבער גרויסע פרייד האָט מיך דעמאָלט אַרומגענומען און אָנגעהאַלטן אַ לאַנגע צייט. אַ שאָד נאָר, וואָס אין דאָרף האָב איך זי, דאַכט זיך, ניט געהאַט פאַר וועמען פאָרצולייענען! מיין באַלעבאָס איז געווען אַ משכיל טאַקע, אָבער אַ צו־פּאַריאָגטער אין געשעפטן, — האָב איך געוואַרט אויף סוף זמן — אויף מינסק.

געקומען קיין מינסק אַרום צוויי וואָכן פאַר פסח, האָב איך נאַטירלעך דעם ערשטן באַזוך געמאַכט רחל ברכות.

אויסער די פרייד צו טרעפן זיך מיט אַ באַקאַנטער, איז נאָך צוגעקומען די פרייד פון דער בשורה, אַז אַ יידישע צוויי־וואָכנשריפט הייבט אָן צו ערשיינען אין וואַרשע. די בשורה האָט טאַקע מיר אָנגעזאָגט רחל ברכות.

— איר ווייסט גאָרניט, רייזען, עס האָט דאָך אָנגעהויבן ערשיינען אַ יידישער זשורנאַל אין וואַרשע — דער „יוד“... זי האָט

שוין אַפילו געווען דעם ערשטן נומער... זי קען מיר געבן דעם אַדרעס...

— שיקט עפּעס אַוועק, — האָט זי מיר ווי אַ פריינד גע־ראָטן...

איך בין אַוועק אַהיים, וואָס איז נאָך אַלץ געווען בײַ קאָפּל דעם שמיד אין הויז, בײַ דער זעלביקער אַלטוטשקער רייצע, אי־בערגעשריבן עטלעכע קליינע לידער און די פּאָעמע „מײַן צוריק־קער אַהיים“ און שטאַרק רעגיסטרירט — אין אַ גרויסן קאָנווערט, עס אַוועקגעשיקט קיין אָדעס. וואו דער רעדאַקטאָר פון דעם „יוד“, י. ח. ראַווניצקי, האָט דעמאָלט געוואוינט...

# פופצנטער קאַפּיטל

דער פריילעכער פּסח. — די פאַמיליע רובענטשיק. — דער רוּ-
סישער סעמינאַר אין מינסק. — דער העברעיִשער לערער קאָפּע-
ליאָוויטש. — דער ענטפער פון י. ח. ראַווניצקי. — ראַווניצקי
אַלס קריטיקער. — איך אַמפּער זיך מיט אים. — דער ערשטער
ריכטיקער האָנאָראַר. — דער ערשטער אַוואַנס. — איך פאָר קיין
וואַרשע. — דער אַריינפאָר. — דער האָטעל. — די ריכטונג
פון דער צייטשריפט „דער יוד״.

דער פּסח איז אין יענעם יאָר פאַר מיר שוין געווען אַ פריי=
לעכער, די טעג זוניקע און צוזאָגנדיקע... מיין שוועסטער שרה=בתיה,
דאַן קוים פופצן יאָר אַלט, האָט שוין אַדאַנק איר גייסטיקער אַנט=
וויקלונג געהאַט אַ קרייז פון אינטערעסאַנטע און ערנסטע באַקאַנ=
טע, וואָס זיינען פיל עלטער געווען פאַר איר. אונזער צימער איז
אין די פאַרנאַכטן און אָוונטן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מין קלוב,
אַ זאַמלפונקט פאַר חברים, חברטעס און אומפּאַרטייִשער אינטעלי=
גענטער יוגנט, צווישן זיי אויך די שוועסטער פון שפּעטער באַ=
קאַנטן טעריטאָריאַליסט אברהם=אַבא רובענטשיק. צוליב איר בין
איך שוין אויך מיט אים באַקאַנט געוואָרן. ער איז דאַן געקומען
פון דייטשלאַנד אַלס סטודענט פון פילאָסאָפיע. אַ שטילער, אַ באַ=
שיידענער, אַ גוטמוטיקער, הגם אַ ניכטערער אין זיינע אָנשויונ=
גען אויף וועלט און לעבן, האָט ער באַזעסן אַ פיינעם חוש פאַר
הומאָר. אויף מיר האָט ער געקוקט מיט אַ פילאָסאָפישן שמייכל,
ווי איינער זאָגט: עט, — לידעלעך!... ווי מיר דאַכט, איז ער
דאַמאָלסט געווען ציוניסטיש געשטימט און מיר פלעגט אָפט אויס=
קומען מיט אים זיך צו אַמפּערן... ער, אַ באַוואָפנטער מיט אַלערליי
עקאָנאָמישע און סאָציאַלע לערן, האָט מיך דאַן לייכט געקענט באַ=
זיגן, אָבער איך האָב זיך ניט געלאָזט בייקומען. מיין קעגנערשאַפט
צום ציוניזם איז געווען אַזוי גרויס, אַז איך האָב מיט ווייניק וויסנ=

שאַפּטלעכע כּלי־זיין בייגעקומען אַלע מיינע דאַמאָלסטיקע ציוניס־טישע אָפּאָנענטן...

דערפאַר אָבער זיין שוועסטער עשקע, דאַן אַ מיידל פון אַ יאָר אַכצן־ניינצן, פול מיט לעבן און לעבנספרייד, אַ באַלעזענע אין דער רוסישער ליטעראַטור, האָט זיך מיט די אַלע טעאָריעס ווייניק אינטערעסירט, הגם צום סאָציאַליזם, אַלס אַן אַרבעטערין, אַ שניידערין, איז זי געווען יאָ גענייגט. אַז עשקע פלעגט קומען צו מיין שוועסטער, איז דאָס צימערל — נאָך אַלץ בּיי דער אַלטיטשקער רייצען — פול געוואָרן מיט איר געזאַנג. עשקע רובענטשיק האָט געהאַט אַ גרויסן רעפּערטואַר, סיי פון אַריעס פון אַלערליי אָפּערעס, סיי פון לידער און ראָמאַנסן, און אַמאָל אויך, ווי יוצא צו זיין פאַר דער נייער צייט, האָט זי אויך אַ רעוואָלוציאָנער לידל אָפּגעזונגען, אויב די מעלאָדיע איז נאָר געווען גענוג שיין.

די דאָזיקע ליבע פאַמיליע רובענטשיק האָט געוואוינט טאַקע ניט ווייט פון אונז. מען האָט בלויז געדאַרפט דורכגיין דעם גרויסן רוסישן סעמינאַר, וואָס האָט זיך געפונען צווישן אונזער וואוינונג און די רובענטשיקס. בּיי די רובענטשיקס אין הויז איז שטענדיק געווען לעבעדיק און פריילעך. די מוטער, אַן אַלמנה, אָבער אַ יידענע אַ בריה, אַ קלוגע, האָט מיט דער הילף פון דער עלטערער טאָכטער, לאה, געפירט אַ גרויסע ברויט־בעקעריי, אַ פרנסה־הויז. מענטשן אַלע גוטע, אויפגערוימטע, איז געווען אַ פרייד אַריינצוקומען אַהין. דערצו האָט נאָך די עלטערע טאָכטער, לאה, חתונה געהאַט מיט אַ יונגנמאַן, וואָס איז געווען אין דער פריער יוגנט אַ ישיבה־בחור אין קאָידענאָוו, און איך, נאָך שיר ניט אַלס יינגל, האָב אים פאַר צען קאָפּיקעס אַ וואָך געגעבן אַלע טאָג אַ לעקציע אין רוסיש, געלערנט אים קירפּיטשניקאָווס גראַמאַטיקע: „סטאָל, סטאָלאַ, סטאָלו... אָ סטאָליע...“ און „יאַ גאָוואָריו, טי גאָוואָריש, אָן גאָוואָריט...“ און אַפילו ביז „נאַרעטשיע“ מיט אַלע אַכצן ווערטער, וואָס האָבן זיך אין יענער צייט געמוזט שרייבן מיט „יאַטין“: „וואָזליע, פּאָדליע, ניניע...“ מיט איין וואָרט, איך האָב אים געמאַכט פאַר אַ לייט, און כאָטש ער איז געווען עלטער פאַר מיר מיט עטלעכע יאָר, האָט ער נאָך אַלץ זיין מורא פאַר מיר, ווי פאַר אַ רבין,

ניט פאַרלוירן... ער האָט נאָך אַליץ מער דורך־ארין געהאַט פאַר מיין קענען קירפּיטשניקאָווס גראַמאַטיקע, ווי פאַר מיינע דעמאָלסטיקע ליטעראַרישע אַרבעטן...

אין דער זעלבער צייט האָב איך געוואַרט אויף אַ בריוו פון י. ח. ראַווניצקי. הגם איך בין געווען זיכער, אַז מיינע לידער, אי־בערהויפּט די פּאָעמע „מיין צוריקקער אַהיים“, וועלן אָנגענומען ווערן, פונדעסטוועגן אַז עס זיינען אַריבער אַ פּאָר וואָכן און קיין ענט־פער איז נאָך ניט געווען, האָט דאָס האַרץ זיך געוואָרפן פאַר שרעק. האָט מען געדאַרפט גיין זוכן דעם „יוד“ — אפשר איז שוין עפּעס פון די צוגעשיקטע לידער אָפּגעדרוקט. האָט מיר טאַקע רחל ברכות איינמאָל אָנגעזאָגט די שמחה, אַז עס איז אָנגעקומען אַ נומער „יוד“, דאַכט זיך, דער פינפטער, און דאָרטן זיינען שוין דאָ מיינע צוויי לידער — פרילינגס־לידער.... דעם נומער האָט זי שוין אָבער אומגעקערט צו דעם איינגנטימער, דעם העברעיִשן לע־רער קאָפּעליאָוויטש...

דער נאָמען קאָפּעליאָוויטש איז מיר געווען באַקאַנט. מיין פאָ־טער פלעגט אים אָפט דערמאָנען נאָך אין קאָידענאָוו. אַ גרויסער העברעער און האָט „שטונדן“ ביי די גרעסטע מינסקער גבירים... ער איז געווען אין דער יוגנט מיין טאַטנס אַ חבר, ווען זיי האָבן געלערנט צוזאַמען, און שיר ניט אַ פאַרערער פון מיין פאָטער אַלס העברעיִשן פּאָעט.

אויב אַזוי, וועל איך צוגיין צו דעם קאָפּעליאָוויטשן, כאָטש אַ בליק טאָן דעם נומער „יוד“ ביי אים אין דער היים, ווייל געבן אים מיר אַהיים — האָט די קלוגע רחל ברכות מיר פאָרגעברייט מיט אַ שמייכל — וועט ער זיכער ניט. דעם „יוד“ געטרויט ער ניט פון די הענט...

איך בין אַריין צו אים און זיך געלאָזט דערקענען. אַוודאי, ער קען מיין טאַטן, ווי דען? אַ בעל־כשרון... זיצט, זיצט...

דער „אַנטפאַנג“ איז צום אָנהייב געווען גאָר אַ פריינדלעכער. איך האָב שוין געהאָפט, אַז ער וועט מיר אַפילו דעם נומער געבן אַהיים אויף אַ טאָג... צום „אומגליק“ האָב איך זיך מיט אים צעַ־רעדט וועגן יידיש, — ער האָט דאָס דאַמאָלסט גערופן זשאַרגאָן —

וועגן די יידישע מאַסן. אין יידיש זיינען דאַמאָלסט נאָר־וואָס ער־שינען אין אַ ווילנער פאַרלאַג עטלעכע ביכלעך פון וויסנשאַפטלעכן כאַראַקטער. און דאָ האָט זיך קאָפּעליאָוויטש צעהיצט:

— צו וואָס דאַרף דער יידישער בעל־מלאכה וויסן פון אַזעלכע ענינים...

עס איז שיר ניט אויסגעקומען, אַז דעם אַרבעטער האָט מען געדאַרפט שפּייזן מיט גאָר אַנדערע גייסטיקע שפּייזן, איבערהויפּט דאַרף מען אים לערנען, ווי אַזוי ער זאָל דרך־ארץ האָבן פאַר זיינע פירער און מדריכים...

קאָפּעליאָוויטשעס קוק אויף די יידישע מאַסן, ווי בכלל דער קוק פון אַ דעמאָלסטיקן און אפשר אויך היינטיקן ציוניסט איז געווען אַזוי באַליידיקנדיק, אַז איך האָב זיך ניט געקענט באַהערשן און, פאַרגעסנדיק אינגאַנצן, אַז איך שטעל אין קאָן דעם נומער „יוד“, וועלכן איך האָב בדעה געהאַט צו בעטן אַהיים, האָב איך זיך אַ שטאַרק־אויפגערעגטער אָנגערופן:

— מיר ווייסן, איר ווילט האַלטן די מאַסן אין פינסטערניש, עס וועט אייך אָבער ניט העלפן... די מאַסע האָט אויפגעוואַכט... די מאַסע פאָדערט בילדונג... מיר וועלן עס איר געבן.

— אפשר דאַרוויניזם אויך?... — האָט ער זיך אויפגעפלאַמט — אַז דער מענטש, למשל, שטאַמט אָפּ פון אַן „אָבעזיאַנע“?... און ער האָט אויף מיר אָנגעשטעלט מיט בייזער איראָניע זיינע פיבער־דיקע בליקן...

— אַוודאי דאַרוויניזם... — האָב איך אויפגעפלאַמט, — וואָס דען, נאָר איר מעגט עס וויסן און זיי ניט? — האָב איך זיך צעלאָזט מיט צאָרן קעגן די „ליבעראַלן“...

אין הויז ביי אים האָבן זיך דעמאָלכט געפונען נאָך אַ פּאָר אינטעליגענטע ציוניסטן... זיי האָבן זיך שוין צעלאַכט:

— כי־כי־כי... דאַרוויניזם פאַר די שוסטער און שניידער...

ווער ווייס, ווי לאַנג איך וואָלט דעמאָלסט ניט געקעמפט פאַר מיינע „ראַדיקאַלע“ מיינונגען וועגן דער דערציִונג פון די מאַסן, ווען איך וואָלט ניט באַמערקט, ווי קאָפּעליאָוויטש, שוין אַ מאַן אַרום פופציק יאָר, אַ דיקער, אָבער קענטיק אַ קרענקלעכער, האָט זיך

שטאַרק פאַרדוסט, ניט געקענט כאַפּן דעם אָטעם. עס האָט מיר פאַרדריקט דאָס האַרץ. מיין כעס איז אינגאַנצן פאַרשוואונדן. איך האָב געוואַרט, ביז ער וועט קומען צו זיך.

אַז ער איז געקומען צו זיך, האָב איך זיך דערפרייט, ווי מיינער אַ ברודער וואָלט זיך געראַטעוועט פון אונטערגאַנג... איך האָב פריינדלעך געשמייכלט, געמאַכט אַ מינע פון חרטה און אַ פאַר־שולדיקטער געשמייכלט...

מילא, יאָ דאַרוויניזם, ניט דאַרוויניזם, — אַבי ער זאָל זיך באַ־רויקן. פיקוח־נפש איז דוחה דאַרוויניזם...

לאַנג בלייבן האָב איך שוין ניט געקענט. איך האָב בלויז פון נייגעריקייט וועגן אַ בלעטער געטאָן דעם נומער „יוד", גע־וואָרפן אַ ליבן בליק אויף מיינע צוויי פרילינגס־לידער און האָב זיי געלאָזט וועלקן אין דער וואוינונג פון דעם לערער קאָפּעליאָ־וויטש.

דערפאַר בין איך אין אַ פּאָר טעג אַרום, נאָך מיין גרויסן קאַמף מיט קאָפּעליאָוויטשן און מיט זיינע ציוניסטישע געסט, באַ־לוינט געוואָרן מיט אַ בריוו פון י. ח. ראַווניצקי.

אין בריוו איז ער מיר מודיע, אַז מיינע צוויי לידער זיינען שוין געדרוקט אין נומער „יוד". וואָס אָנבאַטרעפט די פּאָעמע „מיין צוריקקער אַהיים", וועט ער פון איר נעמען בלויז אייניקע קאַפּיט־לען... און דערצו האָט ער געהאַט אין בריוו אַ באַמערקונג, אַז די שטעלע וועגן די פויערים איבן מאַרק וועט ער אַרויסוואַרפן — פאַרן „יוד" פּאַסט זיך עס ניט...

האָב איך שוין געהאַט גרויס צער. דווקא די שטעלע וועגן די אָרעמע פויערים, וועמעס לעבן איך האָב אין דער פּאָעמע שטאַרק באַדויערט, באַזונגען זייער נויט, איז מיר באַזונדערס טייער געווען.

האָב איך געוואַגט און געשריבן אין מיין ענטפער צו אים, ער זאָל די פויערים ניט אַרויסוואַרפן. מיין בקשה האָט אָבער ניט געהאָלפן. אמת, די פּאָעמע איז געווען אָפּגעדרוקט אינגאַנצן און האָט זיך געצויגן אַזש אין צוויי נומערן, די צווייטע פּאָרזעצונג האָט שוין אַריינגעצויגן אַזש אין שבועות...

אין דער זעלבער צייט האָב איך באַקומען, אויף מיין ווענדן זיך צו י. ח. ראַווניצקין, דעם האָנאָראַר פאַר די צווי פרילינגס־לידער — זעקס רובל.

וועגן האָנאָראַר פאַר „מיין צוריקקער אַהיים", האָט ער מיר געשריבן ווי מען שרייבט צו אַן אָנפאַנגער, וואָס ווייס נאָך ניט אין הלכות האָנאָראַר וואו איין און וואו אויס, וועל איך זיך מוזן ווענדן קיין וואַרשע, צו דער אַדמיניסטראַציע פון „אַחיאָסף", וואָס איז אויך די אַרויסגעבערין פון „יוד"...

זיין בריוו איז אָבער געווען געשריבן אין אַ וואַרעמען טאָן. האָב איך אים געשריבן אַ צווייטן בריוו און ווי פאַר אַן אייגענעם מענטשן אויסגעדערציילט שיר ניט אַלע סודות און אויך דעם סוד, אַז איך קלייב זיך פאָרן קיין וואַרשע, און אויב ער קען פון מיינעט־וועגן פועלן ביי „אַחיאָסף", אַז מען זאָל מיר אַרויסשיקן געלט אויף הוצאות.

איז מיר אין צווי וואָכן אַרום אָנגעקומען, שוין פון וואַר־שע — אַ פינפאונצוואַנציקער, און ביי היינטיקן טאָג ווייס איך ניט, צי איז דאָס געווען אַן אַוואַנס, צי דער פולער האָנאָראַר פאַר מיין פּאָעמע „מיין צוריקקער אַהיים".

בלייבן אין מינסק מיט דער סומע אַ צו־לאַנגע צייט, ווי־באַלד איך האָב שוין פעסט באַשלאָסן צו פאָרן קיין וואַרשע— האָב איך מורא געהאַט, הגם עס האָט זיך נישט געוואָלט אַזוי גיך אַוועקפאָרן. איך האָב שוין דאַן דערוואָרבן אין מינסק פיל פריינד, שיר ניט פאַרערער. און אין מינסק איז טאַקע דאַמאָלסט געווען זייער אינטערעסאַנט צו וואוינען. די אַרבעטער־באַוועגונג האָט שוין אַרומגענומען אַ גרויסן טייל פון דער בעסטער יוגנט, סיי פון די אַרבעטער, סיי פון דער אינטעליגענץ. אַליין ניט קיין טעטי־קער אין דער באַוועגונג, האָב איך אָבער זיך שטענדיק געפונען צווישן די סאַמע טעטיקסטע. אַדאַנק זייער אויפמערקזאַמקייט צו מיר און מיין סימפּאַטיע צו זיי האָט מיין ליטעראַרישע אַרבעט באַקומען אַ געוויסע ריכטונג, וואָס האָט מיר שטענדיק, מיט קליינע אויס־נאַמען, געפירט אויף דעם, נאָך מיין מיינונג, ריכטיקן וועג; נאַטירלעך, אין

ליטעראַרישן און סאָציאַלן זין. אין אַנדערע זינען האָב איך אפשר אַמאָל יאָ געבלאָנדזשעט...

* * *

הגם אין וואַרשע האָבן זיך שוין אין יענער צייט געפֿונען גענוג ליטוואַקעס, ווי מען האָט אונזערע מענטשן דאָרטן גערופֿן, און אַפֿילו פֿון מיין שטעטל קאָידענאָוו האָבן זיך אַמאָל אַוועקגעלאָזט אַהין דריי ברידער, זין פֿון איינעם פֿון די שענסטע באַלעבאַטים — העלער, האָט זיך אָבער דאַן בכלל די רייזע קיין וואַרשע גערעכנט פֿאַר אַ ווייטע. פֿאָרן קיין וואַרשע האָט שיר ניט געהייסן ווי פֿאָרן אין אַן אַנדער לאַנד. עס געהערט טאַקע צום זעלבן קיסר, אָבער עס איז דאָך פּוילן. און ווי לאַנג איז, אַז פּוילן האָט געפֿירט אַן אייגענע מלוכה, און זער, פֿון די טאַטעס און מאַמעס, האָט ניט געדענקט דעם פּוילישן „מיאַטעזש"? און וועמעס סימפּאַטיע איז ניט געווען מיט דעם דאַמאָלסטיקן פֿאַרפֿאָלגטן פּוילישן פֿאָלק?... אַפֿילו מיין באָבע, שולקע די קרעמערין, געדענק איך פֿון מיין קינדהייט — האָט שטאַרק באַדויערט, ווען מען האָט צוגעמאַכט דעם „פּוילישן" קלויסטער, אָן אַ פֿאַרוואָס און פֿאַרווען, און אירע פּוילישע קונדן פֿלעגן טאַקע ניט קומען זונטאָג, צי אַזוי אין אַ חגא אין שטעטל, צום מאַרק... (שפּעטער האָט מיר דער פֿאַקט געדינט אַלס סיזשעט צו דער דערציילונג „דער פּוילישער גלח"...)

איך אַליין פֿלעג אַלס קליינער יינגל אַזוי ליב האָבן אַמאָל פֿאַרביייגיין דעם פּוילישן קלויסטער; פֿון אויסנווייניק איז ער כלומרשט געווען פֿון האָלץ, אָבער אינעווייניק האָט ער געפֿינקלט פֿון אַלערליי קאָלירן פֿון גאָלד, זילבער און בריליאַנטן. אַמאָל, אַז זיין ניט־ברייטע טיר איז געווען אָפֿן, איז ווי מען האָט, לויט דעם יידישן דין, נישט געטאָרט, האָב איך דאָך געכאַפּט אַ בליק אינעווייניק און שיר ניט פֿאַרבלענדט געוואָרן פֿון די גרויסע, ווי באַהאַלטענע אוצרות און רייכטימער... ווער רעדט נאָך, אַז דער „אָרגל" האָט געשפּילט, האָב איך כלומרשט זיך געמאַכט אַ פּשרה, אַז איך מוז דאָ פֿאַרביייגיין, איך האָב קיין אַנדער וועג ניט, און דער-

ווייל זיך צוגעהערט צו די וואונדערלעכע טענער פון עפעס אַ שפּיל־כּלי, וואָס שטאַמט, לויט דער לעגענדע, אַזש פון בית־המקדש...

אויף אַזאַ ווייטער רייזע קיין וואַרשע האָב איך זיך קודם־כּל פאַרזאָרגט מיט אַן אַדרעס, וואוהין צו פאַרפאָרן, וואָס איינער פון די שכנים אין קאָפּל דעם שמידס הויז, וועלכער איז אַמאָל געווען אין וואַרשע, האָט מיר געגעבן, אויסער דעם אַדרעס פון י. ל. פּרץ, צעגליאַנאַ נומ. איינס, און דער אַדרעס פונם „יוד", טוואַרדאַ נומער זעקס. מיט די דריי אַדרעסן און מיט פינף רובל מזומן, וואָס איז מיר געבליבן פון די פינף־און־צוואַנציק רובל, וואָס איך האָב באַקומען פון „אַחיאָסף", נאָכדעם ווי איך האָב שוין געקויפט אַ נייעם טשעמאָדאַן און אַ באַן־בילעט — האָב איך זיך געלאָזט קיין וואַרשע...

אַרויסגעפאָרן בין איך אין שיינעם זומערדיקן פאַרנאַכט און אָנגעקומען בין איך אויפן וואַרשעווער־פּעטערבורגער וואָקזאַל אַרום דריי אַ זייגער, אין אַ שיינעם ליכטיקן זומער־טאָג... דער טומל, וואָס האָט געהערשט אַרום וואָקזאַל, די רייען דראָשקעס, וואָס האָבן אין פאַרגלייך מיט די מינסקער — און אין מינסק האָבן זיך אויך געפונען שיינע דראָשקעס מיט גומענע רעדער — אויסגעזען ווי פּריצישע קאַרעטעס, די הויכע פערד מיט די פאַרפּוצטע געשפּאַנען, דער הו־האַ, דער געמיש פון רייך־פאַרפּוצטע הערן און דאַמען מיט די פּוילישע יידן אין די באַרימטע היטעלעך זייערע, דער געמיש פון שפּראַכן: פּויליש, יידיש און רוסיש — דאָס אַלץ האָט מיך פאַר־ווירט און אַנטציקט...

איך האָב זיך געלאָזט גיין מיט מיין טשעמאָדאַן אונטערן אָרעם דורך דער מענגע מענטשן און דראָשקעס, געזוכט אַ יידיש פּנים צו פרעגן, ווי אַזוי מען קומט צו נאַלעווקי, נומער 43. דאָרט איז דאָס געווען דער יידישער האָטעל, וואוהין איך האָב געדאַרפט פאַרפאָרן...

איך האָב געקענט פאָרן, לויט די דערקלערונגען פון אַ גוט־האַרציקן ייִדן, מיט אַ „קאָנקע". קיין עלעקטרישער טראַמוויי איז נאָך דאַן אין וואַרשע ניט געווען. אָבער ניט זייענדיק זיכער, אַז איך וועל וויסן וואו אַראָפּצוגיין, — דאָס ערשטע מאָל אין אַזאַ

כּרך ווי וואַרשע און שיר ניט אָן אַ שפּראַך, ווײַל דאָס ייִדיש פֿון די פּוילישע ייִדן האָט געשמט בײַ אונז ווי אַן אַנדער שפּראַך, הגם איך האָב עס עטוואָס שפּעטער לײַכט פֿאַרשטאַנען, און אַפֿילו אַליין גערעדט טיילווײַז מיטן חיריק און חולם: קימען, גראָים, הויך, אַאַז״וו — האָב איך דער „קאָנקע“ ניט געטרויט און האָב גענומען אַ דראָשקע. אַגב האָב איך טאַקע געוואָלט קענען זען בעסער וואַרשעווער גאַסן. די דראָשקע איז אַרויפֿגעפֿאָרן אויפֿן בריק, וואָס גרענעצט אָפּ וואַרשע פֿון איר פֿאָרשטאָט פּראַגע, אויפֿן בריק, וואו עס האָבן פֿון בײדע זײַטן — פֿאַר דורכגייער — דורכגעשוועבט געשטאַלטן פֿון דער פֿאַרשיידנאַרטיקער, פֿילפֿאַרביקער וואַרשעווער באַפֿעלקערונג, און אינמיטן האָבן קורסירט שווערע וועגענער באַלאָדן מיט אַלערליי משאות, פֿון רויטע שטיקער פֿלייש פֿון שלאַכט־הויז ביז פֿרוכט און אַפֿילו בלומען — און מײַן נײַגעריקייט איז געוואַקסן פֿון מינוט צו מינוט. איך האָב זשעדנע געשלונגען בילד נאָך בילד, ערשײַנונג נאָך ערשײַנונג...

און אָט איז די דראָשקע אַראָפּ פֿון בריק און האָט זיך, שוין פֿרײַער, אָן שטערעניש געלאָזט איבערן ברייטן, פֿאַר מיר דעמאָלסט שיר ניט שענסטן פּלאַץ אין דער וועלט — קראַקאָווסקע פּשעדמעכּציע, קראָקעווער פֿאָרשטאָט, ווירקלעך איינער פֿון די שענסטע פּלעצער, וואָס פֿילע וועלט־שטעט פֿאַרמאָגן. עס האָט מיך אָנגענומען אַ באַזונדער חשק צו לעבן און צו שאַפֿן, צו אָנהייבן און פֿאָרזעצן עפּעס שיינס און גרויס...

אַרײַנפֿאָרנדיק אויף די נאַלעווקעס, האָט זיך די פּאַנאָראַמע שוין שטאַרק געביטן. דער גערויש — אַ גרויער, אַ וואָכעדיקער, אַ ייִדיקער. פֿאַר די אויגן האָבן שוין געפֿינקלט לויטער היטעלעך פֿון חסידישע ייִדן, יונגעלײַט און אַפֿילו ייִנגלעך. נאָר אָט פֿרישט זיך אָפּ דאָס בליק פֿון אַ שיינער חסידישער מיידל, וואָס שוועבט פֿאַרבײַ מיט אירע שוואַרצע אויסדרוקספֿולע אויגן און מיטן גאַנצן חן און שיק פֿון אַ ייִדישער „וואַרשאַוויאַנקע“. אָט שלעפּט זיך שוין דורך אַ ייִד אַ טרעגער, וואָס שלעפּט אויף זיך אַ קאַסטן, וואָס איז גרעסער פֿון אים. דאָס ערשטע מאָל האָט מיך דאָס בילד דערשיטערט. עס איז מיר שוין ניט אײַנגעגאַנגען די פֿרייד, וואָס

עס האָבן אַרויסגערופן די פאַרבײַשװעבנדיקע גראַציעזע און חנעװ־דיקע יידישע טעכטער, די זינגענדיקע יידישע שפּראַך, װאָס אין די מיילער פון די װאַרשעװער יידישע שיינהייטן האָט עס געקלונגען שיער ניט װי אַ פּאָר מיר נייע װאונדערלעכע שפּראַך...

די דראָשקע האָט זיך אָפּגעשטעלט בײַ אַ טויער פון אַ הויף, מיט אַ נומער 43 (אָדער 45).

איך בין אַראָפּ, באַצאָלט דעם פורמאַן, דאַכט זיך, פינף־און־דרייסיק קאָפּיקעס, מסתמא אויף „טיי" אים אויך געגעבן און אין הויף בין איך אַריין שוין אַ ביסל אין אַ געפאַלענער שטימונג.

פון מיין פאַרמעגן איז מיר געבליבן אינגאַנצן בײַ אַ דריי רובל...

קוים געפונען אין אַ װינקל פון גרויסן הויף דעם געזוכטן האָטעל, װאָס איז באַשטאַנען פון אָרעמע דומפּיקע מעבלירטע צי־מערן. דער אייגנטימער, אַ פאַרזאָרגטער ליטװישער ייד, האָט מיך אויפגענומען מיט חשד. די ערשטע פראַגע — צי האָב איך אַ פּאַס. אַז איך האָב אים געװיזן, האָט ער אים באַטראַכט פון אַלע זייטן. שטומפּיק אויף דער רוסישער קאַזיאָנער עברי, איז ער אים דאָך װי עס איז דורכגעקראָכן און זיך שוין אַ ביסל באַרויִקט, כאָטש אינ־גאַנצן זיכער מיט מיר איז ער נאָך ניט געװען. ער האָט זיך ערשט פונאַנדערגעפרעגט, װאָס איז מיין „טון טאָן"? אָפּנאַרן האָב איך ניט געװאָלט און כ'האָב אים מגלה סוד געװען, אַז איך בין אַ שריי־בער...

דערמיט איז מיין מערכה ניט בעסער געװאָרן. אַדרבא, ער האָט פאַרלאַנגט פאָראויס געלט...

די סומע איז דװקא ניט באַזונדערס גרויס געװען. 75 קאָפּיקעס אַ טאָג פאַר אַ צימערל, אַ רשות־היחיד, און 40 קאָפּיקעס צו האָבן אַ פלאַץ אין דער אַ ל ג ע מ י י נ ע ר שטוב, װאו עס שטייען עט־לעכע בעטלעך. האָב איך נאַטירלעך אויסגעקליבן אַ צימערל, אַ קליינס, אַ דומפּיקס, מיט טונקעלע װענט. דאָס בעטל, כלומרשט ריין, נאָר אַ ריינקייט, װאָס איבלט מער װי אומריינקייט.

באַטראַכטנדיק אָט־דאָס קליינע צימערל, האָב איך ניט גע־גלויבט, אַז איך געפין זיך אין װאַרשע, אַז דאָ װאױנט פרץ, אַז דאָ געפינען זיך די גרויסע מענטשן, די רעדאַקציעס...

און איך האָב זיך אַרויסגעכאַפּט אויפן גאַס, דורכגעשפּאַ־צירט זיך עטלעכע נומערן הייזער, אויפן טומלדיקן ענגען טראָ־טואַר, געשטויסן און געדרענגט פון אַלערליי איילנבויגנס, דאַרע און דיקע, העפלעכע און בייזע, דערצאָרנדיקע און פרנסה־זוכנדיקע...

און איך בין אַריין צוריק אין צימערל צו באַטראַכטן, ווי אַזוי אָנצוהויבן צו לעבן אין דער נייער גרויסער שטאָט... וואוהין און צו וועמען זיך פריער צו לאָזן: צו י. ל. פּרץ אויף צעגליאַנע נומער איינס, צי אין אַדמיניסטראַציע פון „יוד", טוואַרדע נומער זעקס...

אויף מאָרגן, נאָכדעם ווי איך האָב שוין געהאַט צוויי מאָל־צייטן, אַ וועטשערע מיט אַ פרישטיק אין דעם „האָטעל", און באַ־צאָלנדיק פאַר נאָך אַ טאָג פאָראויס, ווייל מיין טשעמאָדאַנטשיק, אַפילו אַ נייער, איז געווען צו גרינג פאַרן אייגנטימער, און ער איז אים ניט געפעלן געוואָרן, — ער האָט אים טאַקע געפּרוווט אַ הייב טאָן און איז פון זיין גרינגקייט געבליבן אַנטוישט און האָט נאָך אַליין מורא געהאַט צו טרויען... — אויף מאָרגן איז גע־בליבן זייער ווייניק געלט. האָב איך שוין קיין ברירה ניט גע־האַט און אָנשטאָט צו באַזוכן דעם ערשטן — פּרצן, צו וועמען עס האָט מיר שטאַרק געצויגן — האָב איך זיך געלאָזט צום „יוד", אויף טוואַרדע נומער זעקס, — זען, וואָס עס הערט זיך דאָרט מיט מיר אין מאַטעריעלן זין.

אין ליטעראַרישן זין האָט מיך שוין דאַן „דער יוד" ניט באַ־פרידיקט — אמת, די איינציקע צייטשריפט אין יידיש, מיט דער מיטאַרבעטונג פון פּרץ, מענדעלע און אַנדערע מיר דאַן באַליבטע שרייבער, אָבער די ריכטונג — די ציוניסטישע און די העברעיש־טישע, די צירלעך־מאַנירלעכקייט, דער שטענדיק יום־טובדיקער טאָן פון דעם גרעסטן טייל פון די אַרטיקלען, שירים און „מאמרים" — איז ניט נאָר געווען קעגן מיין רעוואָלוציאָנערן און פּראָטעסטירנ־דיקן געמיט, נאָר אַפילו קעגן מיין גאַנצן עסטעטישן געשמאַק. עס האָט זיך געגלוסט ניט נאָר אַ יידיש וואָרט אַליין, נאָר אַ יידיש וואָרט מיט אַ נ י י ע ם אינהאַלט. און אַזאַ וואָרט האָט אין

דער האַלב־ציוניסטישער, האַלב־העבּרעיִסטישער צייטשריפט „דער יוד“ לגמרי געפּעלט, איבּערהויפּט אין די ערשטע פּופצן נומערן... דערפאַר איז מיין באַזוך אין דער אַדמיניסטראַציע פון „יוד“, צו די בעלי־„אַחיאָסף“ געווען אַזוי שווער. אָבער איך בין געגאַנגען...

---

# זעכצנטער קאַפּיטל

די אויפנאַמע אין „אחיאסף"; — די העברעישע אויסגאַבן פון „אחיאסף". — ליפּערטס קולטור-געשיכטע אין פרישמאַנס איבערזעצונג. — „לוח אחיאסף". — די מאָגערע ציוניסטישע בראָשורן. — קאַפּלאַן דער שעף פון „אחיאסף". — ניט דערוואַרעמט. — מיין באַזוך ביי פּרצן אין דער גמינע. — אין פּרצעס הויז. — פּרצעס גאַסטפריינדלעכקייט. — זיין שטרענגקייט אַלס קריטיקער. — זיי׳ע ניט שטאַנדהאַפטיקע מבינות; — מיין באַקאַנטשאַפט מיט נאָמבערגן. — מיין נייע דירה אויף דזיקע גאַס. — פּרץ פּלאַנט ווידער אַרויסצוגעבן אַ צייטשריפט „קולטור-בלעטער". — מיינע לידער פאַר די „קולטור-בלעטער". — נאָמבערג ברענגט מיר צו טראָגן אַן אַוואַנס. — בונדישע אַרבעטער-בערזע. — מיר גייען הוליען. — אונזערע מלחמות אין דעם ציוניסטישן קאַפע אויף דזיעלנע.

די אויפנאַמע, וואָס איך האָב באַקומען אין דער אַדמיניסטראַציע פון „יוד", פון די אַרויסגעבער, די בעלי-„אַחיאָסף", איז געווען אַ אָפיציעל-פריינדלעכע — מיט געוויסער איינגעהאַלטנקייט. האָבן זיי געוואוסט, אָדער דערפילט, אַז איך בין ניט זייערער; אָדער איך האָב זיי עס געגעבן צו פילן מיט מיינע ערשטע אויפריכטיקע באַמערקונגען וועגן יידיש און העברעיש, — איך קען עס איצט גענוי ניט באַשטימען. איך ווייס נאָר, אַז איך האָב זיך באַלד איבערצייגט, אַז ניט מיט דעם מין יידן וועל איך קענען זיך גייסטיק פאַרבינדן. זייערע אידעאַלן זיינען געווען ניט מיינע; איך האָב שוין דאַן געחלומט וועגן אַ נייער יידישקייט, אַן אַלגעמיין-פאַרמענטשלעכטער, און זיי — וועגן אַ צוריקקערן זיך צום אַלטן אַמאָל...

פון די פּאָליצעס מיט ביכער, זייערע אויסגאַבן, וואָס האָבן אויף מיר אַראָפּגעקוקט פון אַלע זייטן, איז ניט געווען קיין איינ-

ציקער בוך, וואָס זאָל קענען צופרידנשטעלן מיינע דעמאָלסטיקע
גייסטיקע פאָדערונגען. איך לייקן ניט, אַז צווישן זייערע העברעיִשע
אויסגאַבן האָבן זיך געפונען אייניקע וויכטיקע ווערק — צווישן
זיי „תורת השלמת האדם" — די קולטור־געשיכטע פון ליפערט אין
פרישמאַנס איבערזעצונג; אָבער טאַקע דאָס, וואָס דאָס דאָזיקע וויכ־
טיקע ווערק איז איבערזעצט אין העברעיִש און ניט אין יידיש, פאַר
די גרויסע מאַסן, האָט פאַרדראָסן און באַליידיקט, אויך די זאַמל־
ביכער „לוח־אַחיאָסף" האָבן פאַרמאָגט פיל שיינעם און וויכטיקן
ליטעראַרישן מאַטעריאַל, אָבער דאָך, וואָס ס'איז געדרוקט בלויז אין
העברעיִש — בלויז פאַר די איינצלנע פון פאָלק און ניט פאַר אַלע —
האָט געוועקט אַ מין קנאה... צווישן די אַלע, שוין דאַן פילע
העברעיִשע ביכער פון פאַרלאַג „אַחיאָסף", האָבן זיך ווי יתומדיק און
פאַרשעמט געוואַלגערט אין די ווינקלען פון די פאָליצעס די מאָ־
גערע בראָשורן אויף יידיש פון ציוניסטישן און ענג־נאַציאָנאַליסטישן
אינהאַלט, געשריבן פון די ערשטע ציוניסטישע גדולים פאַרן „המון",
ווי זיי האָבן גערופן די יידישע מאַסן... די דאָזיקע ציוניסטישע
בראָשורן האָבן ווי אונטערגעשטראָכן די שנאה צו דער ליטעראַטור
אויף יידיש... אמת, „דער יוד", וואָס איז דאַן ערשינען איינמאָל אין
צוויי וואָכן און אַמאָל מיט פאַרשפּעטיקונג, ווייל ער האָט זיך גע־
דרוקט אין קראָקע, און ביז דער צענזאָר האָט עם דורכגעלאָזט,
ניט קוקנדיק אויף זיין נאָך צו־לעגאַלן אינהאַלט, פלעגט דויערן
נאָך עטלעכע טעג, — אמת, „דער יוד" האָט פאַרמאָגט גענוג לי־
טעראַרישן מאַטעריאַל. פּרצעס דערציילונגען, מענדעלעס ערשטע קאַ־
פּיטלען פון זיין עפּאָס „שלמה ר' חיימס" האָבן אין יענער צייט אי־
בערראַשט מיט זייער גרויכער און אַפילו נייער שיינקייט. אָבער די
אַרטיקלען, די מאַמרים, וואָס האָבן „דעם יוד" געדאַרפט געבן דעם
ריכטיקן טאָן, — זיין שטעלונג צו יידיש און יידישע פראַגן — האָבן
צייטנווייז באַליידיקט און אַפילו אויפגערעגט. אויך האָט פאַרדראָסן,
וואָס פרץ, דער ליכטיקער פרץ, וואָס האָט מיט זיינע „יום־טוב־
בלעטלעך", „יידישע ביבליאָטעקן" און זיינע אַנדערע אויסגאַבן אויפ־
געוועקט צום נייעם לעבן די יידישע אַרבעטער־מאַסן, — זיינע אויס־
גאַבן זיינען פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן זיי שיר ניט ווי אומלעגאַלע

ליטעראַטור — אַז אַט דער פּרץ, וואָס האָט אַזוי מוטיק באַקעמפט דעם ציוניסטישן און פלאַך־נאַציאָנאַליסטישן געראַנק, האָט אין „יוד" די ערשטע צייט געוויזן זיך ניט מיט זיין רעוואָלוציאָנערן פּנים. אַזוי, למשל, האָט ער אין פינפטן נומער „יוד" פאַרעפנטלעכט אַ קליין ליד, וועלכע האָט זיך געלאָזט טייטשן ציוניסטיש. „ער גייט אַרום אין גאָרטן — אַלעמען איז וואַרעם, אים איז קאַלט. ער רייסט אויס אַ רויז, און די פרעמדע רויז שטעכט אים" — — — „אַך, מיר שטעכט די פרעמדע רויז". מעגלעך, אַז עס איז געווען אַ מאָמענטאַלע שטימונג ביי אים, און די יידישע לאַגע איז טאַקע דעמאָלסט געווען אַוודאי ניט קיין זייער פריילעכע, פונדעסטוועגן האָט דער מאָטיוו פון דער „פרעמדער רויז" ניט געפּאַסט פאַר פּרצן — גלייך נאָך זיינע פעליעטאָנען און לידער אין די „יום־טוב־בלעטלעך", אין וועלכע ער האָט גערופן צו אַלמענטשלעכקייט, באַקעמפט דעם שאָוויניזם... האָט מען זיך געשראָקן, אַז אונטער דעם איינפלוס פון נאַציאָנאַליסטישן „יוד" זאָל פּרץ זיך ניט ענדערן אינגאַנצן.

נאַטירלעך, האָט פּרץ זיינע ראַדיקאַלע, אויף זיין שטייגער, איבערצייגונגען ניט געביטן. ער האָט אַפילו אין יענער צייט גענוג געשריבן אַזוינס, וואָס „דער יוד" האָט אים געמוזט צוריקגעבן, צו־ליב דער שאַרפקייט פון אויסדרוק און פרייהייט פון אידעע... די בעלי־„אחיאָסף", וואָס האָבן פּרצן אַ לאַנגע צייט צוריק — פאַרן „יוד" — באַקעמפט מיט אַלערליי מיטלען, — אַפילו פּאַמפלעטן אויף יידיש קעגן אים אַרויסגעלאָזט אין יאָר 1894, — האָבן אים אַפילו דאַן, ווען זיי האָבן שוין כלומרשט שלום געשלאָסן מיט אים, גענוג געהיט און געזיפּט יעדער אַרטיקל, ליד און דערציילונג, וואָס ער האָט געגעבן פאַרן „יוד", ניט האָבנדיק, ווי מיר אַלע דאַן, וואו זיי ערגעץ אַנדערש צו פאַרעפנטלעכן. אָבער די מורא פאַרן גרויסן רבין, ער זאָל אַמאָל ניט נכשל ווערן, איז דאָך געווען...

* * *

אַ פּאָר פון די פירער פון „אחיאָסף", נאָך דעם ערשטן קבלת־פּנים, האָבן מיר געמאַכט קאָמפּלימענטן — איבערהויפּט פאַר מיין

פּאָעמע „מיין צוריקקער אַהיים“. דער שעף פון פאַרלאַג „אַחיאָסף“, קאַפּלאַן, האָט אַפילו מודה געווען, אַז די פּאָעמע האָט געמאַכט אַ רושם צווישן אַלע לעזער... אָבער דווקא דעם קאַפּלאַנס קאָמפּלימענטן זיינען מיר ניט שטאַרק אָנגעגאַנגען. אַ פרעמדער, אַ ווייטער, האָבן זיינע רייד געווייט מיט קעלט און מיט דיפּלאָמאַטישקייט. דערצו איז ער געווען פאַר מיר צו פיל „בורזשואַ“, סיי אין זיין האַלטן זיך, סיי אין זיינע מיינונגען און סיי לויט זיין גוטן מאַטעריעלן מצב...

אַ בעסערן איינדרוק האָט אויף מיר דאַן געמאַכט איינער פון די אַרויסגעבער גלוסקין — אַ ייד אַ שטילער, מיט אַ יידישלעך־אינטעליגענטן פּנים, אַ גוטמוטיק־שמייכלענדיקער, הגם ער איז געווען דער פאָרשטייער פון דער פירמע „כרמל“ אין וואַרשע, און קיין אָרעמאַן איז ער אויך ניט געווען...

אים האָב איך אַפילו באַזוכט אין זיין קאָנטאָר, איך געדענק שוין ניט צוליב וואָס. ער האָט מיך זייער פריינדלעך אָנטפאַנגען, באַקאַנט מיך מיט די פאָר „מענטשן“, אויך ציוניסטן, וואָס האָבן מיך אָבער אַלע זייער וואַרעם אויפגענומען און יעדערער האָט זיך געפּלייסט צו זאָגן מיר וואָס בעסערע ווערטער, וואָס איז מיר — וואָס זאָל איך דאָ לייקענען — געווען דווקא זייער אָנגעלייגט.

דער דאָזיקער גלוסקין, אַלס איינער פון די אַרויסגעבער פון „יוד“, האָט טאַקע אַוואַנסירט מיר אַ קליינע סומע אויפן חשבון פון מיינע קינפטיקע האָנאָראַרן. איך האָב זיך צו אים געווענדט, ווען איך בין געבליבן גאָר אָן געלט, נאָכדעם ווי אין קאָנטאָר פון „אַחיאָסף“ האָט מען מיר באַוויזן שוואַרץ אויף ווייס, אַז קיין געלט קומט מיר דערווייל ניט...

די דאָזיקע קליינע סומע האָט מיך געראַטעוועט. איך בין געווען אין געפאַר צו בלייבן אין דער פרעמד אָן געלט און די פאַרצווייפלונג איז געווען זייער גרויס. פאַרשרייב איך עס טאַקע דערפאַר מיט גרויס אָנערקענונג צו גלוסקינען פאַר זיין גוטער טאַט.

אויף מאָרגן בין איך שוין געגאַנגען זען פּרצן...

געגאַנגען בין איך ניט צו אים אַהיים, נאָר אין דער יידישער גמינע, וואו ער האָט געהאַט אַ שטעלע. פון דער גמינע, וואָס האָט

זיך געפונען ניט ווייט פון זיין וואוינונג, פלעגט ער ערשט פריי ווערן דריי אַ זייגער און גיין אַהיים עסן „מיטאָג“, און אין דער זעלבער שעה און נאָכדעם — אויפנעמען געסט. דאָס בין איך געוואָר געוואָרן טאַקע מיט אַ טאָג פריער אין „יוד“. די סיבה, פאַרוואָס איך בין געגאַנגען צו אים פריער אין דער גמינע, קען איך איצט ניט באַשטימען. איך גלויב, אַז מיין אומגעדולדיקייט צו זען וואָס גיכער פרצן האָט מיך ניט געלאָזט וואַרטן ביז דריי אַ זייגער.

צו דער גמינע, וואָס האָט זיך געפונען (און געפינט זיך נאָך מסתמא איצט אויך) אויף דער גזשיבאָווסקע, איז דער וועג געווען דער זעלבער ווי צום „יוד“, נאָר אַ ביסל אַ קירצערער. בלאָנדזשען האָב איך שוין פיל ניט געדאַרפט.

איך בין אַריין אין גרויסן קאָרידאָר פון דער גמינע און בין אַרויף אויף די ברייטע, לאַנגע טרעפ, וואָס האָבן געפירט אינעווייניק. איך בין אַרויף, זיך געלאָזט גיין העכער. אַ מאַן האָט מיך פאַרהאַלטן און געפרעגט, ניט באַזונדערס העפלעך, אין פויליש, וועמען דאַרף איך...

— פרצן... האָב איך אַרויסגעשטאַמלט.

האָט ער מיך שוין אָנגעקוקט פריינדלעכער און מיר געענטפערט, אַז פרץ איז נאָך ניטאָ, נאָר ער דאַרף באַלד אָנקומען.

האָב איך זיך אַוועקגעשטעלט, ניט אַוועקגעזעצט ביים אַריינגאַנג, און געוואַרט.

אַ גרויסע פרייד האָט מיך דורכגענומען. נאָך איידער ער איז אָנגעקומען, האָט ער שוין געשוועבט פאַר מיינע אויגן. באַלד וועל איך אים זען. זיין בילד, וואָס איך האָב געזען אויפן פאָדערבלאַט פון זיין לידער-זאַמלונג „העוגב“, נאָך אַלס יינגל אין קאָידענאָוו, איז מיר געבליבן איינגעקריצט אין זכרון. דאָס בילד איז געווען אַ ווינטערדיקס און ער איז אויף אים געווען אין אַ פוטער און אַ ווינטער-הוט און איצט מוז ער זיין אָנגעטאָן זומערדיק, איך האָב אָבער געהאָפט, אַז איך וועל אים דערקענען צוליב זיינע אויגן אַליין.

און אָט האָט זיך די ברייטע טיר געעפנט. פון די טרעפ האָט זיך שפרינגענדיק און זינגענדיק דערנענטערט זיין געשטאַלט. דאָס איז

פריץ! — ער איז געווען געקליידט לייכט, זומערדיק, דער הוט, אַ ווייכער, אין האַנט. אויב איך האָב אים ניט דערקענט פון דעם בילד, האָב איך אים דערפילט — דאָס איז זיכער ער — פריץ!...

איך האָב אים ווי אַ פּראָווינציאַל אומגעלומפּערט פאַרהאַלטן, אָפּגעשטעלט.

— אַנטשולדיקט (און אפשר האָב איך געזאָגט אין רוסיש — איזווינִיטיע —) איך...

ער איז שטיין געבליבן, אָנגעקוקט מיך מיט זיינע גרויסע שטראַלנדיקע אויגן און געשמייכלט.

איך האָב אים געזאָגט מיין נאָמען.

האָט ער זיך נאָך פריינדלעכער צעשמייכלט, מיר אויסגעצויגן די האַנט, געפרעגט ווען איך בין געקומען, און אויסגעדריקט זיין צופרידנקייט צו זען מיך, צו ריידן...

אָבער דאָ האָט ער בלויז אַ שטעלע — דערקלערט ער מיר — געסט נעמט ער אויף — אין דער היים, צעגליאַנאַ נומער איינס, און ער בעט מיך קומען היינט טאַקע דריי אַ זייגער...

און ער אַנטשולדיקט זיך מיט אַ שמייכל — ער מוז גיין צו זיין פליכט, זעגנט זיך אָפּ און נאָכן זעגענען זיך שמייכלט ער ווידער גאַסטפריינדלעך:

— וועט איר קומען?...

— אָ, זיכער, דריי אַ זייגער...

און ער לאָזט זיך גיין אַ זינגענדיקער אין דער טיף פון דער גמינע און ווערט פאַרשוואונדן ערגעץ אין איינער פון אירע אָפּטיילונגען.

איך בלייב נאָך אַ ווילע שטיין. איך איל זיך ניט. עס ווילט זיך ניט אַוועקגיין פון דער גמינע, וואָס פאַר מיר איז דאָ אַלץ אַזוי ניי און דער עיקר — אַזוי טייער. פריץ איז דאָ. ער האָט דאָ אַ שטעלע. מיר דאַכט זיך, אַז ער איז דאָ דער איבערהאַר, אַלע זיינען אים דאָ אונטערטעניק, הגם ער פאַרלאַנגט עס ניט... ווי איינפאַך ער רעדט און האַלט זיך.

קוים דורכגעשטופּט די פינף שעה — ביז דריי אַ זייגער. געשפּאַצירט אין די וואַרשעווער גאַסן שוין ווי אַ תושב. אויס פרעמ-

דער. שוין געזען פּרצן, גערעדט מיט אים און ער איז אַזוי פריינד־לעך געווען, איז וואָס איז דאָ צו שרעקן זיך פאַר ווייטער?

און אַלע מענטשן, וואָס איך באַגעגן אין די הין־און־הער זיך שניידנדיקע רווישיקע גאַסן, ווערן מיר נעענטער: די יידישע שפּראַך, מיט דעם פּויליש־יידישן אַקצענט, וואָס עס זינגט און קלינגט פון אַלע זייטן, סיי פון די חסידישע יידן, סיי פון די יונגע מיידלעך, וואָס טראָגן זיך מיר פאַרביי, ווערט מיר נאָך טייערער. דאָס איז דאָך די שפּראַך פון פּרצן. אייניקע ווערטער, וואָס איך האָב אין פּרצעס ווערק זייער באַדייטונג ניט פאַרשטאַנען, דערקלערן זיך מיר. אָט דער טרעגער, דאַכט מיר, איז פון פּרצעס סקיצע „שלום־בית"... אָט דאָס יינגעלע, וואָס בלאָנקעט אַרום און קוקט מיך אָן מיט זיי־נע גרויסע אויגן, איז פון פּרצעס רירנדער דערציילונג „דאָס אָרי־מע יינגל", וועלכן פּרץ שענקט אַלע אָונט אַ נדבה. און אָט טראָגט זיך פאַר מיר פאַרביי די איינזאַמע חסידישע ווייבל פון פּרצעס דערציילונג „אין פּאָסט־וואָגן" מיטן פּעפּערל אויף דער נאָז... זי איז אַנטלאָפן פון איר פּויליש שטעטעלע און געפינט זיך שוין דאָ אין וואַרשע...

איך גיי אַריין אין אַ געוועלבל קויפן פּאַפּיראָסן. איך פליים מיך צו ריידן מיטן פּוילישן אַקצענט.

דאָס יונגע ווייבל, מיטן גרויסן שייטל אויפן קאָפּ, פאַר־שטייט מיך ניט...

— וואָוע?...

געפעלט מיר אַזוי שטאַרק איר וואָוע.... פּרצעס אַ טיפּ.

— פּאַפּיראָסן — ענטפער איך אַנטציקט סיי פון איר שפּראַך און סיי פון אירע שוואַרצע אויגן.

— סאַרנע? זינגט זי אויס...

פאַרשטיי איך ניט, זינגט זי ווידער אויס: — סאַרנע?...

איך שטויס זיך שוין אָן, אַז דאָס פרעגט זי: וועלכע? רוף איך אָן דעם סאָרט...

באַצאָל איך און וויל זיך צערידן מיט איר, קוקט זי מיך אָן מיט חשד — אַ „דאַטש" און אַ ליטוואַק דערצו...

— קענט איר פּרצן?... פרעג איך.

— פרץ? — זינגט זי אויס, — נאַין, יאַך קען אין ניש...

לאָז איך איבער די אָרעמע ווייבל, וואָס קען נעבעך ניט פּרצן, וועלכער וואוינט אין דער זעלבער שטאָט, וואָס זי, און באַדויער זי פון טיפן האַרצן.

דערפאַר מיין באַלעבאָס פון האָטעל וויים שוין, ווער פּרץ איז. איידער איך גיי צו פּרצן אַהיים, קום איך נעמען מיין העפט לידער. איך דערציייל אים דערוויל, אַז פּרצן האָב איך שוין געזען...

— טאַקע דער זעלביקער, וואָס שרייבט אין דער „הצפירה“?...

— ס׳איז אַמאָל געווען, היינט שרייבט ער נאָר אויף יידיש אין „יוד“...

און אַ ייד אַ פּוילישער, וואָס זיצט דערביי, באַמערקט:

— פּרץ... מ׳קען אין... אַ גרויסער אַפּיקורס...

איך פאַרשווייג. קוק אָן דעם חסיד מיט באַדויערונג, וואָס וויים ניט, ווי אַזוי צו שעצן פּרצן, און גיי אַרויס ווי אַ זיגער.

פּרץ געהערט צו מיר, צו אונז, צום נייעם דור...

דריי אַ זייגער בין איך שוין געשטאַנען לעבן דער טיר פון פּרצעס וואוינונג און געצויגן דעם גלאָק.

געעפנט די טיר האָט מיר דאָס שטוב-מיידל, אַ שיינע פּוילישע „שיקסל“ מיט לאַכנדיקע אויגן. איידער איך האָב נאָך צייט גע- האַט זיך אומצוקוקן, איז שוין פאַר מיר געשטאַנען פּרץ, האָט מיך פריינדלעך באַגריסט און אַריינגעפירט אין ערשטן צימער — זיין קאַבינעט.

ער האָט געהאַלטן אינמיטן עסן. האָט ער מיר געפרעגט איינפאַך און אָפנהאַרציק, צי וויל איך עסן. אַזוי פיל האָב איך ניט גע- וואַגט... איך האָב זיך שעמעוודיקערהייט אָפּגעזאָגט: חלילה, ווער וויל עסן!... האָט ער מיך געפרעגט, וואָס וועל איך טרינקען, טיי צי קאַווע, האָב איך אַרויסגעפּראַלט קאַווע... שוואַרצע? — שוואַרצע. און די ערשטע שוואַרצע טאַסע קאַווע האָב איך געטרונקען ביי פּרצן, הגם אַלעמאָל האָט מען ביי פּרצן מכבד געווען די געסט מיט שיינעם, שטאַרקן טיי...

די טאַסע קאַווע, וואָס מען האָט מיר דערלאַנגט — איך גע- דענק ניט, צי מאַדאַם פּרץ אַליין צי די שטוב-מיידל — איז גע-

ווען שטאַרק, האָט מיך אויפגעמונטערט. באַלד איז אַריינגעקומען פריץ פון צווייטן און אויך לעצטן צימער, הגם מיר האָט זיך גע־דאַכט, אַז הינטער דעם צימער, וואו איך זיץ — פרצעס קאַבינעט — ציען זיך נאָך גאַנצע זאַלן, סאַליעס, פּאַלאַצן... ער האָט זיך אַוועק־געזעצט קעגנאיבער מיר, מכבד געווען מיט אַ לאַנגן פּאַפּיראָס און זיך פריינדלעך צערעדט.

איך בין געזעסן לעבן אַ באַרג מיט פּאַפּירן, מורא געהאַט זיי אָנצורירן. צווישן זיי האָב איך דערקענט פרצעס מאַנוסקריפּטן. זיין כתב מיט די קליינע פערלדיקע אותיות, געשריבן מיט שוואַרצן טינט... עס האָט געצויגן אַריינצוקוקן, אַ לייען טאָן.

— „מיין צוריקקער אַהיים" איז זייער גוט... האָט ער אַריינ־געזאָגט אַ מיינונג איידער וואָס ווען... אָבער אַייערע ריימען — און זיינע גרויסע אויגן האָבן מיך אָנגעקוקט, — צו־ליטוויש...

און באַלד האָב איך אים דערלאַנגט מיין העפט לידער.

ער האָט זיך באַוואָפנט מיט אַ גרויסן בלייפעדער, קענטיק אַ ווייניק־נאָך געניצטן, און גענומען לייענען...

ער האָט געלייענט מיט דעם פּויליש־יידישן אַקצענט. מאַנכע ריימען זיינען אַרויס געקאַליעטשעטע, אַז דאָס וואָרט „פעלט" לייענט ער גאָר „פיילט", הייסט ווי אַזוי קען שוין זיין אַ גראַם צו „וועלט", וועלכעס ער האָט געלייענט טאַקע „ווילט", ווי אויף צו להכעיס...

און אויך אַזאַ תכלית האָט ער מיר געמאַכט פון יאָרן און פאַרלאָרן. אים איז דאָס גאָר אויסגעקומען „יורן" און פאַרלוירן...

אָבער עס איז ניט געגאַנגען אין גראַם, הגם אויך אויף דעם האָט ער זיך אָפּט אָפּגעשטעלט.

וואָס מער ער האָט געלייענט, איז ער אַלץ שטרענגער, ערנס־טער און צייטנווייז אַפילו זיי בייז געוואָרן...

נאָר אָט אַנטציקט אים עפּעס... די אויגן צינדן זיך אָן. ער ווענדט זיך צו מיר:

— וּעטאַ כאַראשאָ.... אָטשען כאַראַשאָ!...

ווער איך שוין פריילעכער...

אָבער דאָס ווייטערדיקע לידל האָט ווידער חסרונות...

— וואָס הייסט עס? ווענדט ער זיך צו מיר.

איך דערקלער אים, ווי אַ פאַרשולדיקטער תלמיד דעם בייזן רבין, הגם שטאַרק מורא האָב איך שוין ניט. ביי אַ צען לידער האָט ער שוין גערימט.

און נאָך אַ טרייסט. אייניקע לידער האָב איך אים שוין געשיקט נאָך פון דער היים, פון קאָידענאָוו, פון קאָוונע, פון מינסק. איך געדענק יעדע שריפטלעכע מיינונג זיינע און דאָ, זע איך, איז זיין מיינונג פונקט אַן אַנדערע. עס האָט מיך אַפילו געוואונדערט, אָבער אָפּשלאָגן אים האָב איך ניט געוואָלט, הגם איך האָב אים געקענט ווייזן שוואַרץ אויף ווייס. דאַן האָב איך נאָך אַלע בריוו זיינע פאַרמאָגט ביי זיך...

ער לייענט און לייענט. מיר דאַכט, אַז ער ווערט מיד. איך פרווו בעטן צוריק דאָס העפט.. ער קוקט מיך אָן אי שטרענג, אי חבריש...

— וואַרט, וואָס איילט איר — עס איז נאָך דאָ.

און ער שמייכלט מיט זיין ספּעציפישן שמייכל. עס ווערט וואַרעם אויפן האַרצן פון אַזאַ שמייכל. איך שמייכל צוריק.

ער האַלט שוין ביי דעם ליד „דער מגיד"... און עס פאַלט אים איין צו לייענען מיטן „ליטווישן" אַקצענט.

עס קומט אַרויס ווי אַ נייע שפּראַך. עס איז ניט די שפּראַך און ניט דער פּרץ... אָבער עס טוט מיר הנאה, פּרץ וויל ווערן אַ ליטוואַק...

אָבער עס איז נאַר געווען אַ שפּיל אַזאַ ביי אים... זיך פאַרשטעלן פאַר אַ ליטוואַק. ניין, ער איז צו פיל פּוילישער ייד און ער הייבט ווידער אָן צו לייענען אויף זיין נוסח:

דאָס ליד „דער מגיד" געפעלט אים שטאַרק... אָבער גאָר ריין פון זינד איז זי אויך ניט...

— מ'האָט עס געדאַרפט גאָר אַנדערש אָנשרייבן... דאָס זעלבע וועגן ליד „אָרעמע מענטשן". דאָס ליד שטימט אים אַפילו טרויעריק אָן. ער פאַרטראַכט זיך אַ ווײַלע און מורמלט:

יאָ, אַ פיין ליד, ריר'נד...

אָבער אויך אין די „אָרעמע מענטשן" געפינט ער פעלערן. איך געדענק שוין ניט וועלכע.

דאָס גאַנצע העפט האָט ער איבערגעלייענט. זיין אורטייל איז שטרענג, אָבער אויך מיט גנאָד.

— איר האָט אַ סך צו זאָגן, אָבער ניט שטענדיק זאָגט איר עס ריכטיק, געפינט ניט די פּאַסיקע פאָרם.

ער ראָט מיר אַפילו צו באַקענען זיך מער מיט פּאָליטישער עקאָנאָמיע, — די וויסנשאַפט, וואָס איז דעמאָלסט געווען ניט נאָר נייטיק, נאָר אין מאָדע אויך...

אויסגעהערט די מיינונגען, די שלעכטע אַראָפּגעשלונגען, מיט די גוטע זיך געטרייסט אין דער שטיל... און איך וויל שוין גיין.

דערווייל דערציילט ער מיר, אַז ער האָט בדעה אַרויסצוגעבן אַ צייטשריפט „קולטור־בלעטער“, און ער בעט מיך, אַז איך זאָל איבערשרייבן פון העפט די לידער, וואָס ער האָט אָנגעצייכנט מיטן בלייפעדער און ברענגען אים פאַר די „קולטור־בלעטער“.

איך זאָג צו. געוויס...

דערווייל קלינגט מען אין טיר. פּרץ גייט שוין אַליין באַגעגענען.

ער קומט אַריין מיט אַ יונגנמאַן, שוין פירנדיק אַ געשפּרעך מיט אים... דער יונגערמאַן איז פון נידעריקן וואוקס, אַ שיינער קאָפּ מיט בלאָנדע האָר, די אויגן גרויס, מיט אַ מיסטישן בליק. האַלט זיך ווי אַן אָנגעלייגטער חסיד, אַ רייך איידעמל ביי אַ רבין...

פּרץ שטעלט אונז פאָר.

נאָמבערג... אַ נאָמען, וואָס איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געהערט. איך פיל אָבער, אַז פון דעם וועט מען אַמאָל הערן. איך ווער שטאַרק פאַרכאַפּט פון דעם גאַנצן וועזן פון דעם נייעם מין יונגן מענטשן: חסיד און אַפּיקורס, אומגעלומפּערט און ראַפינירט, שרעקעדיק און שטאָלץ.

מיט פּרצן רעדט ער ווי מיט זיינעם אַ גלייכן, און דער שמועס איז שיר ניט אַ פילאָסאָפישער, טאַקע וועגן מעטאַפיזיק.

— זיינט איר דאָך אַ מעטאַפיזיקער! זינגט ער שיר ניט אויס אויף אַ חסידישן שטייגער, הגם דער געשפּרעך ווערט געפירט אין רוסיש.

איך מיש זיך ניט אַריין. ס'איז אַ סכּנה, הגם דער שמועס פאַרכאַפּט מיך. אָבער נאָמבערג באַרויִקט זיך שוין, ווענדט זיך צו מיר מיט אַ פּאָר פריינדלעכע באַמערקונגען. אויך ער האָט די פּאָעמע „מיין צוריקקער אַהיים" געלייענט אין „יוד"... איך דערפיל, אַז איך גיי באַקומען אַ חבר אין וואַרשע...

ער איז אַפילו גרייט שוין צו גיין מיט מיר און ווייזן מיר וואַרשע...

אָבער פּרץ פאַרהאַלט אים...

קען נאָמבערג שוין ניט אָפּזאָגן פּרצן. זעגנט ער זיך מיט מיר און הייסט מיר קומען אַהער שבת, אָדער טרעפן זיך מיט אים אין קאָטיקס קאַפע אויף נאַלעווקעס, צי אויף דזיעלנע אין דער ציוניסטישער קאַפע — ווער קען עס אַזוי גענוי געדענקען?...

איך זעגן זיך אָפּ מיט פּרצן. עס פאַרדריסט מיך, וואָס פּרץ פאַרהאַלט נאָמבערגן. איך בין אַפילו עפּעס חושד...

און מיין געפיל האָט מיך ניט אָפּגענאַרט. ווערליג נאָמבערג האָט מיר דערציילט אין אַ פּאָר וואָכן אַרום, אַז מיר זיינען שוין גוט באַפריינדעט געוואָרן, איז פּרצעס מיינונג וועגן מיינע ערשטע לידער געווען ניט ווי איך האָב זיך פאָרגעשטעלט... אַזוי האָב איך זיך איבעריקנס אָנגעשטויסן פון נאָמבערגס גרוס.

האָט עס מיך שטאַרק פאַרדראָסן.

פונדעסטוועגן איז מיין באַציִונג צו פּרצן דערפאַר ניט קעלטער געוואָרן. סיי=ווי=סיי האָב איך אַליין פון פילע פון יענע לידער ניט שטאַרק געהאַלטן. בפרט אַז אין די ערשטע צוויי וואָכן נאָך מיין קומען אין וואַרשע האָב איך פיל נייע געשאַפן.

אויך די נייע האָב איך געטראָגן צו פּרצן... געוויס האָט אויך פּרץ צו די נייע זיך שטרענג באַצויגן. אָבער איך קען שוין אַריין אין דער משפּחה. איך בין שוין געקומען צו פּרצן יעדן שבת, ווען עס פלעגן זיך אויפקלייבן די גאָר גרויסע געסט, צווישן זיי דער ליבער דינעזאָן.

דינעזאָן איז שוין דווקא געווען ניט קיין שטרענגער... יעדעס לידל — אים האָב איך ניט אַלע געציגט — האָט אים באַגייסטערט.

איך נאָמבערג — הגם אַ שטרענגער אין מיינונגען — האָט די ערשטע צייט פילע פון מיינע לידער זייער גערימט. איבערהויפּט איז ער געווען פאַרוואונדערט פון מיין דעמאָלסטיקער פּראָדוקטי־וויטעט. דאָס נייע לעבן פאַר מיר אין וואַרשע, די אַלע בילדער, פריילעכע און טרויעריקע, האָבן מיך געוועקט צום נייעם שאַפן.

צווישן די נייע לידער האָב איך דאַן שוין אָנגעשריבן דאָס ליד „לעבן ווילט זיך" און „דאָס נייע ליד".

דאָס צווייטע ליד איז פּרצן שטאַרק געפעלן געוואָרן, און ער האָט דאָס ליד אָנגענומען אינאיינעם מיט מיינע פריערדיקע לי־דער, וואָס איך האָב אים געגעבן פאַר דער געפּלאַנטער צייטשריפט „קולטור־בלעטער". מיט דעם „נייעם ליד" האָט זיך געזאָלט אויפ־עפענען דער ערשטער נומער... אַזוי האָט ער מיר אַליין פּאַטעטיש געמאָלדן.

— מיר וועלן דערמיט אויפעפענען דעם ערשטן נומער אַלס אונזער פּראָגראַם.

אַזאַ כבוד איז געווען פאַר מיר אומדערוואַרט. איך האָב מיך דערפילט שטאָלץ און שטאַרק געשמייכלט, און עס האָט מיך אויפ־געמונטערט צו נייע שאַפונגען.

אָבער מיין מאַטעריעלע לאַגע איז דווקא געווען ניט גע־הויבן. אין „יוד" איז קיין נייע זאַכן פון מיר ניט געווען געדרוקט. פילע פון מיינע לידער, וואָס איך האָב דאַן געשריבן אין אַ נייעם רעוואָלוציאָנערן טאָן, האָבן זיך ניט געפּאַסט פאַרן באַלעבאַטישן, כמעט ציוניסטישן „יוד". איך האָב אַפילו ניט געפּרווט פאַרשלאָגן אָדער שיקן זיי צו ראַווניצקין קיין אָדעס, וועלכער האָט פונדערווייטנס, הייסט עס, רעדאַקטירט דעם „יוד", ביז דעם נומער 18, ווען די רעדאַקציע האָט איבערגענומען ד"ר יוסף לוריע, וועלכער האָט שוין געוואוינט אין וואַרשע, און די צייטשריפט האָט אָנגעהויבן צו ער־שיינען אַלע וואָך.

איך האָב שוין געקראָגן אַ וואוינונג אויף דזיקע גאַס ביי אַ ייד אַ משכיל, גלאָצער, וואָס האָט געהאַלטן אַ פּריוואַטן רעסטאָראַן. איך האָב געצאָלט דריי רובל אַ חודש פאַר נאַכטלעגער. שרייבן

האָב איך געקענט וואו און ווען איך האָב געוואָלט אַליין, אויסער אין דער צייט פֿון מיטאָג, ווען בײַ אַ רונדן טיש זײַנען געזעסן זײַנע געצײַלטע געסט, וואָס האָבן פֿאַר צוואַנציק קאָפּיקעס באַקומען אַ מיטאָג פֿון פֿיר געריכטן — מיט קאָמפּאָט... איך האָב שוין אויך געגעסן דעם זעלבן מיטאָג און בין גאָר נתפּעל געוואָרן פֿון דעם „זול" אין וואַרשע...

פֿלעגט אַמאָל קומען נאָמבערג צו מיר און מיך אָװעקנעמען צו גיין ערגעץ, אַמאָל אויף אַ שפּאַציר, אַמאָל אַרויספֿאָרן אַזש אין מאָקאָטאָוו, צי אין אַלעקסאַנדער־פּאַרק, און אַמאָל פֿירן מיך צו קאָטיקן אין קאַפֿע — דער דעמאָלסטיקער פּלאַץ פֿאַר אָנפֿאַנגער־שרײַבער, לערער און פּאַרטיי־מענטשן פֿון אַלערליי ריכטונגען און מינים, צי אין דער צווייטער קאַפֿע אויף דזיעלנע — „די ציוניסטישע"...

קומט ער איינמאָל צו גיין צו מיר און ווערט געוואָר, אַז מײַן לאַגע איז גאָר ניט געהויבן. ווערט ער שטאַרק אויפֿגערעגט... באשר־בכן, אויף די „קולטור־בלעטער" האָט פּרץ גענוג געלט צו צאָלן האָנאָראַר. ער, נאָמבערג אַליין, האָט פֿאַר אַן איבערזעצונג פֿון שווענטאָכאָווסקין שוין באַקומען געלט. פֿאַרוואָס זאָל אויך פּרץ ניט געבן אויפֿן חשבון פֿון די לידער, וואָס ער האָט אָנגענומען?

אַ טענה איז דאָס. אָבער איך וואַג עפּעס ניט צו ריידן מיט פּרצן וועגן געלט. נאָך ניט אַזוי נאָענט...

נעמט זיך דאָס אָן נאָמבערג...

— איר, זאָגט ער, וואַרט דאָ, און איך גיי צו אים אַריבער און ברענג אײַך געלט...

אין אַ שעה אַרום קומט נאָמבערג אַריין מיט אַ האַסטיקייט, אַז דער רויקער גלאָצער האָט זיך אַזש איבערגעשראָקן — און ער זאָגט אָן הויך, בקול־רם, די שמחה:

— רייזען, איך האָב באַקומען.

און שיט אויס עטלעכע זילבערנע רובל אויפֿן טיש...

דער באַלעבאָס גלאָצער שמייכלט. איך אַליין בלײַב עפּעס אויך פֿאַרווירט. צו־וואָס אַזאַ טומל. נאָר נאָמבערג, — פֿול מיט טעמפּעראַמענט אין יענער צייט — קוקט זיך אַפֿילו ניט אום אויף גלאָצערס

שיינע טאָכטער, וואָס אָבסערווירט אים און זיין גאַנצער עקזאָטיש־קייט און שמייכלט צו ווי אַ זייטיקע, און נאָמבערג דערקלערט מיר ווידער הויך, אויפן קול:

— שווער אָנגעקומען. ער האָט ניט געוואָלט געבן... האָב איך מיט אים איינגעטענהט: וואָס האַיסט? ער איז אַ טאַלאַנטפולער מענטש... אין זאַנע לידער האָט עטיך אָנגענימען... איר מיזט גייבן...

און ער האָט געגייבן...

עס איז געווען אַ שיינע סעצנע. נאָמבערג האָט מיך דעמאָלסט אַנטציקט. אָט דאָס הייסט אַ חבר: זיך געשטעלט קעמפן פאַר מיר מיט פּרצן אַליין.

האָבן מיר שוין, הייסט עס, „ביידע" געלט. און מיר לאָזן זיך אַרויס אויפן גאַס. עס איז געווען אַ זומערדיקער אָוונט... אויף דער דזיקע גאַס איז דאַן געווען די בערזע פון די אויפוואַכנדיקע אַר־בעטער, פון די, וואָס האָבן שוין געהערט צום „בונד"... יונגע בחורים־לעך, בונדיסטן, דאָס רוב אין לאַנגע קאַפּאָטעס, אָבער שוין מיט מאַנישקעס און ווייסע קראַגנדלעך און מיט קראַוואַטן, האָבן אַרומ־געשפּאַצירט אויפן ברייטן טראָטואַר און געפירט זייערע סודותדיקע דיסקוסיעס הויך אויפן קול... זיך אומגעקוקט אַלע ווײַלע, צי גייט ניט נאָך אַ שפּיאָן. אַנדערע פון זיי האָבן אַרומגעשפּאַצירט מיט זייערע חברטעס, יידיש־פּוילישע מיידלעך פון פאָלק, און האָבן זיך שטיל און חנעוודיק געמודעט און געפלירטעוועט אויף זייער שטייגער. דראָשקעס האָבן זיך הילכיק דורכגעטראָגן מיט איינגענעמען גערויש אויף דעם ברוקירטן מיטן פון דער ברייטער גאַס. און איך מיט נאָמבערגן האָבן, פירנדיק אונזער שמועס, זיך אויסגעמישט מיטן יונגן עולם און מיר האָבן זיך געלאָזט גיין אין דער ציוניסטישער קאַפע, וואָס האָט זיך געפונען אויף דער דזיעלנע גאַס, ערגעץ אין אַ הויף אויפן ערשטן שטאָק. — דאָרטן האָבן מיר געפירט, די ערשטע צייט נאָמבערג, דערנאָך איך, — נאָך שטאַרקער ווי ער, אונזערע „מלחמות" מיט די ציוניסטן און העברעיסטן...

---

# זיבעצנטער קאַפּיטל

די ציוניסטישע קאַפע אויף דזיעלנע. — קאַטיקס קאַפע אויף נאַלעווקעס 31. — ליפּע נאָוואָגרודסקי. — „מהלך הישן״ „ומהלך החדש״ - פראַגע אין גלאָצערס רעסטאָראַן. — דער אַלטער משכיל.— איך שרייב אָן די דערציילונג „דער שמעק טאַבאַק״. — ראַוויניצקים ענטפער. — די „שבתים״ ביי פּרצן. — די פאַמיליע גרוזעל. — דער בעקער־שטרייק. — די פיקטיווע חתונה. — דער פיקטיווער חתן. — די כלה. — די מחותנים אַלס פּאַרלעזער. — פּרץ, ספּעקטאָר, מ. רובינשטיין און איך. — דער שפּיאָן אויף דעם „אָוונט״. — דער אַרעסט.

די ציוניסטישע קאַפע אויף דזיעלנע האָט זיך באַהאַלטן טיף אין אַ הויף, אויף אַן ערשטן שטאָק, און גוט, וואָס זי האָט זיך באַהאַלטן: קולות און געשרייען האָבן זיך פון דאָרטן געטראָגן. אין אַ קאַפע „צום גאַס״ וואָלט זיכער ניט מעגלעך געווען אַזוי פריי און אומגעשטערט צו פירן דעם קאַמף. אָדער זייטיקע פאַרבייגייער וואָלטן זיך אַריינגעריסן, צוליב נייגעריקייט, אָדער די פּאָליציי וואָלט זיך געמוזט אַריינמישן, הגם צו אַ געשלעג איז קיינמאָל ניט געקומען...

אַ ציוניסטישע קאַפע. זיינען אָבער אויך אַהין געקומען סאָציאַליסטן. נאָמבערג איז דאַן געווען סאָציאַליסטיש געשטימט, אַלנפאַלס איז אים דער ציוניזם אין יענער צייט געווען דערווידער און ער האָט געפירט דעם קאַמף בקול־רם... איינער פון זיינע קעגנער, ניט נאָר אַ ציוניסט, נאָר סתם אַ רעאַקציאָנער, — דערפאַר וועל איך איצט זיין נאָמען ניט אָנרופן, אפשר איז ער אַ בעל־תשובה געוואָרן, — האָט נאָמבערגן און שפּעטער אויך מיך שטאַרק אויפגערעגט מיט זיינע צוריקגייענדיקע מיינונגען, און איך, הגם נאָך אַ גר אין „לאַנד״, האָב אים ניט פאַרשוויגן און שטאַרק געקאָכט זיך... אונזער אַרויסהעלפער אין קאַמף מיט די ציוניסטן איז גע-

זוען ליפּע נאָוואָגרודסקי, אַ אינטעליגענט־סאָציאַליסט, אַ גרויסער לאָ־גיקער אין דיסקוסיעס, זייער אַ טעמפּעראַמענטפולער און גוטהאַר־ציקער מענטש. אין קאַמף מיט די ציוניסטן איז ער אָבער געווען אַ גזלן... און אַז מיר ביידע, נאָמבערג און שפּעטער־צו איך, זיינען שוין מיד געוואָרן צו קעמפן, איז געקומען ליפּע נאָוואָגרודסקי און מיט זיין לאָגיק דעם שונא באַזיגט...

דער אייגנטימער פון קאַפע איז דווקא געווען אַ שטילער ייד, אַ פּאַרזאָרגטער, אַ מטופל מיט קינדער, מיט זין און טעכטער, אי־בערהויפּט מיט טעכטער — האָט ער פון דעם דאָזיקן געדויש כלומרשט געדאַרפט ציען חיונה... עס איז געווען אַ צער צו קוקן אויף דעם דאָזיקן יידן, וואָס פלעגט שטיין ביי דער קאַסע און וואַרטן אויף אַ שטילשטאַנד, אַז די געסט זאָלן זיך שוין דערמאָנען, אַז עס איז שוין איינס אַ זייגער ביינאַכט און מען זאָל שוין צוגיין צו אים און באַצאָלן פאַר דער קאַווע מיטן פּוטער־ברויט, אַ קיימא־לן פון אַכט קאָפּיקעס פדיון פון אַ קאָפּ... דערצו האָט ער געדאַרפט געדענ־קען, ווער פון די „געסט" קומט אַהער צו קעמפן אַ זאַטער און האָט גאָרניט באַשטעלט, ניט קיין קאַווע, ניט קיין פּוטער־ברויט... דערפאַר זיינען מיר ביידע, איך און נאָמבערג, געווען סיי פון די גוטע געסט און סיי פון די שטענדיקע באַשטעלער... וועגן אַ קאַווע מיט פּוטער־ברויט איז דאָך אָפּגערעדט, אַמאָל פלעגן מיר טאַקע טרינקען צו צוויי קאַוועס און אין גוטע צייטן — פלעגט נאָמבערג אַפילו באַשטעלן אַן אייער־שפּייז...

אויסער דעם איז דער אייגנטימער געווען אַן איידעלער ייד, האָט נאָמבערגן געשעצט פאַר זיין „קענטשאַפט" און בילדונג און מיך פאַר מיין פּאָעמע „מיין צוריקקער אַהיים". אויך זיינע טעכטער, ליבנסווערדיק־יידישלעכע מיידלעך, האָבן אויף אונז געלייגט גרויס כבוד. איבערהויפּט אָבער האָט זיך מיר אין זכרון איינגעשניטן אַ קעלנערין — אַזאַ האָט די קאַפע אויך פאַרמאָגט — אַ פּויליש־יידיש מיידל — אַ פאַרשוין! אירע שוואַרצע אויגן, די שוואַרצע גע־דיכטע האָר אויף איר שיינעם קאָפּ, פאַרקעמט אין סטיל פון „סע־צעסיע" — האָט איר צוגעגעבן גרויס ווערדע... גערעדט האָט זי אַ זייער שיינעם יידיש, אױ זינגענדיק, אי גרינג צו פאַרשטיין. צו מיר

האָט זי זיך באַצויגן זייער חבֿריש. אַליין פֿון באַלעבאַטישע, הגם קענטיק פֿון ניט קיין פֿאַרמעגלעכע עלטערן אין דער פּראָווינץ, זיינען איר געפֿעלן געוואָרן מיינע סאָציאַליסטישע מיינונגען...

איר פֿריינדשאַפֿט איז טאַקע די ערשטע צייט צוניץ געקומען. עס האָט פּאַסירט, אַז עס האָט אַמאָל אויסגעפֿעלט צו באַצאָלן דעם פֿולן חשבון, פֿלעגט זי אויסבאָרגן פֿון איר געלט, וואָס זי האָט דאָך באַקומען פֿון די געסט אַלס טרינק־געלט, הגם זי האָט זיך נאָך דעם ניט געיאָגט. מיט אירן אַ גמילות־חסד, וואָס זי האָט די ערשטע פֿאָרגעלייגט, ווי אַ גוטע שוועסטער, האָט מען שוין באַצאָלט בײַ דער קאַסע און געקענט זיך ענדלעך באַפֿרייען פֿון דער דומפּיקער, אָנגערויכערטער קאַפֿע... נאַטירלעך בין איך איר שולדיק ניט געבליבן, און באַצאָלט איר אין אַ טאָג, צי אין צוויי אַרום מיט אַ דאַנק און מיט אַ שטאַרקן האַנט־דרוק... וועגן אַ טרינק־געלט איז שוין אָפּגערעדט...

צו וואָס דערצייל איך עס?... סתּם אַזוי. און אַגבֿ איז דווקא אָט די גוטסקייט אירע מיר געבליבן אין זכּרון, אַ סימן, אַז עס איז ווערט צו באַשרײַבן. עס פֿאַרדריסט מיך בלויז, וואָס איך האָב פֿאַרגעסן איר נאָמען. עס איז געווען אַ פּוילישער נאָמען, מיט וועלכן די יידיש־פּוילישע מיידלעך האָבן זיך אַממערסטן גערופֿן — אַ שיין־קלינגענדיקער נאָמען...

בײַטאָג פֿלעגן מיר שוין גיין אין קאָטיקס קאַפֿע, נאַלעווקעס 31, אויך אין הויף, אָבער גלייך בײַם אַריינגאַנג אין הויף האָט שוין די קאַפֿע אַרויסגעקוקט דורך דער גלעזערנער טיר... דער גערויש איז אויך אין קאָטיקס קאַפֿע געווען גענוג גרויס, אָבער שוין פֿון אַן אַנדער כאַראַקטער. אַהין פֿלעגן שוין קומען מער פּריקאַזשטשיקעס פֿון די געשעפֿטן, וואָס פֿלעגן זיך געפֿינען אויף דער דערבײַיקער גענשע־גאַס, שיינע, פֿאַרפּוצטע יונגעלייט. צווישן זיי זיינען אָבער אויך געווען באַוואוסטזיניקע און, דאַכט זיך, אָרגאַניזירטע. אַ פּאָר פֿון זיי, ווי אַבֿרהם קאַסטעליאַנסקי, איז געווען אַ בונדיסט. אַהין, צו קאָטיקן, פֿלעגן אויך קומען די נאָך אומבאַקאַנטע שרײַבער, מערסטנס העברעישע לערער, וואָס האָבן זיך געשניטן אויף אמתע שרײַבער און האָבן זיך ניט געקענט אויסשניידן... בײַ קאָטיקן

אין קאַפע איז שוין געווען אַ געמיש פון אַלערליי טיפּן, ציוניסטן, בונדיסטן, „איסקראָוצעס", פּפּ׳סניקעס און אַפילו אומפּאַרטייאישע. דאָ האָט׳מען אויך געקעמפט, אָבער רויקער, שטילער, ווייל מאַדאַם קאָטיק, אַז עס פלעגט ווערן אַ שטיקל טומל פון די קעמפנדיקע צדדים, האָט זיך אַ הויכע, אַ דיקע, אויפגעשטעלט און זיך שטאַרק אָנגעבייזערט:

— מען וועט זיך דאָך צונויפלויפן...

דערפאַר ווען ער, קאָטיק אַליין, אַ בכבודיקער ייד, דעמאָלט אין די ווייטע פופציקער, אויך אַ הויכער, פעטגעבויטער מיט אַ הדרת-פנים און זייער אַ גוטמוטיקער — ווען ער איז געזעסן ביי דער קאַסע, איז שוין די מורא ניט געווען אַזוי גרויס. ער האָט אין יענער צייט פאַרפאַרטיקט צום דרוק זיין ספר „עשרת הדברות לבני ציון", דאָס הייסט „די צען געבאָט פאַרן פאָלק ישראל". און כדי מיר זאָלן עס פאַרשטיין פון גרויס ביז קליין, האָט ער דעם העברעישן טעקסט איבערגעזעצט אַליין אויף יידיש, ווי אַ מוסר-ספר, ווי דער „קו-הישר" און דער „מנורת המאור", למשל... צוליב דעם דאָזיקן ספר, וואו ער האָט געפּריידיקט שיינע מידות, באַשיידנהייט אד"גל, האָט ער שוין אַליין זיך געפלייסט צו באַזיצן וואָס שענערע מידות, כדי מען זאָל ניט זאָגן חלילה, אַז ער אַליין היט ניט אָפּ, וואָס ער לערנט אַנדערע... האָט ער טאַקע, ווי מאַדאַם קאָטיק פלעגט זיך קלאָגן, פאַרנאַכלעסיקט דאָס געשעפט. מיט דעם ספר אָבער איז זי אַליין אויך שטאָלץ געווען, און אַז מען האָט אים געדאַרפט דרוקן אויף אייגענע הוצאות, האָט זי אַוודאי ניט געשטערט...

אויך האָט מען אין קאָטיקס קאַפע ניט געקענט אַזוי טומלען, ווי אין דער ציוניסטישער אויף דזיעלנע, צוליב דעם, וואָס דאָ האָבן זיך געפונען אַלע יידישע צייטונגען, וואָס זיינען דאַן ערשינען סיי אין וואַרשע, סיי אין פעטערבורג און סיי אין ווין און אין בערלין... אַזוי זיינען אויף דער וואַנט, אין אַ ספּעציעלן אָרט, געווען אויסגעהאַנגען די „הצפירה", דער „המליץ", „דער יוד", און אַפילו די דייטשע „וועלט" און דער רוסישער „וואָסכאָד" און בודושטשנאָסט"...

איז די קאַפע, ווי דאָס רוב קאַפעען אין וואַרשע, הייסט עס, אויך

געווען אַ לעזע־האַלע... האָט מען צופיל טומלען ניט געטאָרט, כּדי ניט צו שטערן די, וואָס לייענען פאַרטיפט די צייטונגען...

אָבער אויך אין קאָטיקס קאַפע איז ניט אָפּגעגאַנגען גאָר אָן קאַמפן... ס'האָט ניט געפעלט קיין מאַטעריאַל... „זשאַרגאָן" און העברעיש... ציוניזם און סאָציאַליזם — וועגן סאָציאַליזם האָט מען צו הויך ניט געטאָרט ריידן — אין קאַפע האָט קיין שפּיאָן מסתמא ניט געפעלט...

אַהער פלעגט אויך קומען דער דערמאָנטער ליפע נאָוואָגרודסקי. דאָ האָט ער זיך געפילט היימישער. אַהער פלעגט ער קומען מיט זיינע בחורימלעך פון דער פּראָווינץ, וואָס פלעגן אַראָפּפאַלן אין וואַרשע זוכן בילדונג... איז ער געווען זייער שטיצע און אַרויסהעלפער מאָראַליש און מאַטעריעל. זאָל אויך דאָ דערמאָנט ווערן, אַז אויך די יונגע שרייבער, וואָס זיינען נאָר־וואָס אָנגעקומען קיין וואַרשע, האָט ער נישט פאַרלאָזן און אין אַן עת־צרה — און ער האָט שוין געוואוסט, ווען די עת־צרה איז — פלעגט ער אויף אַ חברשן, און אָפט אַפילו ברודערלעכן שטייגער קומען צו הילף.

אַליין אַ פּראַכט־הענדלער אין אַ פעיקער אין דעם פאַך, האָט ער פאַרדינט בערך פיל געלט. אָבער דאָס גאַנצע געלט האָט ער פאַרטיילט צווישן זייניקע... און אַלע זייניקע זיינען געווען די, וואָס האָבן זיך צו אים צוגעטוליעט. און אַ ווערטל האָט ער שטענדיק פאַר זיי געהאַט: „ניט געזאָרגט, ברודער, עס וועט זיין גוט!" און באַלד אַ קלאַפּ געטאָן אין פּלייצע און אַוועקגעפירט צו קאָטיקן...

ביי קאָטיקן פלעגט ער אויפלעבן! די מיט געסט אָנגעפילטע קאַפע—זיינען אַלע זיינע באַקאַנטע, פריינד, חברים... מיט אַלעמען זיך געוויטעט, צו אַלעמען געשמייכלט, אַפילו צו אַ קעגנער.

אויף אַ קעגנער פלעגט ער קוקן ווי אויף אַן אומגליקלעכן, אַ פאַרפירטן...

— נו, וואָס איז ער נעבעך שולדיק, — פלעגט ער יענעם באַדויערן, — ער ווייס נעבעך ניט... מען דאַרף אים אויפקלערן.

פון אויפקלערן האָט ער שטאַרק געהאַלטן (און מסתם נאָך איצט אויך!). ער האָט אויך געהאַט אַ האַנט אין די אויפקלערנדיקע פאַרלאַגן, וואָס האָבן זיך דעמאָלט געגרינדעט, און אַפילו אין פרצעס

ערשטע אויסגאַבן, און פון די „קולטור־בלעטער“, וואָס פרץ האָט געזאָלט אַרויסגעבן מיט דער מאַטעריעלער הילף פון אַ ראַדיקאַלן קרייז, איז ער אויך ניט אָפּגעשטאַנען, אויב ער איז ניט געווען דער הויפּט־אויפטוער. אויב ער האָט אויך פרצן פאַרגעטערט, איז דאָס געווען צוליב פּרצעס „באָנטשע שווייג“ און איבערהויפּט צוליבן „שטריימל“... אַ ראַציאָנאַליסט דורך און דורך, האָט ער אָבער אויך ליב געהאַט אַ שיין ליד, האָט מיר מתיר געמאַכט אַפילו צו שרייבן אַ ליבע־ליד. אויף ליבע־לידער האָט ער אַפילו גוטמוטיק צוגעשמייכלט. נאָר זאָלן זיך קינדער שפּילן... ער אַליין האָט אָבער ליב, אַז מען זאָגט עפּעס אין אַ ליד... מיט אים פלעגט שוין גוטמוטיק דיסקוטירן נאָמבערג. דאָ האָבן זיך באַגעגנט צוויי לאָגיקער, מיט דעם חילוק, וואָס איינער, נאָוואָגרודסקי, — אַ לאָגיקער פאַר לאָגיק, און נאָמבערג — אַ לאָגיקער קעגן לאָגיק, שיר ניט פאַר מיסטיציזם, מעטאַפיזיק און אַלץ מיט לאָגישע באַווייזן... איך האָב ליב געהאַט צו זען זיי ביידן אין אַ ליטעראַרישן אָדער אין אַ סאָציאַלן וויכּוח... דער וויכּוח פלעגט זיך קיינמאָל ניט ענדיקן, און איינער האָט דעם אַנדערן ניט באַזיגט.

אויך גלאָצערס רעסטאָראַן, אויף דזיקע נומער 45, וואו איך האָב די ערשטע פּאָר מאָנאַטן געוואוינט, האָט זיך ניט באַגאַנגען אָן קאַמפן. אָבער יענע קאַמפן זיינען שוין געווען מער מאַלאָנמעסיק ... ביי גלאָצערן אין רעסטאָראַן האָבן געגעסן מיטאָגן — פון איינס ביז דריי — משכּילים און העברעישע לערער. צווישן די לערער האָבן זיך געפונען אַ פּאָר יינגערע, וואָס זיינען געווען פונם מהלך־החדש, אָנהענגער, הייסט עס, פון מיכה־יוסף בערדיטשעווסקי און שאול טשערניכאָווסקי, וועלכע זיינען אין יענער צייט, איבערהויפּט דער ערשטער, אַרויסגעטראָטן אין דער העברעישער ליטעראַטור מיט נייע לאָזונגען... די עלטערע משכּילים און איבערהויפּט דער באַלעבאָס אַליין, גלאָצער, אַ משכּיל, אַ חסיד פון אָדם־הכּהן, פון מיכה־יוסף, פון מאַפּו און סמאָלענסקין, האָט ניט געקענט פאַרטראָגן, ווי איינער אַ העברעישער לערער האָט „שאַלקהאַפטיק“ געריסן די קרוינען פון זיינע ליבלינגס. צו פיל איינרייסן זיך מיט אים האָט ער אָבער ניט געקענט, פאָרט זיינער אַ קונה, וואָס גיט אים צו לייזן

אַלע טאָג צוואַנציק קאָפּיקעס. איז טאַקע געווען אַ צער צו קוקן אויף דעם אָרעמען ליטווישן משכיל, וואָס האָט געמוזט שפּייזן אַ פאַמיליע און די טעכטער נאָך אין גימנאַזיע שיקן פון דעם פּרי־וואַטן שטיקל רעסטאָראַן, און יעדער גאַסט איז אים געווען זייער אָנגעלייגט — איז טאַקע געווען אויף אים אַ צער, ווען ער האָט פון איין זייט אים געמוזט נאָכגעבן ווי אַ „קונד" און פון דער צווייטער זייט — שיצן זיינע העברעיִשע קלאַסיקער. אַזוי ווי מיר איז ניט שטאַרק אָנגעגאַנגען דער גאַנצער קאַמף פון מהלך־הישן און מהלך־החדש — אַלס שרייבער אויף יידיש האָבן מיך אַנדערע פראַגן אינטערעסירט — האָב איך דווקא גענומען די זייט פון גלאָ־צערן... אַלנפאַלס געפרווט מאַכן אַ פשרה... גלאַצער איז מיר דערפאַר זייער דאַנקבאַר געווען. שפּעטער האָט מיך דער דאָזיקער ליבנסווערדיקער משכיל געדינט אַלס מאָדעל פאַר מיין בילד „דער אַלטער משכיל"...

צוליב מיר פלעגט אויך אַמאָל נאָמבערג זיך אַריינכאַפּן צו גלאָצערן עסן אַ מיטאָג און אויך ער האָט זיך אַרויסגעזאָגט ניט צו שטאַרק פאַרן מהלך־החדש. קיין אָנהענגער פון בערדיטשעווסקין איז ער דעמאָלסט אויך ניט געווען, איז גלאָצער אַוודאי געווען צופרידן מיט נאָמבערגן און האָט אים שטענדיק גערימט:

— אַ שאַרפע קאָפּ דער יונגערמאַן פאַרמאָגט!.... און פלעגט צו־געבן, אַז צווישן פוילישע יידן איז דאָס גאָר אַ זעלטנהייט...

אין דער זעלבער צייט איז מיין מאַטעריעלע לאַגע געוואָרן ווידער ניט געהויבן... אין „יוד" האָב איך פאַראויס קיין געלט ניט געקענט באַקומען. ליפע נאָוואָגרודסקי האָט אַפילו געקראָגן פאַר מיר אַ לעקציע ביי אַ רייכן פראַכט־הענדלער, אָבער דער מאָ־נאַט האָט זיך געצויגן צו לאַנג... און קיין האָפענונג וואו צו באַ־קומען געלט איז ניט געווען. אַ גליק, וואָס אין דער זעלבער צייט האָב איך אָנגעשריבן מיין דערציילונג „דער שמעק טאַבאַק". איך האָב זי אָנגעשריבן ביי אַ פענסטער אין גלאָצערס רעסטאָראַן, אינדערפרי, ווען דער חדר, אַ טונקעלער, וואָס פון 1 ביז 3 ביטאָג איז ער געוואָרן רעסטאָראַן, איז געווען נאָך ניט באַלויכטן. געשריבן האָב איך די דערציילונג אימפּעטיק, שנעל, הגם שטאַרק באַרעכנט... אי־

בערגעשריבן זי צוויי מאָל, איז געוואָרן איינס אַ ווייגער. די געסט האָבן שוין אָנגעהויבן צונויפקומען אויף מיטאָג. איך האָב זיך גע־זעצט ביים טיש אַ מוטיקער, ווי איינער, וואָס האָט היינט פאַרדינט דאָס עסן, און נאָך אפשר עפּעס מער...

דאָס איז בכלל געווען די ערשטע דערציילונג, מיט וועלכער איך בין זיכער געווען. ביי י. ח. ראַווניצקין, וואָס האָט רעדאַק־טירט דעם „יוד" אין אָדעס, האָט זיך שוין געפונען, אויסער פּיליע לידער מיינע, אויך אַ דערציילונג, אָבער קיין ענטפער אויף איר האָב איך ניט געהאַט, בין איך געווען אין צווייפל, צי זי איז דרוקפעיק. מיט דער „נייער" דערציילונג בין איך ניט נאָר זי־כער געווען, נאָר אַפילו שטאָלץ. אַזוי שטאַרק האָב איך געגלויבט אין איר פולקומענהייט.

צי איז נאָמבערג געקומען אין יענעם טאָג עסן מיטאָג צו גלאָצערן, צי איך בין געקומען צו אים — איך געדענק נאָר, אַז די דערציילונג האָט אים שטאַרק פאַרכאַפּט. ער האָט מיך גערופן צו פּרצן...

— קומט, זאָל עס פּרץ אויך זען...

אויך פּרצן איז זי געפעלן געוואָרן און — אַ ברירה האָט ער געהאַט — האָט געמוזט זאָגן מיטן פולן מויל, אַז „זייער גוט"...

מיט אַזאַ דערציילונג אין טאַש איז שוין ניטאָ וואָס צו זאָרגן...

איך האָב זי פונדעסטוועגן אויף מאָרגן אַוועקגעשיקט קיין אָדעס צו ראַווניצקין און געבעטן אים, אַז ער זאָל שרייבן אין וואַרשע אין דער אַדמיניסטראַציע פון „יוד", אין וועלכן נומער זי וועט גע־דרוקט זיין.

מיין אַדרעס האָב איך געשריבן: י. ל. פּרץ, צעגליאַנע נו־מער 1, פאַר א. רייזען.

וואָס איך בין דערמיט אויסן געווען, פאַרשטיי איך אַליין ניט. צי האָב איך גערעכנט זיך שוין אַרויסציִען פון גלאָצערן, צי גלאַט געוואָלט ווייזן ראַווניצקין, אַז אַבי־ווער בין איך ניט...

אַזוי צי אַזוי — אַן ענטפער איז אָנגעקומען אַ גוטער און בערך זייער שנעל... „אַייער „שמעק טאַבאַק" איז ווערט מער ווי אַ שמעק טאַבאַק (אַזאַ מליצה געווען) און אַייער „מילכיקער טשאָלנט" (אַזוי

האָט געדייסן די דערציילונג, וואָס איך האָב אים געשיקט פון מינסק) איז אויך ניט קיין שלעכטער מאכל... דער „שמעק טאַבאַק" — שרייבט ער ווייטער — וועט זיין געדרוקט אין נומער 15 „יוד"...

אַזוי ווי געשריבן האָט ער עס אַליין אויף אַ פּאָסטקאַרטל, האָט פּרץ עס פריער איבערגעלייענט.

ווען איך בין אַרויסגעקומען צו פּרצן שבת, האָט ער מיר — איידער ער האָט מיר דערלאַנגט דאָס פּאָסטקאַרטל — מיט אַ שמייכל איבערגעגעבן דעם אינהאַלט.

וואָס פּרץ איז מיטן שמייכל אויסן געווען, בין איך ניט געווען קלוג צו פאַרשטיין. צי איז ער צופרידן מיט מיין ערפאָלג, צי מאַכט ער עס חוזק פון ראַווניצקיס מליצה. מיר איז אַוודאי די מליצה געפעלן געוואָרן... און יענעם שבת האָב איך זיך אַפילו מיט פּרצן פריער געהאַלטן... ווער רעדט מיט דינעזאָנען, וועלכער האָט מיט־געפילט מיין פרייד, האָב איך זיך געהאַלטן שוין, ווי מיט אַן איינגעגעב מענטשן...

מיטן קאַרטל פון רעדאַקטאָר אַליין בין איך שוין מאָנטאָג פרי געגאַנגען אַליין אין דער אַדמיניסטראַציע פון „יוד" און געפאָדערט האָנאָראַר.

האָט דער בוכהאַלטער, כהן, אַ יידענער יונגערמאַנטשיק, אַ בנעימותדיקער, פאַמעלעכקע איבערגעלייענט און זיך אָנגערופן, אַז עס איז זייער שיין... אָבער פאָראויס קיין געלט קען ער איצט, ליידער, ניט געבן... איר וועט מוזן וואַרטן, ביז דער נומער 15 וועט אָנקומען.

דאָס איז געווען אַ קיימא־לן פון צוויי וואָכן צו וואַרטן... אויב דער צענזאָר זאָל נאָך ניט פאַרהאַלטן דעם „קאַסטן", וואָס קומט אָן פון קראָקע, וואו „דער יוד" דרוקט זיך און ווערט איבערגע־שיקט קיין וואַרשע...

אַ ברירה האָב איך געהאַט... עס איז בלויז געבליבן די האָ־פענונג, אַז באַלד באַקום איך מיין שכר־לימוד — אַ פינפערל אויף דער איינציקער „לעקציע", וואָס איך האָב געהאַט, בפרט, אַז אַ בעל־פועל בין איך אויך געווען, מיטן יינגערן זיבניעריקן יינגעלע בין איך דורכגעגאַנגען אַ האַלבן „אָמון פדגוג" פון מאַפו און מיטן

עלטערן — גאַנץ ישעיהו... אויסער דעם איז צוגעהאָלפן אין די „זאַדאַטשעס“, וואָס ער האָט געדאַרפט מאַכן פאַר דער שול, וואו ער איז געגאַנגען.

מיט איין וואָרט — איך וועל באַלד געהאָלפן ווערן. טאָפּלט...

דער נומער 15 „יוד“ איז ענדלעך אָנגעקומען און מיין דערציילונג איז ניטאָ... האָט עס מיך שטאַרק אויפגערעגט. שוין ניט אַזוי דער האָנאָראַר, ווי די דערציילונג אַליין. איך האָב זיך שוין פאַרבענקט נאָך איר. איך ווענד זיך אין דער אַדמיניסטראַציע נאָך אַ דערקלערונג — זיי ווייסן ניט פון וואָס צו זאָגן... און וויבאַלד די דערציילונג איז ניט אַריין, בין איך ביי זיי אויך געפאַלענער געוואָרן. וועגן אַוואַנס איז שוין ניטאָ וואָס צו ריידן...

האָב איך אַוועקגעשריבן אַ קאַרטל צו ראַווניצקין און — זיכער אין דעם ווערט פון מיין דערציילונג — האָב איך אים געשריבן שטרענג, אַז אויב אַ רעדאַקטאָר האַלט ניט קיין וואָרט, טאָ זאָל ער מיר שוין אָפּשיקן צוריק די דערציילונג... און נאָך און נאָך — איך האָב זיך אויסגעקילט דאָס האַרץ.

אַוועקגעשיקט און פאַרפאַלן. האָט עס מיר טאַקע דערנאָך אַ ביסל פאַרדראָסן: איינגעריסן זיך מיטן רעדאַקטאָר.

אָבער קיין סכנה איז ניט געווען. ער האָט געענטפערט, אויך ברוגזדיק, אָבער זיך דאָך פאַרענטפערט, אַז די שולד איז ניט זיינע, נאָר זיין „אַסיסטענט“, וואָס איז אָנגעשטעלט אין קראָקע, האָט ניט געפונען קיין פּלאַץ פאַר דער דערציילונג אין נומער פופצן און זי וועט זיין זיכער געדרוקט אין נומער זעכצן...

האָב איך זיך שוין געפילט ווי דער זיגער — אי אויסגעזידלט דעם רעדאַקטאָר, אי גאָרניט פאַרלוירן. אַדרבא, וועדליג דער טאָן פון זיין פּאָסטקאַרטל, בין איך נאָך געהויבענער געוואָרן. טאַקען אַן אָנפאַנגער, אָבער קיין מורא פאַר אַ רעדאַקטאָר האָבן „מיר“ ניט...

אָבער אויך אויף דער פּאָסטקאַרטל האָט דער בוכהאַלטער קיין געלט ניט געגעבן... ער האָט בלויז רויק געענטפערט:

— עס וועט אָנקומען דער נומער זעכצן, וועלן מיר קענען

איבערציילן די שורות, וויפיל די דערציילונג פאַרמאָגט, און מ׳וועט באַצאָלן ביז אַ גראָשן...

די באַלוינונג איז דאָך געקומען אין אַלע הינזיכטן. די דערציילונג האָט שטאַרק אויסגענומען ביי די דעמאָלסטיקע לעזער. אין דער ציוניסטישער קאַפּע האָט אַפילו דער קעגנער, דער ציוניסט און העברעיסט צוגעגעבן, אַז די דערציילונג איז גוט. נאָמבערג האָט טריומפירט. ער איז געווען טאַקע דער ערשטער, וואָס האָט די דערציילונג גערימט. אויך ליפע נאָוואָגרודסקי מיט זיין באַזונדער געשמאַק און מיט זיין בליק אויף ליטעראַטור בכלל — האָט געפונען אַ גוט וואָרט צו זאָגן. אים איז די דערציילונג געפעלן געוואָרן דערמיט, וואָס זי שילדערט די געפאַלנקייט פון דעם אָרעמאַן קעגן גביר. דאָס אַליין רופט שוין ביים לעזער אַרויס פּראָטעסט און באַוואוסטזיניקייט...

אויך די מאַטעריעלע באַלוינונג איז געווען פאַר מיר זייער אָנגעלייגט — פינף קאָפּיקעס אַ שורה, האָט די דערציילונג אָנגעטראָפן ביז צען רובל... פאַר דעם געלט האָב איך באַצאָלט גלאָצערן און אַרויסגעצויגן אין אַ נייער וואוינונג — אין אַ רעסטאָראַן....

צו פּרצן האָב איך שוין אָנגעהויבן אַריינצוקומען ניט נאָר מיט נאָמבערגן, נאָר אַפילו אַליין און ניט נאָר דווקא מיט אַ תירוץ, — עס איז געווען גענוג אַ ליד צו ברענגען — און אַמאָל אַפילו סתם אַזוי און ניט נאָר דווקא שבת, נאָר אַפילו אין מיטנוואָך, ווען איך האָב זיך שטאַרק פאַרבענקט...

קלינג איך איינמאָל אָן אין טיר, אַ זייגער פיר, גייט מיר פּרץ אַליין עפענען. ער פירט מיך אַריין אין קאַבינעט. דאָרט איז דאָ אַ גאַסט. ער שטעלט מיך באַלד פאָר פאַר אַ הויכער, דיקער פרוי, מיט אַן ענערגישן, שיר ניט מאַנסבילשן אויסדרוק אויפן ברייטן פּנים...

ביי פּרצן, אויב יאָ טרעפן אַ באַזוכערין, איז דאָס רוב געווען פון דעם צאַרטן איידעלן מין, פון די האַלב אָדער גאַנץ אַסימילירטע קלאַסן, וואָס האָט זיך געוואָלט דערנעענטערן, אויב ניט צו די מאַסן, איז כאָטש צו דער יידישער אינטעליגענץ, וואָס

פירט די מאַסן. דער דאָזיקער מין האָט נאַטירלעך גערעדט בלויז פּויליש אָדער רוסיש. זעלטן ווען פריץ פלעגט פאַר זיי פאַרשטעלן. די איינציקע, וואָס ער האָט מיר יאָ פאָרגעשטעלט, איז געווען זיין שיינע שנור, די פרוי פון זיין איינציקן זון לוציאַן. די שנור האָט געשטאַמט פון די הויכע פענסטער, פון די וואַרשעווער אַסי־מילירטע פּני. איר פאָטער, אַייזמאַן, איז געווען איינער פון די דאָ־זאָרעס פון דער וואַרשעווער קהילה. זי איז אָבער געווען דווקא דע־מאָקראַטיש געשטימט. ניט קענענדיק ריידן יידיש און אפשר ניט האָבנדיק קיין באַזונדערן פאַרלאַנג צו ריידן מיט מיר בכלל, פלעגט זי אָבער, אויב זי האָט זיך געפונען אין פרצעס הויז און פריץ אַליין איז געווען פאַרנומען — מיר עפענען די טיר און אַנטקעגנ־קומען מיט אַ פריינדלעכן שמייכל און מיט אַ זינגענדיקן „דזיען־דאָברי"... פאַר מיר איז דאָס געווען גענוג.

אָבער צו דער נייער מין באַזוכערין האָט זיך פריץ באַצויגן זייער פריינדלעך. ער האָט מיך גלייך פאָרגעשטעלט פאַר איר און זיכער אָנגערופן:

— אויך רייזען קען עפּעס פאַרלעזן.

— זיכער... האָט די דאַמע געזאָגט.

און איך בין געוואָר געוואָרן, אַז די דאַמע איז איינע פון די אַרבעטער־פירערינס. דאַן איז געווען אַ שטרייק ביי די בעקער, מען האָט געדאַרפט נייטיק געלט צו שטיצן די שטרייקער. איז איינער פון די מיטלען צו מאַכן אין אַ זאַל אַ פאָרלעזונג אויף בי־לעטן. פאַר דער פּאָליציי וועט עס הייסן: אַ חתונה (אָדער אַ תנאים).

אַוודאי האָב איך זיך אָנגענומען צו לייענען, הגם איך האָב ניט געגלויבט, אַז איך וועל האָבן די דרייסטיקייט, אַרויסצוטרעטן פאַר אַן עולם. די גאַנצע אונטערנעמונג איז געווען פאַר מיר אַזוי פאַרלאָקנדיק, אַז איך האָב זיך דערפילט שטאָלצער און מוטיקער.

פריץ האָט מיך עקזאַמענירט: וועלכע לידער וועל איך לייענען. ער האָט פאַרגעלייגט לידער פון אַ סאָציאַלן כאַראַקטער.

— אָ, זיכער... האָט די אַרבעטער־פירערין פרום באַשטע־טיקט.

און איך האָב אַ דעקלאַמיר געטאָן אַ פֿערז פֿון אַ ליד, וואָס איך האָב איבעריקנס קיינמאָל ניט פֿאַרעפֿנטלעכט...

„ניין, כ'קען שוין מער ניט שווייגן,
צופֿיל ברענען די יסורים,
און מיין צאָרן־ליד פֿון האַרצן
רייסט אַרויס זיך ווי אַ שטורעם."

די ווייטערדיקע געדענק איך שוין לחלוטין ניט. איך ווייס נאָר, אַז עס האָט געקלונגען פֿול מיט פּראָטעסט קעגן דער רייכער געזעלשאַפֿט און פֿול מיט מיטגעפֿיל צו די אונטערדריקטע.

— גרויסאַרטיק! האָט די דאַמע אויסגערופֿן, ווען איך האָב געענדיקט דעקלאַמירן.

אויך פּרץ האָט געזאָגט, אַז אַזאַ ליד איז זייער פּאַסיק פֿאַר דער אונטערנעמונג... אין אַן אַנדער צייט וואָלט ער זי זיכער פֿאַר־בראַקירט. האָב איך אַ דעקלאַמיר געטאָן נאָך אַ ליד — גרייט פֿאַרצולייזן אויפֿן אָוונט פֿאַר די בעקער:

„איצט פֿאַרשטיי איך, וואָס די פֿייגל
זינגען אַלע לוסטיק, פֿריילעך:
אין דעם גרויסן וואַלד, דעם גרינעם
הערשט ניט איבער זיי קיין מלך".

אַ רמז אויפֿן צאַר ניקאָלאַי...

פֿון דעם ליד האָט די דאַמע געקריגן גרויס התפּעלות. האָט שוין פּרץ אויך געגעבן זיין הסכּמה.

און איך האָב ווידער דערפֿילט דעם פּרצן פֿון די „יום־טובֿ־בלעטלעך", פֿון „ליטעראַטור און לעבן".

די דאַמע האָט אָבער געפֿאָדערט נאָך קרעפֿטן. איז דערווייל אָנגעקומען מ. רובינשטיין, שפּעטער — באַקאַנט אַלס פּובליציסט אונטערן פּסעוודאָנים מ. מיכלסאָן, וועלכער האָט גענומען אַן אָנ־טייל אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. ער איז אין יענער צייט געווען אַ פֿייערדיקער רעוואָלוציאָנער. זיינע אַרטיקלען, וואָס ער האָט גע־שריבן, זיינען אַלע געווען ניט צו פֿאַרעפֿנטלעכן אין לעגאַלע אויס־גאַבן. אין דער אומלעגאַלער פּרעסע האָט ער זיכער אָנטייל גע־

נומען. ער האָט באַזעסן אַ וואונדערלעכן סטיל, שוין אָפּגערעדט פון זיין טעמפּעראַמענט. פּרץ האָט אים שטאַרק ליב געהאַט. אויב מיר האָבן אַמאָל חושד געווען, אַז פּרץ האָט פיינט ליטוואַקעס, האָט מען עס גלייך אָפּגעלייקנט מיט מ. רובינשטיינען, מיט וועלכן פּרץ האָט זיך פּשוט אַרומגעפירט ווי מיט אַ צוקינפטיקן פּובלי־ציסטישן שטערן...

אַז רובינשטיין איז אַריין, איז פּרץ אויפגעלעבט געוואָרן, האָט זיך מיט אים זייער פריינדלעך באַגריסט. די באַזוכערין, מיטן נאָמען גרוזעל, האָט אים שוין געקענט פון דער באַוועגונג און דאָס פּראָגראַם האָט זיך גענומען אויסאַרבעטן אויף דאָס ניי.

עס איז באַשטימט געוואָרן, אַז אויך מ. רובינשטיין זאָל עפּעס פאָרלעזן, אויב ניט אַן אייגענע זאַך, איז פון דוד פּינסקי — „ערב־יום־כּפּור“ — דאַן שיר ניט אַן אומלעגאַלע דערציילונג, פון אַר־בעטער־לעבן, וואָס האָט זיך געפונען טאַקע ביי רובינשטיינען אין באַזיץ, צום פאַרעפנטלעכן אין אַן אומלעגאַלער אויסגאַבע.

אויף אַזאַ אופן איז דאָס פּראָגראַם אויסגעאַרבעט געוואָרן מיט דער הילף פון פרוי גרוזעל.

מיט דער דאָזיקער „ליטווישער“ פאַמיליע גרוזעל, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ ברודער און אַ יינגערער שוועסטער, אַ לערערין אין אַ וואַרשעווער שול פאַר אָרעמע קינדער, וואו זי האָט שוין דאַן — די איינציקע שול אין יענער צייט — יידיש געלערנט — האָב איך זיך שפּעטער באַקענט. אַ וואונדערלעכע אידעאַליסטישע פאַמיליע געווען, געלעבט אין אָרעמקייט צוליב סאָציאַלער אַרבעט. די דערמאָנטע עלטערע שוועסטער האָט מיט איר איבערגעגעבנקייט צו דער אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס האָט שוין אין יענער צייט, ערב דעם 20סטן יאָרהונדערט, זיך צעפלאַקערט אין פּולן פלאַם, הגם שטאַרק אונטערערדיש, — מיט איר איבערגעגעבנקייט און ענערגיישער טעטיקייט געוואונען דעם רעספּעקט אַפילו ביי אַזאַ „עסטעט“ ווי י. ל. פּרץ איז געווען בנוגע זיינע באַקאַנטשאַפטן.

דער ליטעראַרישער אָוונט, וואָס אָפיציעל איז דאָס געווען אַ חתונה, איז פאָרגעקומען אין אַ גרויסן חתונה־זאַל, אין דער יידישער

געגנט, דאַכט זיך, אויף נאָוואָליפּיע. די „כּלה“ איז געווען די חבר־טע גרוזעל, די לערערין; דער כּלומרשטער „חתן“ איז געווען טאַקע ליפּע נאָוואָגרודסקי. דער גרויסער אַרבעטער־עולם אָבער האָט ניט געוואָלט וויסן, צי ניט געוואוסט, אַז עס איז אַ חתונה. פֿאַר אים איז דאָס געווען אַ ליטעראַרישער אָוונט, אויף וועלכן פּרץ, ספּעק־טאָר (אים האָב איך שוין צוגעצויגן צו דער אומלעגאַלער פֿאָר־לעזונג, ווי איך וועל שפּעטער דערציילן) און אַנדערע וועלן פֿאָרלעזן.

פּרץ איז אָנגעקומען אַ פֿאַרפּוצטער. אין לאַץ אַריינגעשטעקט אַ רויט בלימל. מען האָט אים אויפגענומען זייער פֿייערלעך. פֿאָרגע־לייענט האָט ער „די פֿרומע קאַץ“. קיין גרויסן ערפֿאָלג האָט ער מיט זיין פֿאָרלעזונג ניט געהאַט. ערשטנס, אַ צו־סכעמאַטישע זאַך און ס'האָט ניט גערעדט צום האַרץ פֿון די מאַסן; צווייטנס, האָט ער נאָך ניט באַהערשט די קונסט פֿון פֿאָרלעזן... דער אומערפֿאָלג האָט אים פֿאַרדראָסן, ווער רעדט נאָך, אַז דער צווייטער אויפֿן פּראָגראַם, מ. ספּעקטאָר, האָט פֿאָרגעלעזן זיין דערציילונג „אַ שטריק ביי קבצנים“ און האָט שטאַרק אויסגענומען, ווייל ערשטנס איז די דערציילונג געווען זייער צוגענגלעך פֿאַר די מאַסן, סיי מיט איר טיטל, סיי מיט איר אינהאַלט, און צווייטנס, האָט ער געלעזן לאַנגזאַם, און באַטאָנט יעדעס וואָרט.

באַלד איז אָנגעקומען מיין ריי, אָבער אין זאַל איז פּלוצים געוואָרן טומלדיק, אומרויִק. איינער האָט צווישן די פֿאַרזאַמלטע דער־קענט אַ שפּיאָן...

און דער עולם האָט זיך ביסלעכוויז אַרויסגערוקט פֿון זאַל.

פּרץ, אין דער באַגלייטונג פֿון מיר און נאָמבערגן, איז געגאַנגען אַהיים אַן אומעטיקער און אַן אויפגערעגטער. ניט וואָס דער אָוונט האָט זיך ניט איינגעגעבן, נאָר עס האָט אים אַליין פֿאַרדראָסן, וואָס זיין „פֿרומע קאַץ“ איז ניט פֿאַרשטאַנען געוואָרן פֿון די מאַסן.

ער האָט זיך אויסגערעדט דאָס האַרץ פֿאַר נאָמבערגן.

נאָמבערג האָט דאַן אויסגעדריקט זיין מיינונג, אַז פּרץ איז ניט פֿאַר די מאַסן.

איך בין געגאַנגען און געשוויגן, זיך ניט געוואָלט און אפשר ניט געוואָגט אַריינמישן. ווייל ווען יאָ, וואָלט איך געמוזט זאָגן מיין מיינונג, אַז די מאַסן פאַרשטייען יאָ אַפילו העכערס, נאָר זיין אויס־וואַל איז געווען ניט קיין געלונגענער; ווען ער לייענט זיי פאַר „באָנציע שוויינ" אָדער אַפילו „דאָס שטריימל", וואָלט מען עס פאַרשטאַנען און אָפּגעשעצט...

אין אַ וואָך אַרום האָט געקלונגען וואַרשע מיט די גרויסע רעוויזיעס און אַרעסטן, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין פאַרבינדונג מיט דער פאָרלעזונג. צווישן די אַרעסטירטע איז אויך געווען פרץ און ספּעקטאָר...

מיך האָט קענטיק דער שפּיאָן נאָך ניט באַוויזן צו באַמערקן. עס האָט פּאַסירט ערשט אַ צוויי מאָנאַט נאָך מיין קומען אין וואַרשע.

אָבער עד־היום פאַרדריסט מיך, וואָס מיר איז דעמאָלסט ניט אויסגעקומען צו ליידן צוגלייך מיט פרץ, מ. ספּעקטאָר און מ. רובינשטיין, וועלכער איז אויך אַרעסטירט געוואָרן. אויך ער האָט ניט באַוויזן פאָרצולעזן, נאָר אים האָט דער שפּיאָן גוט געקענט...

---

# אַכצנטער קאַפּיטל

די באַפרייונג פון די דריי אַרעסטירטע אויף דער פאַרלעזונג, — פּרץ, ספּעקטאָר און מ. רובינשטיין. — מיינע נייע באַקאַנטע רעוואָלוציאָנערן: פידלער, ביינוש, מאַטאָלסקי. — ספּעקטאָר אין זיין היים. — דאָס פּעסעלע ווייך פון בעסאַראַביע. — ספּעקטאָר אין פּרצעס הויז. — דער נייער רעדאַקטאָר פון „יוד" — ד"ר יוסף לוריע. — „דער יוד" אַלס וואָכנבלאַט. — פּרץ לעזט פאַר זיין „חסידישע דערציילונג" און „אויב נישט נאָך העכער". — די באַגייסטערונג פון די צוהערער. — יעקב דינעזאָנס מאָטיוו. — מיין באַזוך ביי ד"ר יוסף לוריע. — שלום-עליכמס רעקאָמענדאַציע. — לידער, וואָס האָבן ניט געקענט געדרוקט ווערן אין „יוד". — פּרץ באַקומט צוריק פון „יוד" זיין ליד „ירמיהוס בריוו". — „דאָס צוואַנציגסטע יאָהרהונדערט".

דער איינדרוק, וואָס עס האָט אויף מיר געמאַכט דער אַרעסט פון י. ל. פּרץ, מ. ספּעקטאָר און מ. רובינשטיין, איז געווען זייער שטאַרק, איבערהויפּט די ערשטע טעג נאָך זייער אַרעסט. געפילן פון שרעק און מוט, געפאַלנקייט און דערהויבנקייט. בלאָנדזשענדיק איבער די וואַרשעווער גאַסן, האָט זיך מיר אַלץ געדאַכט, אָט-אָט שטעלט מען מיך אָפּ אינמיטן גאַס, אָדער אַ שפּיאָן היט שוין מיין וואוינונג, און ווי נאָר איך וועל אַהין קומען, וועט מען מיך אויך אַרעסטירן... עס האָט זיך געוואָלט און ניט געוואָלט אַריינפאַלן אין „זייערע" הענט. פון איין זייט האָט מיך געצויגן צו לעבן, צו פרייד; פון דער אַנדער זייט — האָט זיך געוואָלט ליידן פאַר דער אידעע. וועלכער געפיל עס איז שטאַרקער געווען ווייס איך ניט. איך ווייס בלויז, אַז צו שטאַרק פאָרזיכטיק בין איך דאָך ניט געווען. איך בין אַרומגעגאַנגען מיט מענטשן שטאַרק „קאָמפּראָמעטירטע" אין פּאָליטישן זין, אַריינגעקומען אין וואוינונגען, וואָס זיינען געווען פאַרדעכטיק, וואָס יעדע נאַכט האָט מען דערוואַרט אַן אי-

בערפאַל פון דער פּאָליציי, פון דער זשאַנדאַרמעריע... איך בין אַהין געגאַנגען מיט שרעק און פרייד. ליפּע נאָוואָגרודסקי האָט מיך מיטגענומען צו אַ פאַמיליע פידלער, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ ברודער, טאַקע אַ פידל־שפּילער פון באַרוף, און צוויי שוועסטער, די עלטערע אַ הויך־אינטעליגענטע און אידעאַליסטקע פון העכסטן גראַד און אַ שטאַרק איבערגעגעבענע דער פרייהייטס־באַוועגונג. גענוי אין וואָס איר אַרבעט פאַר דער באַוועגונג איז באַשטאַנען, איז מיר, אַלס נייעם, ערשט אָנגעקומענעם, געווען ניט באַקאַנט, אָבער אין איר צימער, וואו זי האָט געוואוינט מיט איר יינגערער שוועסטער, אַ לערערין פון פּיאַנאָ, האָט זיך געפילט די הייליקייט און אָנגעשטרענגטקייט פון אַרבעט און קאַמף פאַר דער צוקונפט, פאַר דער באַפרייונג פון רוסלאַנד און דער גאַנצער מענטשהייט...

געוואוינט האָבן די צוויי שוועסטער ערגעץ אויף אַ פינפטן שטאָק, אמת, אין אַ גרויסן, רחבותדיקן צימער. קומען צו זיי פלעג איך, ווי געזאָגט, מיט ליפּע נאָוואָגרודסקי, וועלכער האָט מיך דעמאָלסט דערצויגן צו מצוות און מעשים־טובים אין סאָציאַליסטישן זין... כאָטש ער האָט מיר שטענדיק געוואָרנט, אַז איך קען אַמאָל אַריינפאַלן... האָב איך אים טאַקע געוואָלט ווייזן, דעם גוטן און שטאַרק־כאַראַקטערדיקן ליפּען, אַז איך בין אויך ניט פון די שרעקעדיקע און זאָל ער ניט מיינען, אַז פּאָעטן שרייבן בלויז לידער...

— אויב אַזוי, — פלעגט ער מיר זאָגן מיט אַ שטראַלנדיקן שמייכל — טאָ קומט. און פלעגט מיך פירן נאָך צו מער „געפערלעכע“ רעוואָלוציאָנערן...

און איינמאָל האָט ער מיך אַוועקגעפירט אַזש צו נוחן אַליין... דאָס איז דער באַרימטער בונדיסט נות, די קאָנספּיראַטיווסטע און סודותדיקסטע פּערזענלעכקייט אין דעמאָלסטיקן „בונד“... מיט אים זען זיך איז געווען טאַקע אַ פחד, הגם ער אַליין האָט אויסגעזען — און זעט נאָך אויך איצט אויס, אויב אַפילו אַ ביסל גרוי געוואָרן — ווי יעזוס, להבדיל. אַ הויכער, מיט אַ קלאָר פּנים, מילדע אויגן, פון וועלכע עס האָט אַרויסגעקוקט גרויס גוטסקייט און געטריישאַפט. און זיין שטים — אַ באַרויקנדיקע, אַ לאַגאָדנע, אַ גלעטנדיקע... איך האָב דעם דאָזיקן נוחן ליב באַקומען פון דער

ערשטער מינוט, וואָס איך האָב אים דערזען, און אַז ער פּלעגט
בײַ מיר בעטן און אָננעמען אַ ליד פאַר די אומלעגאַלע אויסגאַבן,
איז דאָס פאַר מיר געווען מער ווי אַ גליק, מער ווי אַן ערע. דאָס
איז געווען די העכסטע אויסצייכענונג, וואָס איך האָב געקענט באַ־
קומען... נאָר צו נוחן וועל איך זיך נאָך אומקערן...

אויך האָט מיך ליפּע אין יענער צייט געפירט צו איינעם
ביינוש, אַ שטילער, בלאַסער יונגער בחורל, וואָס האָט אויפן קוק
קיין צוויי ניט געקענט ציילן. איך וואָלט קיינמאָל ניט געגלויבט,
אַז פון אים וועט דאָס אַרויסוואַקסן דער שפּעטער באַוואוסטער „בונ־
דיסט" מיכאַלעוויטש. נאָר ווי מיר דאַכט, איז ער שוין דעמאָלסט געווען
אַ רעוואָלוציאָנער און נאָר־וואָס אַ באַפרייטער פון אַ טערמין טור־
מע, וואָס ער איז אָפּגעזעסן, און ליפּע האָט אים געצערטלט און
געקעכלט ווי אַ חולה... טרעפן פלעג איך אים אין אַ רעסטאָראַן
אויף דזיקע, וואוהין נאָוואָגרודסקי פלעגט מיך פירן מכבד זיין מיט
אַ „היימישן" מיטאָג און אין דער זעלבער צייט זען זיך מיטן זון
פון רעסטאָראַטאָר, מאַטאָלסקי, אַ יונגער, פריילעכער און שטענ־
דיק אַ טעטיקער... פאַר פרעמדע איז דאָס געווען אַ רעסטאָראַן,
אָבער אין דער אמתן אַ „נעסט" פון רעוואָלוציאָנערן, בונדיסטן,
סאָציאַליסטן און אַרבעטער־טוער...

אויך נאָמבערג איז מיט אייניקע פון זיי געווען באַקאַנט. אָבער
צו מיר זיינען זיי נעענטער געווען; ערשט ווען נאָמבערג האָט
אָנגעשריבן זיין „סיבירער לידל" „ס׳לויפן, ס׳יאָגן שוואַרצע וואָלקן",
מיט וועלכער ער האָט זיך אײַנגעקויפט אין רעוואָלוציאָנערן יחוס,
איז ער געוואָרן זייערער אַ שטיקל מקורב און אויך פון אים האָבן
זיי געהאָפּט נאָך צו האָבן נחת. זייער האָפענונג איז אָבער ניט
אינגאַנצן דערפילט געוואָרן.

אַזוי האָב איך שיר ניט געפירט אַ טאָפּלט לעבן: פון איין
זייט — פרומע רעוואָלוציאָנערן, וואָס פאָדערן עברי מיט טייטש —
אַרבעטער־לידער; פון דער אַנדער זייט — עסטעטן, ראָמאַנטיקער,
וואָס פאָדערן ליטער קונסט, פאָרם און שיינקייט...

הערוויל זיינען אַוועק וואָכן, און פּרץ, ספּעקטאָר און מ. רו־
בינשטיין זיינען נאָך אַליץ געזעסן — איך געדענק ניט וואו —

צי אין באַרימטן וואַרשעווער פּאַוויאַק צי אין ציטאַדעל. גרויסן האָב איך פון זיי געהאַט אָפּט, איבערהויפּט פון מ. ספּעקטאָר. כאָטש אַ פאַרגעשריטענער מענטש, אַ ליבעראַל, איז ער באמת אומשולדיק אָפּגעקומען. מאַדאַם ספּעקטאָר, אַז זי פלעגט מיר די ערשטע צייט נאָך דעם אַרעסט באַגעגענען אין גאַס, פלעגט זי זיין זייער אויפגערעגט און בייז.

— אײַך האָב איך עס צו פאַרדאַנקען, וואָס מיין ספּעקטאָר זיצט — פלעגט זי מיך אָנהייבן מוסרן — איר האָט אים אַריינגעפירט...

און ווירקלעך בין איך „שולדיק“ געווען.

מ. ספּעקטאָר, וועלכן איך האָב אויך באַזוכט אין די ערשטע טעג נאָך מיין קומען אין וואַרשע, האָט מיך זייער פריינדלעך אויפגענומען אין זיין וואוינונג אויף נאָוואָליפּיע, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ „נעסט“... אַזוי אינטים, געמיטלעך איז זי געווען. ער האָט שטאַרק גערימט מיין פּאָעמע אין „יוד“ „מיין צוריקקער אַהיים“, און אַלס רעדאַקטאָר פון „הויזפריינד“, וואו ער האָט, אין די לעצטע בענדער, פון מיר געדרוקט איניקע לידער, איז ער שיר ניט געווען שטאָלץ, וואָס ער האָט שוין דאַן פאַרשטאַנען, אַז איך וואַקס אַ לייט... איבערהויפּט האָט ער שטאָלצירט, וואָס ער האָט אַמאָל אָפּגעדרוקט מיינס אַ קליין מיניאַטור-בילדל אין זיינער אַ קליינער זאַמלונג „דער לאַמטערן“ אָדער „דער ווידערקול“ — בלעטלעך, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן נאָכדעם ווי ער איז זיך צעגאַנגען מיט פּרצן אַלס מיטרעדאַקטאָר צו די באַרימטע „יום-טוב-בלעטלעך“. דאָס קליינע, קוים פערציק-שורהדיקע בילדל האָב איך אים געשיקט פון קאָידענאָוו, ווען איך בין אַלט געווען זעכצן יאָר. אָנגעשריבן האָב איך עס אויף אַ פּאָסטקאַרטל מיט קליינינקע אותיותלעך... האָט ער מיך, ביי מיין ערשטן באַזוך ביי אים, מיט פרייד דערמאָנט:

— אַ מעשה — אויף אַ פּאָסטקאַרטל! — האָט ער זיך אָנטציקט, און זיינע שיינע שוואַרצע אויגן האָבן געלויכטן — אָבער איך האָב עס אָפּגעדרוקט, האַ? — האָט ער מיך אָנגעקוקט ווי מיט נצחון, ווי ער וואָלט, הייסט עס, זיך באַרימט, אַז ער האָט דעמאָלסט געוואוסט, וואָס ער טוט...

און ער האָט מיר לאַכנדיק דערציילט, ווי אַזוי ער האָט זיך דאַן מיט דעם פּאָסטקאַרטל אַרומגעטראָגן, געוויזן אַלעמען, אַפילו פרישמאַנען... „נאַט, זעט, אַ מעשהלע אויף אַ פּאָסטקאַרטל און איך דרוק עס אָפּ ...“

און ער האָט זיך צעלאַכט מיט זיין געזונטן געלעכטער...

אָבער בכלל האָט כּפעקטאָר זיך צו מיר באַצויגן ווי צו אַ גלייכן, ניט געשטאָלצירט מיט זיין גרויסן נאָמען, וואָס ער האָט געהאַט ביים פאָלק, כאָטש אין יענער צייט האָט פּרץ און שפּע־טער שלום־עליכם זיין פּאָפּולאַריטעט ביי אַ געוויסן טייל קלענער געמאַכט... זיינע חסידים האָט ער דאָך שטענדיק געהאַט און ער האָט זיך באַנוגנט, ניט געוועלט ביז אויף דער אָנקומענדיקער נייער צייט, וואָס האָט שוין געפאָדערט נייע און אַנדערע מאָטיוון. אָפּשטייַן פון די נייע האָט ער אָבער ניט געוואָלט און איז טאַקע אין געוויסע הינזיכטן ניט אָפּגעשטאַנען.

דערפאַר אַז איך האָב זיך אונטער־גענומען אויף דעם פּאַרלאַנג פון פרוי גרוזעל צו באַקומען אויך כּפעקטאָרן אויף דער אומלע־גאַלער פּאַרלעזונג, האָב איך מיין שליחות אויסגעפירט בשלמות.

אָבער אַז מ׳האָט אים דערנאָך אַרעסטירט, האָט מיר שוין אַליין שטאַרק וויי געטאָן. און ווען מאַדאַם כּפעקטאָר, אַזוי זייער אַ גוטמוטיקע, פריינדלעכע און ליבנסווערדיקע פרוי, האָט אויף מיר געקוקט ווי אויף דעם שולדיקן, האָט עס מיר טאָפּלט וויי געטאָן.

אָבער אַז אין דריי מאָנאַטן אַרום זיינען די אַלע אַרעסטירטע באַפרייט געוואָרן, און כּפעקטאָר אויך צווישן זיי, און איז אַרויס גאַנץ אין גוף און אין נשמה, האָט ער אַליין צו מיר ניט נאָר קיין טענות ניט געהאַט, נאָר פאַרקערט, מיר דאַנקבאַר געווען...

— הערט איר, רייזען, אַ שרייבער דאַרף אַלעס דורכמאַכן! — האָט ער מיר געזאָגט ביי מיין ערשטער באַגעגעניש מיט אים נאָך זיין באַפרייונג — אַיי, טעמעס, טעמעס! — האָט ער זיך אַנטציקט.

און ווירקלעך האָט דער טאַלאַנטפולער כּפעקטאָר שפּעטער־צו פאַרעפנטלעכט אין „יוד“ אַ ריי פּרעכטיקע בילדער פון טורמע־לעבן אונטערן טיטל „אַליין“...

האָט שוין מיר אויך מאַדאַם ספּעקטאָר פאַרגעבן, און אַז איך פלעג נאָכדעם אַריינקומען צו זיי אין וואוינונג, אַ ריינע, אַ ליכטיקע, אַ ציכטיקע, וואו עס איז געווען שטיל און געמיטלעך, — פלעגט זי מיר שוין באַגעגענען מיט איר ליבן און פריינדלעכן שמייכל, ווי „איר" ספּעקטאָר וואָלט קיינמאָל חלילה ניט געווען, צוליב מיר, אין טורמע...

און ספּעקטאָר אַליין, אַ רויק-צעשטרייטער, אַ פולער מיט טעמען און ליטעראַרישע פּלענער אין קאָפּ און מיט פרייד אין האַרצן, פלעגט גאָרניט וויסן, וואו צו זעצן מיך און ווי אַזוי מיך אויפצונעמען:

— גיב אים עפּעס פון די גוטע זאַכן, וואָס דו האָסט... גיב אים, ער איז ווערט... פלעגט ער זיך פרייליך ווענדן צו מאַדאַם ספּעקטאָר — אַי, זיין „שמעק טאַבאַק"... עס איז גוט, ס'איז גוט! אָט דאָס האָב איך ליב...

צום סוף כאַפּט ער זיך, אַז פאַרענדיקט איז די דערציילונג מיינע ניט גוט...

— דער סוף איז אַ לאַטע, איר פאַרשטייט — אַ לאַטע!

— פאַרוואָס? — פאַרטיידיק איך זיך, שיר זיך ניט באַליידיקט ווערנדיק...

— איר פאַרשטייט, ווען דער מלמד, ווי הייסט ער דאָרטן — האַ, איך האָב פאַרגעסן זיין נאָמען... גרונם? יאָ, גרונם... ווען ער צעגיסט זיך, האַ? צו-וואָס האָט איר עס געדאַרפט?... אָבער די זאַך איז אַ פּערל, איר הערט, רייזען, אַ פּערל...

— נו, גיב אים עפּעס, — האָט ער זיך ווידער געווענדט צו מאַדאַם ספּעקטאָר...

מאַדאַם ספּעקטאָר דערלאַנגט כיבוד... עטלעכע פיינע שטיקלעך שמרודל אויף אַ טעלער מיט אַ גלאָז טיי, אָבער שוין איינמאָל טיי, ווי וויין. און אַז עס קומט שוין צו רייד וועגן וויין, האָט טאַקע ספּעקטאָר זיך באַרימט, אַז ביי אים איז שטענדיק דאָ אַ פעסעלע וויין אין הויז, וואָס אַ בעסאַראַבער חסיד זיינער שיקט אים צו אַלע יאָר אַ מתנה...

געדענק איך אָבער ניט, צי האָב איך יאָ אַמאָל פּאַרזוכט אַ ביסל ווייַן פון דעם פּעסעלע צי ניט... דעמאָלסט האָב איך נאָך קיין ווייַן בכלל ניט געטרונקען...

נאָר צו וואָס ווייַן, אַז ביי ספּעקטאָרן צו זיצן אַ שעה צייַט און הערן זייַנע פּשוטע אָבער קלוגע און אַמאָל טרעפנדיקע באַמערקונגען וועגן ליטעראַטור און מענטשן איז געווען פּונקט אַזוי גוט ווי ווייַן. איך פלעג אָנקוועלן פון אים, פון זייַן געזונטקייט, פּשוטקייט און אויפריכטיקייט...

— נו, יאָ... פּרץ... פלעגט ער אַמאָל אַ זאָג טאָן... אַוודאי... ער איז דאָך אַ רבי... איך קען ניט זייַן קיין רבי און וויל ניט זייַן קיין רבי... איך האָב עס ניט ליב... איך האָב פיינט אָנשטעל!

אין זייַנע באַמערקונגען וועגן פּרצן איז אָבער ניט געווען קיינמאָל קיין שנאה, קיין קנאה... אַדרבא, אין זייַן קריטיקירן פּרצן האָט געקלונגען אַ נאָטע פון ליבע צו אים. נאָר גלאַט אַזוי, צו וואָס איז דער אָנשטעל...

— פּרץ, למשל, טענהט ער, האָט ליב אַמאָל, צוליב אָנשטעל, אויפנעמען אַ מענטשן אָט אַ האַלב־אָנגעטאָנענער... איך ניט... צו וואָס...

איך פאַרענטפער פּרצן... אַדרבא, ווען איך קום צו פּרצן — זאָג איך — איז ער אָנגעטאָן אַפילו אין קראַגן און קראַוואַט...

— ווייסט איר ניט... דינגט זיך מיט מיר ספּעקטאָר — ער האָט זיך ליב אַמאָל אַרומשפּאַצירן אין הויז אַפילו אָן אַן אייבערהעמד... אַ קאַפּריז אַזאַ פון אַ זשעני... איר פאַרשטייט...

זעט ער אָבער, ספּעקטאָר, אַז איך קען זייַנע רייד שלעכט אויסטייטשן, צעשמייכלט ער זיך נאָך שטאַרקער, קלאַפּט מיר איבערן פּלייצע און זאָגט:

— שרעקט זיך ניט, רייזען, איך האָב אים ליב פּונקט ווי איר — ער איז אַ גרויסער שרייבער און אַ גרויסער מענטש, נאָר איך האָב ניט ליב דעם אָנשטעל...

אפשר קלינגט עס מיט רכילות. אָבער עס איז דאָך כדאי צו דערציילן... ספּעקטאָרס באַציִונג צו פּרצן איז געווען זייער טשיקאַווע; ער האָט אים ליב געהאַט און דאָך ניט געקענט פאַרטראָגן

פּרעצעס האַלטונג. אים האָט זיך אַלץ געדאַכט, אַז פּרץ איז אַ בעל־גאווה, כאָטש פּרץ איז געווען באַשיידן אויף אַן אַנדער אופן...

פּרץ אָבער פלעגט ריידן וועגן ספּעקטאָרן מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל, קיינמאָל אים ניט מבטל געווען, נאָר אַמאָל זיך געווויצלט איבער ספּעקטאָרס פּשטות...

פונדעסטוועגן, אַז ספּעקטאָר איז אַמאָל אַ שבת געקומען צו פּרצן — דאָס איינציקע מאָל טאַקע, וואָס איך האָב אים געזען ביי פּרצן — איז פּרץ געווען אין אַ באַזונדער גוטער שטימונג. עס האָט זיך געפילט אַ גרויסער גאַסט אין הויז... עס זיינען געווען נאָך איניקע וויכטיקע מענטשן — אָבער פּרץ האָט אים אויסגעהערט אויפמערקזאַם, צוגעשאָקלט פּאָרזיכטיק אויף אַלץ, וואָס ספּעקטאָר האָט גערעדט — מיטן קאָפּ, אַמאָל פּאָרזיכטיק עפּעס איינגעווענדט אַנטקעגן, אָבער מיט גרויס דרך־ארץ צו ספּעקטאָרן, צו דעם אויטאָר פון „יידישן מוזשיק“, „יידישע סטודענטן“ און „יידישע טעכטער“, „ר׳ טרייטל“, „אַ וועלט מיט וועלטעלעך“, „דער שטומער גוטער ייד“ און אַנדערע וויכטיקע ראָמאַנען און דערציילונגען...

יענער שבת, ווען איך האָב געזען ספּעקטאָרן ביי פּרצן, איז מיר געבליבן שטאַרק אין זכרון. עס איז מיר געפעלן געוואָרן ספּעקטאָרס נאַטירלעכע האַלטונג, זיין הכּרשע באַציִונג, זיין נישט־אונטערטעניקייט און נישט־געפאַלנקייט פאַר לומדות און אויטאָריטעט. עס איז געווען אַ קוואַל, וואָס האָט גאָרניט בדעה אַריינצופאַלן אין גרויסן ים און פאַרשלונגען ווערן אין זיינע שטאַרקשלאָגנדיקע כוואַליעס... אויך האָט מיר הנאה געטאָן, וואָס פּרץ, אי דער למדן, אי דער רבי, איז דאָך געווען באַשיידן אויפצונעמען ווי געהעריק, ווי אַ גלייכן איינעם, וואָס געהערט צו אַן אַנדער ריכטונג און מיט אַנדערע השגות.

* * *

נאָך דער באַפרייונג פון טורמע איז פּרץ געוואָרן מוטיקער און ענערגישער ווי פאַר דעם, הגם פון טורמע איז ער אַרויסגעגאַנגען אַ ביסל פאַרעלטערט, דער „טשופּ“, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פון פאָרנט פון זיין קורץ־געשוירענעם קאָפּ — אַ ביסל באַזילבערט... אַז איך

בין געקומען דעם ערשטן שבת נאָך דער באַפרייונג צו באַגריסן אים און האָב דערזען אַט־דאָס ביסל זילבער, האָט מיך אָנגענומען אַ טיפער ווי... אָבער עס איז בלויז געווען דער ערשטער איינדרוק; גייסטיק איז נאָך פּרץ יינגער געוואָרן. וועגן טורמע האָט ער כמעט ניט דערמאָנט, ער האָט בלויז גערעדט וועגן געוויסע ליטעראַרישע אַרבעטן און פּלענער אויף ווייטער.

אויף זיין גרויסן שרייב־טיש, וואו ער איז געשטאַנען אַ ביסל אָנגעבויגן, זיינען געווען אָנגעוואָרפן אַלערליי בראָשורן, העפטן און זשורנאַלן, וואָס עס האָבן זיך אָנגעזאַמלט אין די דריי חדשים, וואָס ער איז געזעסן אין טורמע. צווישן זיי עטלעכע נומערן „יוד", שוין אונטער דער נייער רעדאַקציע פון יוסף לוריע, וועלכער האָט זיך באַזעצט אין וואַרשע. „דער יוד" האָט שוין אויך אָנגעהויבן צו ערשיינען אָנשטאָט איינמאָל אין צוויי וואָכן — וועכנטלעך.

פּרץ איז אָבער מיט די נייע נומערן, דורכבלעטערנדיק זיי, ניט געבליבן צופרידן. דער זעלבער ציוניסטישער און נאַציאָנאַליסטישער אינהאַלט. אַ פּאָר אַרטיקלען וועגן העברעיש און ציוניזם האָבן אים אַפילו שטאַרק אויפגערעגט... אויך ער, ווי איך און נאָמבערג, האָט געבענקט נאָך אַ פרישן וואָרט...

פון די „קולטור־בלעטער", וואָס ער האָט פריער געפּלאַנט אַרויסגעבן, האָט זיך גאָרניט אויסגעלאָזט. די אורזאַך איז מיר עד־היום אומבאַקאַנט. דער טריב צו שאַפן איז אָבער ביי פּרצן געווען זייער גרויס. פול מיט אידעען, בילדער און געשטאַלטן, האָט ער זיך געמוזט איבערגעבן „דעם יוד". די ערשטע דערציילונג פון דער נייער ריכטונג אין זיין שאַפן איז געווען „אויב נישט נאָך העכער"...

ווי איצט געדענק איך דעם שבת, ווען פּרץ האָט די דאָזיקע באַרימט־געוואָרענע מעשהלע דורכגעלייענט פאַר יעקב דינעזאָן, נאָמבערג, דעם נייעם רעדאַקטאָר פון „יוד", ד"ר יוסף לוריע, און פאַר מיר. ער האָט עס געלייענט מיט שטאַרקער באַטאָנונג און מיט זיין לייענען צוגעגעבן דער מעשהלע מער הומאָריסטישן טאָן, ווי פּאַטעטישן... די פּאַטעטישקייט האָבן שוין נאָכדעם די אַנדערע, זיינע חסידים, אַריינגעטייטשט.... די שטעלן וועגן „ליטוואַק" האָט ער

געלייענט מיט אַ שמייכל און אַמאָל אויפגעהויבן די אויגן צו מיין זייט, ווי ער וואָלט געטריבן שפּאַס מיט מיר, כאָטש דינעזאָן איז אויך געווען אַ ליטוואַק... אַז ער האָט געענדיקט, זייענען די אַלע צו־הערער געבליבן זיצן ווי צוגעשמידט צו די ערטער. דער פינאַל איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז זיי האָבן ניט געקענט צי ניט געוואַגט צעשטערן די שטימונג מיט אַ וואָרט...

באַלד אָבער האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן מיינונגען נאָך מיינונ־גען, נאַטירלעך — באַגייסטערטע. דינעזאָן האָט אַפילו געשיינט פאַר גדולה... אפשר איז דאָס געווען זיין מאָטיוו?... דעם מאָטיוו פאַר אַ צווייטער מעשהלע פון דעם זעלבן מין — „אַ גילגול פון אַ ניגון", אַ גרעסערע און נאָך אַ העכערע, האָט טאַקע דינעזאָן אים געגעבן. פּרץ האָט זי אַפילו אים געווידמעט און צוגעשריבן צו דער ווידמונג „פון דיינע ציגל — אַ הויז". אין די געזאַמלטע ווערק איז די דאָזיקע מאָטאָ און דאַכט זיך אויך די ווידמונג אַרויס־געפאַלן...

פּרץ האָט רויק געשמייכלט... אויפגענומען אַלע מיינונגען און ס׳זאָל פּרווון זיין קענטיק אויף אים: איך האָב שוין ניט גע־פילט פאַר מיין פליכט צו רימען באַזונדער. פאַר מיר האָט שוין יוצא געווען דינעזאָן, נאָמבערג און די איבעריקע. געוויס איז מיר די מעשהלע „אויב נישט נאָך העכער", און איבערהויפּט נאָך אין פּרצעס גלענצנדער פאָרלעזונג (אין דער היים ביי זיך האָט ער געלייענט וואונדערלעך גוט) שטאַרק געפעלן געוואָרן, אָבער אַזוי אַנטציקט ווי די איבעריקע בין איך דאָך ניט געווען. און אפשר האָט מיך העמאָלט פאַרדראָסן, וואָס דער פּוילישער פּרץ לאַכט אַזוי אָפּ פון אַ ליטוואַק און שילדערט אים פאַר אַזאַ טרוקענעם, מעג זיין אַפילו אַז דער ליטוואַק ווערט אַ בעל־תשובה און שרייט אויס: „אויב נישט נאָך העכער"...

געוויס איז מיר געפעלן געוואָרן די אידעע, וואָס דער רבי, דער העלד פון דער מעשהלע, אָנשטאָט אויפצושטיין און גיין צו סליחות, גייט ער גאָר אַוועק אין וואַלד, האַקט אָן האָלץ און נאָכדעם טראָגט ער עס אַוועק צו דער אָרעמער אַלמנה אין קאַלטן

שטיבל און הייצט דאָרט אויס דעם אויוון. אָבער די גאַנצע חסידישע פּאָרם צו דער מעשהלע האָט מיך ניט גענומען.

די דערציילונג האָט ד״ר יוסף לוריע גלייך אָפּגעדרוקט אין „יוד“... פאַר „דעם יוד“ איז געווען אַוודאי געוואונטשן אַזאַ מין דערציילונג. די ציוניסטישע אַרויסגעבער האָבן זיך מיט איר געקוויקט. אָבער אויך די ראַדיקאַלע לעזער האָבן דאָ געזוכט סאָציאַלן און אַלמענטשלעכן אינהאַלט, בפרט אַז פּרץ — דער דיכטער פון „באָנציע שוויַיג“ — האָט עס געשריבן, איז עס געווען אַוודאי כשר, און אַפילו ליפּע נאָוואָגרודסקי האָט, לויט איך געדענק, שטאַרק הנאה געהאַט פון „אויב נישט נאָך העכער“....

אַוודאי איז מיר דאָס חסידישע לעבן געווען באַקאַנט. פאָרט איז אין מיין שטעטל געווען אַ חסידישער רבי פריער ר׳ אַהרעלע און נאָכדעם זיין זון, ר׳ יוספּקע. אַלס ייִנגל און אַפילו שוין אַלס דערוואַקסענער בחור פלעג איך אַלע שבת נאָכמיטאָג גיין אין שטיבל, זען ווי דער רבי פּראַוועט דעם טיש, „הערן“ זיין תורה און ווי אַזוי די חסידים האָרכן מיט פאַרגלאָצטע אויגן און אָנגעשפּיצטע אויערן. איך האָב אויך ליב געהאַט אַמאָל אַריינקוקן אין געוויסע חסידישע ספרימלעך, וואָס געפינען זיך אין „שטיבל“, און אַמאָל הערן די חסידים אַליין דערציילן חסידישע מעשיות פון אַלערליי רביים... אָבער אַפילו ייִנגלוויַיז בין איך געווען בלויז אַ באַאָבאַכטער, אַ צוהערער, אַ נייגעריקער, אָבער ניט געקענט דורכגעדרונגען ווערן פון דער דאָזיקער פרומערשטער שיינקייט און טיפקייט... גיכער האָט מיך גערירט און „גענומען“ דער שטילער מתנגדישער רב פון אונזער שטעטל, ר׳ אברהם-מאיר העלער, וואָס איז געווען באמת אַ הייליקער, זיך באַנוגנט מיט די אָרעמע שכירות, ניט געקלאָגט זיך קיינמאָל אויף זיין אָרעמקייט. אַ שטילער, אַ צונויפגעדרייטער, פלעגט ער אַריינקומען אין בית-מדרש, גוי ער וואָלט ניט געוואָלט, מען זאָל אים באַמערקן, און זיך מיטן פּנים צום וואַנט אַוועקשטעלן אויף זיין „שטאָט“ אָדער נאָך שטילער זיך אַוועקזעצן ביי אַ ספר, אויב ס׳איז נאָך געווען פאַרן דאַוונען, און לערנען שטיל, קוים, קוים וואָס מען האָט אים געהערט...

האָב איך זיך חלילה ניט אָנגעשטעקט, אויך שפּעטער, פון

דעם חסידישן גייסט, האָט עס אַפילו געמעגט זיין אין דער באַלייכטונג און דער געלייטערטקייט פון פּרצעס גרויסע און ליכטיקע שאַפונגען פון דעם מין.

* *
*

דער נייער רעדאַקטאָר פון „יוד", ד״ר יוסף לוריע, וואָס איז געווען אומבאַקאַנט אין דער יידישער ליטעראַרישער וועלט, האָט זיך געפילט עטוואָס נכנעדיק אין זיינע רעדאַקטאָרישע באַציִונגען, ניט נאָר צו פּרצן, נאָר אַפילו צו מיר. פּערזענלעך איז ער געווען אַ זייער ליבער, גוטער און באַשיידענער מענטש. זיין טיטל דאָקטאָר האָט ער געטראָגן אָן גאַווה. נאָך ניט געניט אין דער יידישער ליטעראַטור, האָט ער אָנגענומען „זאַכן" פאַרן „יוד" בלויז פון באַרימטהייטן. וואָס אָנבאַטרעפט מיך, האָט ער שוין געוואוסט, אַז מיינע דערציילונגען און לידער נעמען אוים ביי די לעזער און דאָס איז שוין געווען גענוג פאַר אים, אַז ער זאָל מיך דרוקן וואָס אָפטער, בפרט אַז אונטער זיין רעדאַקציע הייבט אָן „דער יוד" אַרויסצוגיין וועכנטלעך. די פּערספּעקטיווע איז געווען פאַר מיר אַ פאַרלאָקנדיקע. אָבער אויך אונטער ד״ר לוריעס רעדאַקציע האָט דאָך ניט אַלץ פון מיר געקענט געדרוקט ווערן אין „יוד", איבערהויפּט יענע לידער מיט די אויסגעשפּראָכענע סאָציאַלע טעמען. אַזעלכע האָב איך צו אים אַפילו ניט געטראָגן, סיידן אַמאָל אַזוי זיך געוויזן אים ווי אַן אייגענעם מענטשן... אַזאַ מין ליד פלעגט ער דורכלייענען, רימען עס און שיר ניט ווי מיט אַ זיפץ זאָגן:

— יאָ, וואָס העלפט עס אָבער — ס׳איז ניט פאַרן „יוד"...

ער אַליין וואָלט שוין אפשר יאָ אָפּגעדרוקט: ניט קוקנדיק אויף זיין ציוניזם, איז ער אויך געווען ניט אָן ס׳מפּאַטיע פאַר נייע און ראַדיקאַלע אידעען און שפּעטער האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין דער ציוניסטישער לינקער פראַקציע, — אָבער די אַרויסגעבער פון „יוד" האָבן אים שטאַרק קאָנטראָלירט... אָפיציעל איז ער טאַקע געווען דער איינציקער רעדאַקטאָר, אָבער דער שעף פון „אַחיאָסף", קאַפּלאַן, איז געווען ניט נאָר דער פינאַנציעלער בעל־דעה, נאָר אויך דער טאָנגעבער אין דער ריכטונג פון דער צייטונג.

מיט דער ערשיינונג פון „יוד" אַלס וועכנטלעכע צייטשריפט און

אונטער ד״ר יוסף לוריעס רעדאַקציע איז דאָך מיין מאַטעריעלע לאַגע עטוואָס בעסער געוואָרן.

ביי דעם ערשטן אָפּיציעלן באַזוך, וואָס איך האָב געמאַכט, טאַקע אין דער אַדמיניסטראַציע פון „אַחיאָסף״, וואו ער האָט געהאַט אַ באַזונדערן גרויסן צימער, — האָט ער מיך דייער פריינדלעך אויפגענומען. אויף דעם שרייבטיש, וואו ער איז געזעסן, זיינען געווען אויסגעשפּרייט פאַרשיידענע מאַנוסקריפּטן, צווישן זיי אויך איינציקע מיינע געשריבענע לידער... איך האָב זיך פאַרוואונדערט, ווי קומען זיי איצט אַהער; איך האָב זיי אין „יוד״ קיינמאָל ניט געשיקט, אַפילו צו ראַווניצקין ניט... האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אָט די לידער האָט איבערגעשיקט שלום-עליכם צו ראַווניצקין מיט אַ רעקאָמענדאַציע, אַז ער קען זיי בלי-ספק דרוקן.

איך האָב די לידער איבערגעקוקט — אַלטע לידער, אַ צאָל פון יענע, וואָס איך האָב געשיקט פון מינסק צו שלום-עליכמען אויף מבינות און אויף וועלכע ער האָט מיר אַפילו ניט געענטפערט. ד״ר לוריע האָט שוין אייניקע פון זיי אַפילו אויסגעקליבן צו דרוקן אין „יוד״, אָבער איך האָב זיי אַליין פאַרבראַקירט.

— איך האָב איצט בעסערע — האָב איך אים פאַרזיכערט.

איין ליד פון יענע האָט ער דאָך פאַרהאַלטן און עס שפּעטער פאַרעפנטלעכט, איז עס אויסגעקומען, ווי איך וואָלט געגאַנגען אין מיין שאַפן צוריק. אַ גליק, וואָס אין אַ צוויי וואָכן אַרום האָט ער שוין פאַרעפנטלעכט איינס פון מיינע נייערע לידער און איך בין ווידער געגאַנגען פאָראויס...

עס איז נאָך אָבער אַליץ ניט געווען פון די לידער, וואָס האָבן מיך געמאַכט ווי אַן „אייגענעם״ ביי די מאַסן.... דאָס ליד „אַ יידישע פרוי״, אין נומער 21 „יוד״, האָט שוין יאָ געפונען אַן אָפּקלאַנג צווישן די אַרבעטער-מאַסן און זייערע פריינד, כאָטש דער אינהאַלט איז געווען מער פאָלקסטימלעך, ווי סאָציאַל...

„פלעגסט מיר אויסדערציילן
דיינע צרות פעק,
ווי עס איז דיין לעבן
טרויעריק אַוועק.

און ווי נאָכדעם האָסטו
חתונה געהאַט
און פאַרוועלקט געוואָרן
ווי פון בוים אַ בלאַט.

— — — — — — — —

פריער פון דער שוויגער
און פון מאַן דערנאָך,
און פון אָרעם לעבן,
און פון שווערן יאָך.

„אַ געזינד זאַלבע אַכט“, וואָס איך האָב אין יענער צייט אָנגעשריבן, האָט ד״ר יוסף לוריע שוין מורא געהאַט צו דרוקן, הגם נאָך איצט איז מיר ניט באַקאַנט די אורזאַך: פאַרוואָס? אפשר איז שוין צו שאַרף אַנטפּלעקט געווען די אָרעמקייט פון דעם לעבן פון די מאַסן? אָדער ער איז געוואָר געוואָרן, אַז פּרצן איז דאָס דאָזיקע ליד, „אַ געזינד זאַלבע אַכט“, ניט געפעלן געוואָרן... קו־מענדיק אין אַ שבת צו פּרצן און עס פאָרגעלעזן פאַר אים, האָט פּרץ געזאָגט:

— נאַפּיסאַנאָ טאָפּאָראָם (אָנגעשריבן מיט אַ האַק). איך האָב בלויז צוגעשמייכלט.

מיט פּרצעס מיינונג האָט זיך ד״ר יוסף לוריע שטאַרק גערעכנט, הגם אויך אים — פּרצן אַליין — פלעגט ער זיין געצוואונגען, צוליב דער קאָנטראָלע פון די באַלעבאַטים פון „אַחיאָסף“, די אַרויס־געבער פון „יוד“, צוריקקערן דאָ אַ ליד, דאָ אַ דערציילונג, דאָ אַ פעליעטאָן...

אַזוי, למשל, האָט ער פּרצן אומגעקערט זיין באַרימטע און וואונדערלעכע פּאָעמע „ירמיהוס בריוו“ און אַנדערע לידער און קליינע דערציילונגען, וועלכע זיינען שפּעטער געווען געדרוקט אין זאַמל־בוך „דאָס צוואַנציגסטע יאָרהונדערט“, וואָס איך האָב אַרויסגעגעבן דעם ערשטן ווינטער, נאָך מיין קומען אין וואַרשע, אין יאָר 1900— דאָס הייסט, טאַקע אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט...

---

# ניינצנטער קאַפּיטל

מיינע ערשטע טריט אַלס רעדאַקטאָר. — מיין ערשטער און לעצטער „מעצענאַט“. — דיכטער אין קויפמאַן. — איך פרעג אַ שאלה ביי פּרצן. — דער „רבי“ הייסט. — מיינע צרות מיטן יידישן צענזאָר. — דער גרויסער האָנאָראַר פאַר פּרצן. — די געהיימניספולע פּריילין. — מיין וואוינונג ביים סטאָליער. — די „רעדאַקציע“ פון „צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט“.

דער פאַרלאַנג אַרויסצוגעבן אַ זאַמלבוך, וואָס זאָל אָפּשפּיגלען די אַלגעמיינע שטרעמונגען און אידעאַלן פון דער נייער צייט, האָט מיך ווי פאַרפאָלגט. אמת, די אידעע, וואָס האָט געזאָלט זיך דורכציען דורכן זאַמלבוך ווי אַ רויטער פאָדעם, איז מיר ניט געווען קלאָר. פון איין זייט בין איך געווען דורכגעדרונגען מיטן סאָציאַליסטישן געדאַנק, פון דער אַנדער זייט בין איך אויך פאַרכאַפּט געוואָרן פון די שטרעמונגען, וואָס עס האָבן דאַן געהערשט אין דער שיינער ליטעראַטור, וואָס זיינען אין פילע הינזיכטן געווען אין קעגנזאַץ צום סאָציאַליזם און צו דער אַרבעטער־באַוועגונג בכלל. ניט אַלץ, וואָס איך האָב דאַן דערציילט אין געזונגען, איז געווען כשר פאַר די צום קאַמף אויפגעוואַכטע מאַסן און פון דער אַנדער זייט — ניט גענוג „שיין“ פאַר די עסטעטיקער... הגם די איבערהאַנט האָבן גענומען די סאָציאַלע מאָטיוון, אָבער דאָס אינדיווידועלע אין מיר האָט אויך ניט געשוויגן, געפאָדערט אויסדרוק און פאָרם...

איינס נאָר איז מיר געווען קלאָר: דאָס זאַמלבוך מוז ניט נאָר פאַרטיידיקן יידיש, כשרן איר באַרעכטיקונג אויף עקסיסטענץ, נאָר צו אַטאַקירן סיי דעם באַלעבאַטישן העבראיזם פון „יוד“, סיי דעם „ציוניזם“, וואָס זיי ביידע זיינען געווען ענג פאַרבונדן. וואָס אַנבאַטרעפט יידיש, אָדער „זשאַרגאָן“, ווי עס האָט דאַן געהייסן יידיש

אַפילו בײַ זיינע אָנהענגער, — איז עס די שפּראַך, וועלכע מוז פאַר־נעמען אַלע פּאָזיציעס אין לעבן און שאַפן... און דאָס זאַמלבוך אַליין האָט געדאַרפט איבערצייגן אין דער לעבנספעיקייט און גרויס־קייט פון דער יידישער שפּראַך, אין דעם אויסדרוק פון אירע נייע שעפער.

נאָמבערג, וואָס איז געקומען קיין וואַרשע מיט אַ פּאָר יאָר פריער און האָט מיטגעבראַכט אַ פּעקל העברעיִשע שירים, וואָס ער האָט נאָך געשריבן אין פּוילישן קליינשטעטל, האָט שוין אָבער אין יענער צייט אינגאַנצן אויפגעגעבן דעם געדאַנק צו שרייבן אין לשון־קודש און אונטער דער ווירקונג פון פּרצן און אפשר אויך טיילווייז אונטער מיין ווירקונג — האָט ער שוין געשריבן יידיש. איין ליד, „דער נביא“, האָט ער פאַרעפנטלעכט אין „יוד“ און מיט דעם נייעם טאָן האָט דאָס ליד געמאַכט אַ טיפן איינדרוק. „און מעג דער וואָלקן זיין ווי דיק, דאָך שנײַדט אים דורך מיין שאַרפער בליק“....

דאָס איז געווען דאָס ערשטע ליד, וואָס נאָמבערג האָט אָנ־געשריבן אין יידיש. און ניט נאָר פאַר אים אַליין, נאָר אַפילו פאַר מיר, זיין פריינד און אָנהענגער, איז עס געווען אַן איינגענעמע אי־בעררעשונג. אמת, אין זיינע העברעיִשע לידער, וואָס נאָמבערג האָט. ווי אין שפּאַס און מיט גרינגשעצונג, אין אַ קורצער צייט אַרום נאָך אונזער באַפריינדעט ווערן, פאַר מיר פאַרגעלעזן, אַלס ערשטע יינגלישע פּרוון, האָבן זיך געפונען פיל שטעלן און אַפילו גאַנ־צע שירים, וואָס האָבן שוין פאַראויסגעזאָגט דעם דיכטער און דענקער, אָבער קיין רייפקייט איז אין זיי ניט געווען און דערצו אויך לשון־קודש, — זיינען זיי געווען אָן דעם לעבעדיקן חן, וואָס זיינע ערשטע יידישע לידער האָבן פאַרמאָגט.

ווידער האָט מיך געפרייט, וואָס נאָמבערג מיט זיין אָנהייבן שרייבן און דרוקן זיך אין יידיש וועט פון אַ חבר און אַ פריינד ווערן אויך אַ קאָלעגע און אונזער בונד וועט זיך דערמיט פאַר־שטאַרקן, און — וואָס איז דאָ צו לייקענען! — אַזאַ קאָלעגע ווי נאָמבערג איז דעמאָלט געווען אַ נויטווענדיקייט פאַר מיר. אונזערע אינטערעסן זיינען געוואָרן געמיינזאַמער. מיט דעם פאַרעפנטלעכן זיין

ליד „דער נביא" און „יוד" איז זיין באציונג צו דער יידישער שפראך געווארן נאך א געענטערע, א באוואוסטזיניקערע און זיין קאמף פאר איר — אינטענסיווער און הייסבלוטיקער...

אז איך האב אים פארטרויט מיין פארלאנג ארויסצוגעבן א זאמלבוך, האט ער מיר ניט נאר אפגעהאלטן, נאר שטארק גע־מוטיקט. אים איז ניט נאר ווי מיר די ציוניסטישע ריכטונג פון „יוד" ניט געפעלן געווארן, נאר אפילו די ליטעראַרישע זייט פון „דעם יוד" האט אים אויך ניט צופרידנגעשטעלט. זיין ליטעראַרישער געשמאק איז שוין דעמאלט געווען ראפינירט און איבערגעשפיצט. אין מיין זאמלבוך, האט ער געהאפט, וועלן אריינגיין לויטער שיינע זאכן, וואס זאלן דערציען דעם לעזער צו העכערע באגריפן פון שיינקייט.

נאכדעם ווי ער האט פארעפנטלעכט דאס ליד „דער נביא", האט ער אנגעשריבן א מעשהלע אין פראזע, „דאס גליק", א זייער שיינע און פאעטישע זאך פאר יענער צייט. דורכגעלייענט די מעשהלע אין א שבת פאר פרצן און פאר די איבעריקע מקורבים, האט „דאס גליק" שטארק אויסגענומען. נאמבערג האט זיך דערפילט נאך מו־טיקער. די ספקות וועגן זיין טאלאנט, וואס ער האט דורכגעלעבט אין דער שטיל און וואס איך האב זיי שטענדיק געמערקט, זיינען אליין קלענער געווארן. זיין טאלאנט האט זיך אנטוויקלט לאנגזאם, אבער מיט באהאלטענער ענערגיע, מיט אנשטרענגונג, ווי ער וואלט זיינע פונקען געדארפט ארויסבאקומען פון א באהאלטענעם פלאם...

אבער ער האט זיי ארויסגעקריגן!

מיט נאמבערגן ביי דער זייט איז די אידעע פון מיין געפלאנטן זאמלבוך קלערער געווארן און אין ליטעראַרישער הינזיכט — אויס־פירבארער.

עס איז בלויז געווען א פראגע: ווער וועט זיך אונטערנעמען דאס זאמלבוך ארויסצוגעבן? וואו וועל איך נעמען די נייטיקע סומע געלט?...

און ביז די פראגע האט געקענט געלייזט ווערן, איז די אידעע וועגן זאמלבוך געבליבן בלויז א טעמע פאר אן איינגענעמען גע־שפרעך, פאר א ווייטער האפענונג.

יעדעס ליד, וואָס איך האָב דאַן אָנגעשריבן און פאַרן „יוד" איז עס געווען צו־שאַרף, צו־נייַ, צו־רעוואָלוציאָנער, איז געווען אָפּגעלייגט פאַרן פאַרשטייענדיקן זאַמלבוך.

יעדער ענטפער, וואָס עס האָט זיך געוואָלט געבן אויף אַ געוויסן אַרטיקל אין „יוד" וועגן יידיש אָדער אַנדערע קרום־באַלויכ־טענע פראַגן אין „דעם יוד", האָב איך אָפּגעלייגט — פאַרן זאַמלבוך...

ענדלעך האָט זיך אויך געוויזן די האָפענונג צו קריגן די סומע דאָס זאַמלבוך אַרויסצוגעבן.

אַ יונגערמאַן, וואָס פלעגט אַלע אָוונט קומען אין דער ציוני־סטישער קאַפע אויף דזיעלנע גאַס, האָט זיך, פאַרשטעלנדיק פאַר מיר, אַרויסגעגעבן פאַר מיינעם אַ גרויסן חסיד. אָנפאַנגס האָט מיר זיין חסידות ווייניק אינטערעסירט. אַ יונגערמאַן אַ באַלעבאַטישער, אַ משכיל, און שיר ניט קיין ציוניסט; אָבער נאָך נעענטערער באַ־קאַנטשאַפט מיט אים האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז דאָך הע־כער פון אַ דורכשניטלעכן באַלעבאַטישן יונגנמאַן.

אַז איך האָב פאַרטרויט מיין סוד וועגן אַ זאַמלבוך, האָט ער אַזש אונטערגעזונגען:

— אַזוי, אַזוי, אַ זאַמלבוך!... איך וואָלט אייך עפּעס גע־געבן...

ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער אַליין שרייבט אויך...

וואָלט דאָס געווען ווייניק גליק. אַ סך באַלעבאַטישע יונגע־לייט פון אָט דעם מין האָבן אין יענער צייט געשריבן — שירים, נאַטירלעך.

אָבער דער יונגערמאַן האָט געהאַט אַ מעלה, וואָס ער האָט די לידער גלייך ניט פאַרגעלייענט, ער האָט בלויז ווי פאַרשעמט זיך מודה געווען, אַז ער זינדיקט אַמאָל אונטער מיט דער פען.

— לידער?

— יאָ, לידער, — האָט ער נאָך פאַרשולדיקטער געענטפערט...

דער יונגערמאַן איז אָבער געווען אָנגעטאָן זייער רייך, און אַלע ווײַלע פלעגט ער פרעגן: וואָס פאַרלאַנג איך צו באַשטעלן. זעלטן אָבער ווען איך פלעג זיין „כיבוד" אָננעמען... דער יונגערמאַן איז

אַפילו געווען אַן אײדעלער, אָבער די ערשטע צייט פרעמד מיין געמיט.

שפעטער האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז דער יונגערמאַן איז זייער אַ רייכער. אַז עס איז געקומען צו רייד וועגן געלט פאַרן זאַמלבוך, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— געלט איז קיין מניעה ניט...

דערהערט אַזאַ מין אָנצוהערעניש, איז מיר דער מענטש אי נעענטער, אי ווייטער געוואָרן. אָדער פאַרקערט, אי ווייטער אי נעענטער.

ווייטער — ווי קום איך צו אַ רייכן יונגנמאַן, און נעענטער — אַלס אַן אַרויסגעבער פון מיין געפּלאַנטן זאַמלבוך.

מיר האָבן זיך צערעדט.

בין איך דערגאַנגען, אַז דער יונגערמאַן איז טאַקע ציוניסטיש געשטימט און ער וואָלט געוואָלט, דאָס זאַמלבוך זאָל אויך זיין ציוניסטיש געפאַרבט.

האָב איך דערזען, אַז דער שידוך איז ניט קיין פּאַסיקער...

אָבער נאָך אַ פּאָר אָוונטן אין לאַנגע שמועסן איז רעכט געוואָרן ביים יונגנמאַן, אַז דאָס זאַמלבוך זאָל זיין אומפּאַרטייאיש.

אומפּאַרטייאיש — לאָזט זיך שוין ריידן....

און אַז איך האָב אים אַריינגענומען אין מיינע הענט, האָט ער שוין אַפילו נאָכגעגעבן, אַז דאָס זאַמלבוך מעג זיין אַפילו פּראָגרעסיוו...

ער אַליין, אַז ער וויל שטאַרק, איז אַ סאָציאַליסט, אַ פריינד פון אַרבעטער זיכער.

און ער האָט מיר שעמעוודיקערהייט גלייך געוויזן אַ ליד, וואו ס'איז דאָ אַ רמז קעגן קאַפּיטאַל.

דאָס ליד האָט געזאָלט אַריינגיין אין זאַמלבוך.

און אויסער דעם ליד פאַרמאָגט ער נאָך אַנדערע לידער...

איז שוין געוואָרן אַ שאלה... און איך האָב זי געפרעגט נאָמבערגן:

— וואָס זאָגט איר, נאָמבערג?

— כ'מיין, וועט איר אַריינגעבן אַ ליד פון אים...

עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז מיט איין ליד וועט מען ניט יוצא זיין.

האָב איך געפרעגט אַ שאלה ביי פּרצן.

— עס איז דאָ, הייסט עס, אַ רייכער יונגערמאַן, וואָס וויל ווערן אַ פאַרלעגער פון אַ זאַמלבוך, אָבער ער שרייבט אויך. איז צי מעג מען צוליב אַ זאַמלבוך פאַרן פאָלק אָפּדרוקן אייניקע לידער שוואַכערע...

— מען מעג... — האָט פּרץ מיט אַ קלוגן שמייכל געפּסקנט...

אָט ווי איצט געדענק איך זיין פּסק־דין און זע דעם קלוגן אויסדרוק אויף זיין פּנים.

ווייל אויך פּרץ האָט געגעבנקט נאָך אַ זאַמלבוך מיט אַן אינהאַלט, וואָס זאָל זיך אונטערשיידן פון „דעם יוד"...

און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן יאָ...

צום גליק האָט זיך דער יונגערמאַן אַרויסגעוויזן פאַר אַ מסתּפּק במועט. די ערשטע צייט האָט ער געגעבן בלויז צוויי לידער און איינס איז געווען אַ נאָכמאַכונג פון אונגאַרישן פּאָעט פּעטעפי — איז עס אַוודאי ניט שלעכט געווען.

דערפאַר אָבער האָט ער אויך זיך ניט געוואָרפן מיט געלט.

זעקס דרוק־בויגן, מער נעמט ער זיך ניט אונטער אָפּצודרוקן.

קיין האָנאָראַר צאָלט מען ניט...

פאַר רעדאַקטירן אַוודאי ניט.

פונדעסטוועגן איז ער קיין גזלן ניט געווען.

אַז דער מאַטעריאַל פאַרן זאַמלבוך האָט זיך צעוואַקסן, האָט ער אַראָפּגענומען די האַנט פון האַרצן און מסכּים געווען אויף נאָך אַ פּאָר בויגן. דער סוף איז געווען, אַז דאָס זאַמלבוך האָט אַנט־האַלטן איבער 9 דרוק־בויגן.

דערפאַר האָב איך אים אַליין געגעבן אַ „צולאָג" — אָפּגע־דרוקט זיינע אייניקע פילאָסאָפישע און סוחרישע אַפאָריזמען און אויבן שער האָט געדאַרפט זיין געדרוקט: „אַרויסגעגעבן פון יוסף קאַפּלאַן"...

און פּרץ האָט עס אַליין מתּיר געמאַכט.

דערפאַר האָט פּרץ געגעבן מאַטעריאַל פון דער פולער האַנט. אַפילו די איבערזעצונג פון מאַריע קאָנאָפּניצקעס דערציילונג „רויך“, וואָס ער האָט געמאַכט זיצנדיק אין טורמע, האָט ער מיר אַוועק־געגעבן פאַרן זאַמלבוך...

אויך דאָס ליד „ירמיהוס בריוו“, וואָס „דער יוד“ האָט אים צוריקגעגעבן.

אַ דריטל פון מאַטעריאַל פון גאַנצן זאַמלבוך האָט געהערט צו פּרצן...

דערצו האָט ער מיר אַוועקגעשענקט אַ דערציילונג פון דוד פּינסקי — „אַלטינקע“, וואָס עס איז ביי אים פאַרבליבן פון די איבערגעבליבענע פּינסקיס זאַכן, ווען ער איז געווען אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער פון פּרצעס „בלעטלעך“.

און אפשר האָט עס שוין פּינסקי צוגעשיקט פון אַמעריקע, פאַר די געפּלאַנטע „קולטור־בלעטער“.

און טאָמער איז נאָך ווייניק געווען, האָט ער מיר צוגעשיקט אַ יונגנמאַן, מיניך, פון זיינע אַמאָליקע מקורבים, ביי וועמען עס האָט זיך פאַרוואַלגערט אַן איבערזעצונג פון מאָפּאַסאַן — אַ דער־ציילונג מיטן נאָמען „שמעונס פאָטער“...

אַוודאי אַ געפינס. מאָפּאַסאַן אויף יידיש — דאָס איז געווען אַ געוואַגטער שריט אין יענער צייט:

באַלד האָבן זיך אָבער אָנגעהויבן די צרות מיטן צענזאָר...

דער טיטל פון זאַמלבוך אַליין „דאָס צוואַנציגסטע יאָרהונ־דערט“ האָט אין אים שוין געוועקט חשד... דערצו איז דאָ צופיל פון פּרצן...

און פּרצן געדענקט ער נאָך פון די „יום־טוב־בלעטלעך“... ער וויל עפּעס ניט דורכלאָזן...

בין איך אַוועקגעלאָפן צו פּרצן:

— ס׳איז שלעכט — דער צענזאָר זאַקס איז זייער שטרענג...

האָט דער רבי אַ שמייכל געטאָן און געגעבן אַ עצה:

— גיט אים אַ צענערל...

איך האָב אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגן. אין אָנהייב האָב איך ניט געגלייבט — אַ צענזאָר זאָל נעמען שוחד.... אָבער אַז פּרץ

דייסט, מסתמא ווייס ער דאָך. בין איך אַוועקגעלאָפן צו יוסף קאַפּ־לאַן, דעם אַרויסגעבער...

און אַרויפקומען צו אים איז מיר געווען ניט אַזוי אײַנגענעם: ער ווי ער, טאַקע אַן איידעלער, זיידענער יונגערמאַן, אַ אידעאַליסט, אַ טרוימער, אַ מענטש, וואָס די רייכקייט שטעלט אים ניט צופרידן און ער זוכט עפּעס העכערס, ווי געשעפט; אָבער דער יוסף קאַפּ־לאַן האָט געהאַט אַ שווער, און אָט דער שווער קוקט אויף מיר זייער קרום. עס דאַכט זיך דעם אַלטן, אַז איך נעם צו דאָס גאַנצע געלט און דערצו שטער איך זיין איידעם אין געשעפט.

און דאָס געשעפט — אין די נאַלעווקעס, איינער פון די גרעס־טע — אַ מאַגאַזין פון אַלערליי שפּיצן, געהעפטע און געשטיקטע, פאָרהאַנגען, טישטעכער, עפּעס מציאות אַזוינע, וואָס מען באַקומט פון לייפּציג. און דער גרויסער מאַגאַזין איז שטענדיק פול מיט קונדן, מען רייסט די סחורה פון די הענט און מען צאָלט אין מזומן — און דאָ קום איך דרייען אַ קאָפּ מיט ליטעראַטור...

דער שווער האָט מיך, דאַכט זיך, ניט שטאַרק ליב גע־האַט...

הערפאַר אָבער יוסף קאַפּלאַן אַליין, ווי ער פלעגט מיך דער־זען, פלעגט גלייך אַרויסגיין פון אונטער דעם „באַר", לאָזן אַלע קונדן פאַר זיין שווער און זיין הויכער שיינער פרוי און פאַר די „מענטשן" זיינע און מיך גלייך פרעגן:

— נו, וואָס?

דערהערט, אַז דער צענזאָר איז שטרענג, איז ער געוואָרן ביי זיך אַראָפּגעפאַלן.

—„אייער ליד „אמת און שקר" — זאָג איך אים אָן — איז ביי אים אויך ניט גאָר כשר...

— אַזוי?... געפעלט אים שוין, וואָס זיין ליד איז אַזוי האַרב...

ס'איז טאַקע אַ שאָד, וואָס ער וויל עס ניט דורכלאָזן. אָבער עס איז אײַנגענעם, וואָס ער, יוסף קאַפּלאַן, דאַכט זיך — אַ גע־שעפטסמאַן, פונדעסטוועגן, אַז ער שרייבט עפּעס אָן, איז עס אַזוי שטאַרק, אַז דער צענזאָר וויל אַזש ניט דורכלאָזן.

און אַז ער געפינט אויס, אַז מיט צען רובל קען מען ראַ־טעווען דאָס ליד, רופט ער מיך אָפּ אין אַ ווינקל — דער שווער זאָל ניט זען, און גיט מיר צען רובל, אי מיט אַ זיפץ, אי מיט אַ שמייכל... האָב איך שוין פאַר די צען רובל אָפּגעראַטעוועט פּרצעס „ירמיהוס בריוו" און „שמאי ראַטמאַן", אין וועלכן דער צענ־זאָר האָט אויסגעפונען אַ גרויסן רעוואָלוציאָנער. אָבער אויך אין נאָמבערגס „גליק" געפינט דער צענזאָר עפּעס פאַרדעכטיקס:

— אָט דער נאָמבערג, זאָגט ער מיר, איז מיר אויך צופיל פאַרשטעלט...

קאָסט שוין נאָמבערגס „גליק" נאָך אַ צענערל. מיינע לידער דווקא האַלט ער פאַר כּשר. איך פיל זיך אַזש באַליידיקט. ערשט־גאָט צו דאַנקען — „דער פאַרפאַראָרענער טייך", אַ ליד אין פּראָזע פון מיר, וועקט ביי אים אויך אַ חשד. צי מיין איך עס ניט רוסלאַנד. איך פאַרזיכער אים, אַז ניט. פונדעסטוועגן האָט ער מיט רויטער טינט אויסגעמעקט אויך ביי מיר עטלעכע צײַלן... האָט עס מיר אי פאַרדראָסן, אי הנאה געטאָן.

און אָט איז שוין דאָס זאַמלבוך באַלד פאַרטיק. די הויפּט־אַרטיקלען זיינען אויסגעזעצט... אַ פּאָר מאַנוסקריפּטן גיב איך זעצן ניט צענזורירט — פּשוט אָפּגענאַרט דעם אַלטן צענזאָר, וועלכער האָט ניט געדענקט פון דאַנען אַהין. דאָס האַרץ האָט מיר אַפילו דערביי שטאַרק געקלאַפּט, אָבער דאָס טראָגן אים יעדן אַרטיקל — איבערהויפּט די „דרויב": די רעצענזיעס, וואָס איך האָב אַליין גע־שריבן און דווקא אין האַרבן טאָן, צו וועלכע ער וואָלט זיכער גע־טשעפּעט זיך און קיין צענערל וואָלט אויך ניט געהאָלפן, — איז מיר שווער געווען. דערפאַר האָב איך אים, דעם צענזאָר, וואָס איז געווען אויך אַ פאַרלעגער פון גרעצס יידישער געשיכטע אין יידיש, וואָס האָט אים אַריינגעטראָגן פיל ריווח, — האָב איך אים מזכּה געווען מיט אַ רעצענזיע איבער דעם דאָזיקן ווירקלעך נוצלעכן ווערק. די דאָזיקע רעצענזיע האָב איך אים דווקא געבראַכט צו צענזורירן, און ער האָט זי דורכגעלאָזן ניט נאָר בחינם, נאָר ער האָט מיך שטאַרק באַדאַנקט...

אויף דעם סמך האָב איך שוין די שאַרפע רעצענזיע אויף די עטלעכע און צוואַנציק נומערן „דער יוד“, וואָס זיינען ביז דאַמאָלסט ערשינען, אים ניט געוויזן. אַז דאָס זאַמלבוך איז אַרויס פון דרוק — און איך האָב ווידער צו אים געמוזט אָנקומען — האָט ער זיך ניט געכאַפּט און האָט שוין געגעבן די ערלויבעניש אַרויסצולאָזן דאָס בוך אויף דער ליכטיקער וועלט...

בטבע איז זאַקס געווען ניט קיין „טרוקענער מענטש“, האָט אַפילו געהאַט אַ געוויסע ליבע צו יידיש, הגם אַלס ציענזאָר האָט ער מיט מיר דאָס רוב גערעדט רוסיש און דווקא מיט אַ שלעכטן אַקצענט און אַפילו ניט גראַמאַטיקאַליש. ער האָט זיך געוואָלט שטענדיק אויספּיינען מיט זיין ליבעראַליזם און מיט זיין ליבע צום פאָלק... נאָכדעם ווי ער פלעגט צונעמען די גאָלדענע צענרובלדיקע, וואָס איך פלעג, אַ שטאַרק פאַרשעמטער, אים איבערגעבן, פלעגט ער מיט מיר אָנהייבן ריידן שוין ניט ווי אַ ציענזאָר, נאָר ווי אַ ייד, וואָס איז אויסן בלויז די טובה פון די שרייבער און פון פאָלק.

* * *

די באַציִונג, וואָס פּרץ האָט געהאַט צו מיר, אין משך פון די דריי ווינטערדיקע חדשים, ווען איך האָב געזאַמלט מאַטעריאַל און רעדאַקטירט דאָס זאַמלבוך, איז געווען זייער אַ פריינדלעכע. אַז איך פלעג אַריינקומען צו אים אין אַ שבת, פלעגט ער מיך אויפנעמען ווי איינעם, וואָס גייט אין זיינע דרכים, אויב ניט ווי אַ שרייבער, איז כאָטש ווי אַן אַרויסגעבער און רעדאַקטאָר... ער האָט טאַקע אַמאָל פייערלעך און טרויעריק זיך אָנגערופן:

— איך האָב שוין גענוג די אַרבעט געטאָן, איצט טוט איר....— דאָס האָט אַוודאי מיר זייער געשמייכלט און עס האָט מיר צוגעגעבן מוט.

יענע שבתים איז טאַקע ביי פּרץ אין הויז פריילעכער געווען ווי שטענדיק. ניט געקוקט, וואָס ער האָט זיך דאַן אין „יוד“ געדרוקט גאַנץ אָפט און דער רעדאַקטאָר יוסף לוריע האָט זיך צו אים באַצויגן מיט דעם געהעריקן דרך-ארץ און פאַרערונג, האָט אָבער פּרץ געצויגן מער צו די ראַדיקאַלע עלעמענטן, צו די, וואָס

קומען עפּעס זאָגן און וואָס זייער וואָרט איז באַהעלט מיט דעם ליכט פון דער נייער צייט.

צו זיינע אַרטיקלען, בילדער און לידער, וואָס ער האָט מיר גלייך געגעבן פאַרן זאַמלבוך און שפּעטער צוגעלייגט נאָך עפּעס און נאָך עפּעס, האָט ער זיך באַצויגן מיט אַ באַזונדערער ליבע... איך האָב אים געמוזט ברענגען די קאָרעקטור פון זיין יעדן אַר־טיקל, דערציילונג און ליד באַזונדער.

אין אַ וואָכנטאָג האָב איך אים די קאָרעקטור געטראָגן אין גמינע. פלעגט ער אַ פריינדלעכער, אַ מונטערער זיך נעמען צו קאָרע־גירן, איבערבייטן ווערטער און גאַנצע זאַצן, אָדער גאָר אַרויסוואַרפן. איינמאָל האָב איך „געוואַגט" אין דער ערשטער קאָרעקטור צו פאַר־ריכטן אים אַ וואָרט, האָט ער מיך נאָכדעם שטאַרק געפייניקט, און ברענגענדיק אים די צווייטע קאָרעקטור, האָב איך זיך פאַר אים, ווי מיט אַ באַגאַנגענער גנבה, מודה געווען:

— אָט דאָס וואָרט — זאָג איך ציטערדיק, — האָב איך גע־ענדערט...

— ווי איז געווען פריער? — האָט ער מיך אָנגעקוקט מיט ערנסט.

— פריער איז געווען באָרען זיך... האָב איך איבערגעמאַכט אויף ראַנגלען זיך.

און איך וואַרט אויף אַ פּסק.

— זייער גוט האָט איר געטאָן... זייער גוט! און ער דאַנקט מיך נאָך דערפאַר...

און ער מורמלט צו, ווי צו זיך:

— וואָס ווייניקער סלאַווישע אויסדרוקן... וואָס ווייניקער...

דערווייל באַמערק איך אים, אַז וועגן דינעזאָנס דערציילונג „יאָסעלע", וואָס איז יענעם ווינטער ערשינען, איז ניטאָ קיין רע־צענזיע...

— איר טאָרט ניט אַרויסלאָזן דאָס זאַמלבוך אָן אַ רעצענזיע אויף „יאָסעלע"... — איז פּרץ גוזר.

— איך האָב ניט ווער,—פאַרענטפער איך זיך.

— און איר אַליין קענט ניט, וואָס? — מוסרט ער און מו־טיקט צוזאַמען — טוט ווי איך האָב אַמאָל געטאָן.

גיט עס מיר צו מוט און אַך גיי אַוועק אַהיים, זעץ זיך אַוועק אין מיין צימערל — וועגן וועלכן איך וועל נאָך שפּעטער דער־ציילן — און שרייב אָן אַ קליינע רעצענזיע וועגן „יאָסעלע"...

אויף מאָרגן ברענג איך עס ווייזן פּרצן... ס'איז דאָך זיין דינעזאָן, זאָל ער זען, צי האָב איך אים גענוג געריטמט און צי עס איז גוט אָנגעשריבן.

פּרץ לייענט דורך מיט ערנסט, פאַרטיפט. איך וואַרט אויפן אורטייל.

— זייער גוט... זייער גוט! — זאָגט ער צוויי מאָל, — און ער איז ווערט, — גיט ער צו מיט אַ שטים, וואָס קלינגט פול מיט פריינדשאַפט צו דינעזאָנען...

אַז דאָס זאַמלבוך האַלט שוין ביי פאַרטיק ווערן און איך טראָג שוין פּרצן די לעצטע „פּרווו" און וויל שוין אַרויסגיין, באַגלייט ער מיך ביז די טרעפּ, לייגט מיר אַרויף די האַנט אויף מיין פּלייצע און אַ שמייכלענדיקער ווענדט ער זיך צו מיר:

— זאָגט, רייזען, אייער פאַרלעגער, אַז ער זאָל מיר צושיקן דעם האָנאָראַר.

האָנאָראַר? האַ? און איך האָב געמיינט, אַז קיין האָנאָראַר וועט פּרץ דווקא ניט פאַרלאַנגען.

איך לויף אַוועק צו קאַפּלאַנען:

— פאַניע קאַפּלאַן, פּרץ פאַרלאַנגט האָנאָראַר...

— זעט איר, — מוסרט מיך קאַפּלאַן, — אַבי איר האָט גע־זאָגט, אַז קיין האָנאָראַר וועט מיר ניט קאָסטן.

און ווידער האָט ער אַ טענה, אַז פון זעקס דרוק־בויגן איז געוואָרן ניין.

פונדעסטוועגן וועט ער זיך ניט דינגען. פּרץ איז אים צו טייער... די פראַגע איז בלויז וויפיל...

עס בלייבט אַכציק רובל.

ער גיט מיר איבער די סומע... אכט צענרובלדיקע גאָלדשטיק (אַמאָל איז קענטיק געווען אַ סך גאָלד) און איך פלי צו פּרצן מיט דער סומע מיט גרויס שמחה.

מיט אַזאַ שמחה פלעג איך קינדווייז לויפן אין חדר מיט אַ פינפרובלדיקע, וואָס מיין טאַטע פלעגט מיר געבן פאַרן רבין...

איך גיב איבער פּרצן די סומע (איך געדענקט ביט אין דער היים ביי אים, צי אין דער גמינע) און פּרץ איז גאָר איבערראַשט...

ניט אַזוי דאָס געלט, ווי דאָס באַוואוסטזיין, אַז מען צאָלט אַזוי פיל פאַר זיינע שאַפונגען.

אויף מאָרגן קום איך וועגן עפּעס צו פּרצן אַהיים. ער איז נאָך ניטאָ, נאָר מאַדאַם פּרץ נעמט מיך אויף פריינדלעכער ווי שטענדיק. זי דערציילט מיט אַ שמייכל, אַז פּרץ האָט שוין באַלד דאָס געלט אויסגעגעבן אויף נאַרישקייטן...

און זי דערציילט עס מיר מיט אַ טאָן, ווי אַ מוטער קלאָגט זיך אויף אַ יינגעלע, וואָס ווייס ניט ווי אַזוי אומצוגיין מיט געלט...

מיר געפעלט עס דווקא יאָ, און אפשר איר אויך. פּרץ קומט באַלד אָן, אַ פריילעכער, אַ מונטערער ווי שטענדיק.

— איר זענט דאָ, זייער גוט...

דערוואַרט איך עפּעס איבערראַשנדיקס.

און פּרץ ווענדט זיך צו מיר און דערקלערט דייטלעך:

— רייזען, איר האָט מיר צו פיל געגעבן. פופציק רובל איז מיר אויך גענוג... איר אַליין, ווייס איך, אַרבעט ביים זאַמלבוך אומזיסט. איך האָב באַשלאָסן צו געבן אייך צוריק דרייסיק רובל...

איך דערשרעק זיך אַזש פאַר אַזאַ סומע. דערצו האָב איך טאַקע ניט געוואָלט און ניט געוואָגט צוריק צו נעמען. אָבער פּרץ איז איינגעשפּאַרט.

— ניין, רייזען, איר מוזט נעמען. איך ווייס, עס וועט אייך צוניץ קומען און איך דאַרף ניט אַזוי פיל.

און ביי די ווערטער האָט ער מיר צוריקגעגעבן דריי גאָלדשטיק.

— נעמט און דערציילט עס ניט קאַפּלאַנען, — האָט ער געוואָרנט מיט אַ שמייכל...

איך האָב ניט געוואָגט צו דינגען זיך מיט פּרצן, הגם איך האָב אויפריכטיק דאָס געלט צוריק ניט געוואָלט, ווי נייטיק עס איז מיר דאַן ניט געווען.

איך האָב צוגענומען, באַדאַנקט אומגעלומפּערט, ווי זיך גע־שעמט, — און דאָך געווען שטאָלץ. עס איז געווען ווי אַ מתנה און אַ באַלוינונג...

אָבער באַלד האָט פּרץ עס אײַנגאַנצן פאַרגעסן און אָנגע־הויבן צו ריידן וועגן עפּעס אַנדערש, נאָך אַלץ אַן אויפגעלעבטער, אַ יום־טובדיקער...

קאַפּלאַנען האָב איך עס טאַקע ניט דערציילט, אָבער דינע־זאָנען און נאָמבערגן יאָ...

דינעזאָן האָט גאָר אָנגעקוואָלן.

— איר שפּילט זיך מיט אים, — האָט ער אַ גליקלעך־שמייכ־לענדיקער גערעדט, — ער, אַז ער האָט געלט, איז עס בײַ אים ווי אַ משא... אַוועקגעגעבן, ווערט אים לײַכטער, נאָכדעם פעלט אים ווידער...

וואָס איך האָב געטאָן מיט דעם געלט, געדענק איך שוין ניט. איך ווייס נאָר, אַז אין קורצן האָב איך זיך ווידער גענייטיקט...

אין דער צייט, וואָס איך האָב רעדאַקטירט דאָס זאַמלבוך „דאָס צוואַנציגסטע יאָהרהונדערט“, האָב איך ווייניק געשריבן, איבער־הויפּט — דערציילונגען. איינע פון די געציילטע דערציילונגען, וואָס איך האָב יענעם ווינטער יאָ געשריבן, „אויס בלאַטע“ („אברהם דער שוסטער“), האָב איך געגעבן אין „יוד“, הגם מיר האָט זיך זייער געוואָלט אַרײַנגעבן זי אויך אין זאַמלבוך, בפרט אַז די דערציילונג איז אויך געפעלן געוואָרן נאָמבערגן, וועמען איך האָב זי פאָר־געלעזן אין מאַנוסקריפּט. יוסף קאַפּלאַן האָט זי אויך געהערט לייענען און ער איז אויך, אַלס אַרויסגעבער, געווען אַ בעלן צו האָבן זי אין זאַמלבוך. אָבער קיין האָנאָראַר צאָלן פאַר איר עקסטרע האָט ער ניט געהאַט קיין חשק. איך האָב קוים געפועלט בײַ אים, אַז אויסער פּרצן זאָל ער נאָמבערגן געבן אַ קליינעם האָנאָראַר, און נאָמבערג האָט טאַקע שטאַרק געמאָנט. „אײַך, רייזען, האָט ער

געטענדהט, און מיט רעכט, וואָלט איך געגעבן אומזיסט, אָבער וואָס פאַר אַ מחותן איז מיט מיר יוסף קאַפּלאַן, אַ ייד אַ סוחר"...

די דערציילונג „אוים בלאָטע" האָט געמאַכט צווישן די לעזער אַ שטאַרקן רושם. אויך ביי פּרצן אין הויז האָט מען דעם שבת, ווען זי איז ערשינען אין „יוד", פיל גערעדט וועגן איר. פּרצן איז זי בכלל אויך זייער געפעלן געווען. ער האָט נאָר אויסגעזעצט, וואָס עס פעלט אין איר אַ ביסעלע רחמנות צום העלד. ווי איצט געדענק איך דעם אויסדרוק פון גוטסקייט אויף זיין פּנים, ביי דער דאָזיקער באַמערקונג, ווי ער וואָלט זיך געבעטן רחמים:

— אַ ביסעלע רחמנות צום העלד...

איך האָב דאַן ניט פאַרשטאַנען, וואָס ער מיינט דערמיט. שפּע־טער מיט יאָרן האָב איך איינגעזען, ווי גערעכט פּרץ איז געווען. די דאָזיקע דערציילונג איז בכלל אַן אויסנאַם פון אַלע מיינע דער־ציילונגען מיט מיין שיר ניט אַכזריותדיקער באַציִונג צום העלד, הגם קיין הומאָר האָט אין דער דערציילונג ניט געפעלט.

די אורזאַך פון מיין שטרענגער באַציִונג צום העלד האָט געשטאַמט דערפון, וואָס מיט דעם שוסטער, וואָס לייגט בלויז לאַטעס אויף שיך, „אי־בערהויפּט אין אָסיען־צייט, און שטעלט זיך אַנטקעגן, ווען מען ברוקירט די גאַסן אין שטעטל און ער וועט צוליב דעם האָבן ווייניקער לאַטעס צו לייגן, ווייל אָפּשאַפנדיק די בלאָטע, וועלן זיך די שיך און די שטיוול ניט אַזוי גיך צערייסן, — האָב איך געמיינט צו סימ־באָליזירן די־יעניקע, וואָס שטעלן זיך אַנטקעגן, צוליב זייערע פּער־זענלעכע אינטערעסן, יעדער פּראָגרעסיווער באַוועגונג, ווייל זיי קענען נאָר עקסיסטירן פון דער בלאָטע און אין דער בלאָטע.

אָבער סיי־ווי־סיי איז פּרץ, דער גרויסער עטיקער, געווען גע־רעכט מיט זיין מיינונג. און איך האָב געהאַט נאָך אַ באַווייז אויף זיין הומאַנער באַציִונג צו מענטשן בכלל, מעגן זיי זיין אַפילו פאַר־בלאָנדזשעטע... הגם אויך ער האָט אין זיינע פאָלקסטימלעכע דער־ציילונגען, ווי „אַ הינטישער חדר", אַרויסגעוויזן אַמאָל אַכזריות צו זיינע שלעכטהאַרציקע העלדן...

* * *

מיין מאָראַלישע באַפרידיקונג איז פרייד אַפילו, ווען דאָס זאַמל-בוך „דאָס צוואַנציגסטע יאָהרהונדערט“ איז ערשינען, איז געווען זייער גרויס. די מורא, וואָס עס האָט מיך באַהערשט ערב ערשיינען, אַז ניט אַליין פון מאַטעריאַל, וואָס איז אַריינגעגאַנגען אין זאַמלבוך, האָב איך פרצן געוויזן, און ווער ווייס, צי עס וועט אים איצט געפעלן, איבערהויפט מיינע אייגענע לידער, וועלכע איך האָב — אויך מבינות — נאָר געוויזן נאָמבערגן און פרצן שוין ניט אַלע — די דאָזיקע מורא האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַן אומזיסטע, ווען נאָמבערג, וועלכער האָט דעם ערשטן עקזעמפּלאַר פון דער נאָר-וואָס ערשינענעם זאַמלבוך אַוועקגעטראָגן פרצן, האָט געבראַכט מיר אַ גרוס, אַז דאָס זאַמלבוך געפעלט פרצן זייער.

— אַליין? — האָב איך פאַרוואונדערט געפרעגט.

— אַליין, — האָט נאָמבערג געשמייכלט.

— אַפילו מיינע לידער? — האָב איך אויך געוויצלט זיך.

שטעלט זיך פאָר יאָ. אייניקע זיינען אים גאָר שטאַרק געפעלן.

און נאָמבערג דערקלערט מיר אַ שטריך פון פרצן, אַז נאָכ-דעם ווי אַ זאַך איז אָפּגעדרוקט, געפעלט זי אים שוין יאָ, אויב אַפילו אין מאַנוסקריפּט איז זי אים ניט געפעלן געווען.

בין איך שוין גאָר גליקלעך.

אין אַ פאָר טעג אַרום הער איך שוין גרויסן פון גאַס, פון דעם ברייטן עולם. אַ נייע וואָרט: דער פּראָגרעסיווער און אַפילו דער אַר-בעטער-לעזער האָט שוין לאַנג, זינט נאָך פרצעס אויסגאַבן, אַזוינס ניט געזען.

און ווירקלעך האָט זיך אין דעם זאַמלבוך „דאָס צוואַנציגסטע יאָהרהונדערט“ געהערט אַ נייער טאָן... דאָס זאַמלבוך האָט זיך גע-עפנט מיט מיין ליד „דאָס נייע ליד“ און עס האָט געגעבן דעם טאָן צום גאַנצן בוך.

איך הער דאָס ליד
פון ליבע, פרייד,
די מעכטיקע געזאַנגען,
און יעדער טאָן
פון ליד זאָגט אָן
די זון איז אויפגעגאַנגען.

אויך דער פֿאַרלעגער יוסף קאַפּלאַן איז געווען שטאַרק צופֿרידן. עס האָט אים טאַקע אַריינגעטריבן אין אַ סך הוצאות. ווי־ניט־ווי איז ער דורכן ווינטער, וואָס דאָס זאַמלבוך האָט זיך גערעדאַקטירט, געזעצט און געדרוקט, אויך מיר פֿון צייט צו צייט געקומען צו הילף מיט אַ ביסל געלט אַלס האָנאָראַר סיי פֿאַר די פּילע לידער מיינע, וואָס זיינען אַריין אין זאַמלבוך, סיי פֿאַר מיין אַרבעט אַלס רעדאַקטאָר... און געאַרבעט האָב איך טאַקע שווער. מאָפּאַסאַנס דערציילונג, למשל, איז געווען זייער שלעכט איבערזעצט, אויך אַ גערוימע דערציילונג פֿון איינעם אַ געוועזענעם מיטאַרבעטער פֿון פּרצעס „יום־טוב־בלעטלעך" האָב איך געמוזט אינגאַנצן איבערשרייבן, — טאַקע אויף פּרצעס עצה.

— טוט, וואָס איך האָב געטאָן, ווען דער זעלביקער פֿלעגט מיר אַמאָל עפּעס געבן...—האָט פּרץ געשמייכלט, ווען איך האָב זיך פֿאַר אים געקלאָגט, אַז די דערציילונג איז אוממעגלעך צו דרוקן.

דערצו האָב איך געמוזט מאַכן קאָרעקטור און צו עטלעכע מאָל — פֿאַר דרוק־פֿעלער האָב איך זיך געהיט, ווי אַ בעל־מגיה ביי אַ ספֿר־תורה — מיט איין וואָרט, איך האָב שווער געאַרבעט, קיין צייט ניט געווען צו שרייבן פֿאַרן „יוד", פֿאַר האָנאָראַר, ביז איך טאַקע נאָכן ערשיינען פֿון זאַמלבוך מאַטעריעל געבליבן אין אַ שווערער לאַגע...

געוואוינט האָב איך דעמאָלסט צוזאַמען מיט נאָמבערגן אין אַ צימער ביי אַ סטאָליער, אַן אייגענעם מענטשן, אַן אַנטוויקלטן. די וואוינונג אַליין איז באַשטאַנען פֿון צוויי טיילן. אין איין לאַנגן און שמאָלן צימער, וואו אונזער „באַלעבאָס" און פֿאַרערער, ראָזענבלאַט, האָט געאַרבעט, געהובלט די ברעטער, געקלאַפּט מיט די אַלערליי האַמערן, געזעגט מיט די אַלערליי זעגן; די אַנדערע העלפֿט איז געווען אָפּגעצאַמט מיט ברעטער און געטיילט אין צוויי צימערן: איין צימער אַלס שלאָפֿצימער פֿאַר ראָזענבלאַטס קליינער פֿאַמיליע, און דער הינטערשטער, וואָס האָט נאָר אַ לאַנגן פֿאָרהאַנג שטאָט אַ טיר, מיט אַ פֿענסטער צום שמאָלן הויף, האָט געהערט צו אונז: צו מיר און צו נאָמבערגן, הייסט עס... דאָס דאָזיקע צימער האָט אָפֿיציעל געהייסן „די רעדאַקציע פֿון צוואַנציגסטן יאָרהונדערט"...

אַזוי איז טאַקע אַ פּאָר מאָל געווען אַנאָנסירט אין „הצפירה“ און דאַכט זיך אויך אין „יוד“:

רעדאַקציאַ „דוואַדצאַטאַוואָ וויעקאַ“
נאָוואָלִיפּיע, 25.

זיך איך אַזוי איינמאָל מיט נאָמבערגן, אין אַ פרייטאָג־נאָכמיטאָג, אָנגעטאָן אין די מאַנטלען, צי ווייל עס איז געווען קאַלט, צי מיר האָבן זיך געקליבן צו גיין ערגעץ, און פּאַרטיפּט אין אַ שמועס, הערן מיר, ווי אַ שטים פרעגט אין רוסיש:

— סקאָזשיטיע פּאָזשאַלוּיסטאַ, גדיע רעדאַקציאַ „דוואַדצאַטאַוואָ וויעקאַ?“...

— זדיעס! דאָ! — ענטפערט דער באַלעבאָס, דער סטאָליער, מיט שטאָלץ, אַוועקלייגנדיק דעם הובל.

די פרעגעריין אָבער, אַ יונגע, שיינע, רייך־געקליידטע פריי־לין, גלויבט ניט און פרעגט, שוין אַ דערשראָקענע, נאָך אַמאָל... זי גלויבט ניט, אַז עס איז מעגלעך... זי האָט זיך פאַרגעשטעלט, קענטיק, גאָר אַנדערש...

גיי איך שוין אַרויס, קוק זי אָן, זי מיך, און דערזעענדיק מיך מיט מיינע לאַנגע האָר און מסתמא האָט דאָס פּנים אויך עדות געזאָגט, אַז אַבי־ווער בין איך ניט, האָט זי שוין עפּעס יאָ גע־גלויבט, הגם פאַרוואונדערט איז זי נאָך אַלץ געבליבן...

איך האָב זי אַריינגעפירט אין קדשי־קדשים, אין דער רעדאַק־ציע פון „צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט“. זי האָט זיך אָנפאַנגס געפילט פאַרווירט, געקוקט דאָ אויף מיר, דאָ אויף נאָמבערגן. ענדלעך האָט זי אַרויסגעזאָגט איר וואונטש:

— זי וויל קויפן אַן עקזעמפּלאַר...

צום גליק האָט זיך געפונען ביי מיר איין עקזעמפּלאַר פון די עטלעכע, וואָס יוסף קאַפּלאַן האָט מיר געגעבן במתנה צו צע־טיילן מיינע פריינד.

— יאָ, ס'איז דאָ...

— איך אַליין — פאַרענטפערט זי זיך אין רוסיש — לייען ווייניק יידיש, נאָר איך האָב געהערט, אַז איר גרייפט דאָ אָן ראובן בריינין, בין איך פאַראינטערעסירט.

דעם טעם, וואָס זי האָט אָנגעגעבן, פאַרוואָס זי איז פאַר־אינטערעסירט, געדענק איך ניט. דאַכט זיך — אַ קרובה זיינע איז זי געווען. אָבער וואָס גייט עס אונז אָן. איך און נאָמבערג זיינען דעמאָלסט געווען אָן אַ גראָשן געלט. איז וואָס איז די נפקא־מינה, צוליב וואָס זי וויל קויפן. און אויסגעזען האָט זי זייער אַ רייכע.

זי פרעגט דעם פּרייז.

אַך, אַ שאָדע, דער פּרייז איז אָנגעשריבן בלויז פופציק קאָ־פּיקעס.

אמת, מיט פּאָרטאָ איז געווען אָנגעשריבן — 60 קאָפּיקעס.

איך האָב זיך אַרויסגערעדט:

— מיט פּאָרטאָ זעכציק...

און איך וואָלט געשוואָרן, אַז די רייכע און אויך זייער שיינע פרײלין האָט אַוועקגעלייגט אויפן טיש גאַנצע זעכציק קאָפּיקעס, שוין פאַר פּאָרטאָ אויך באַצאָלט, הגם דאָס בוך האָט זי מיטגענומען מיט זיך...

נאָכדעם האָבן מיר מיט איר, צי זי מיט אונז, פאַרפירט אַן אינטעליגענטן געשפּרעך.... און זי האָט פשוט ניט געקענט זיך שיידן מיט אונז...

אַז זי איז ענדלעך אַוועק, אָפּזעגענענדיק זיך אויף אַ זייער אינ־טעליגענטן שטייגער, האָבן מיר זיך שטאַרק צעלאַכט פון דער גאַנצער געשעעניש. אויך דער באַלעבאָס ראָזענבלאַט איז אַריין צו אונז אין צימער, און מיט פאַרקאָשערטע אַרבל פון דער אַרבעטער־העמד, מיט פאַרלייגטע הענט, האָט ער גליקלעך צוגעשמייכלט.

— זי פרעגט מיך: „זדיעס רעדאַקציאַ דוואַדצאַטאַוואָ וויעקאַ?“ ענטפער איך איר יאָ, גלויבט זי מיר ניט...

און עס איז טאַקע געווען שווער צו גלויבן, אַז אָט אין דעם קליינעם, אָרעמען צימערל, וואו פון דער אַנדער זייט וואַנט האָט דער ליבער ראָזענבלאַט געהובלט ברעטער, האָב איך אין דער זעלבער צייט געהובלט דאָן די יידישע ליטעראַטור און ווי־מיט טשוועקעס באַפעסטיקט דעם געדאַנק, אַז יידיש איז אַ נאַציאָ־נאַלע שפּראַך.

---

# צוואַנציקסטער קאַפּיטל

דער לאַנגער ווינטער. — די רייזע בײַם קוילן־געוועלב. — „הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטן“. — די אָנוועזנהייט פֿון אַ פֿרײַנד. — ער פֿאַרזוכט דאָס ליד הייסערהייט. — די פֿראַגע, צי זומער איז ניט ווײַט; — די יידישע לערערין גרויזעל דינגט זיך. — די ערשטע גרויסע „ערשטער מאַי“־דעמאָנסטראַציע אין וואַרשע. — דער שטאַרקער אײַנדרוק. — מיר ברעכן די וואָנס. — פּרצעס מיינונג. — מײַן דעבוט אין די אומלעגאַלע אויסגאַבן.

יענער ווינטער, אין אָנפֿאַנג 1900, איז געווען אַ לאַנגער און אַ שווערער. עס האָט געהערשט אין וואַרשע אַן עקאָנאָמישער קריזיס, וואָס האָט אַרויסגערופֿן אַרבעטסלאָזיקייט און נויט.

מיר איז אויסגעקומען צו אָבסערווירן און בײַצוּוואוינען אַ סך סצענעס פֿון נויט, וואָס האָבן אויפֿגעציטערט מײַן נשמה און האָבן אַרויסגערופֿן פֿיל לידער און אויך דערציילונגען, אַלס אָפּקלאַנג פֿון דער דאָזיקער שווערער צייט, איבערהויפּט פֿאַר די אײַנוואוינער פֿון די אָרעמסטע יידישע קוואַרטאַלן. די נאָוואָליפּיע, וואו איך האָב דעמאָלסט געוואוינט, בײַ דעם שוין פֿריער דערמאָנטן סטאָליער ראָזענבלאַט, צוזאַמען מיט נאָמבערגן — הגם ער אַלס לערער אין אַ העברעיִשער שול איז מאַטעריעל געווען מער באַזאָרגט — די נאָוואָליפּיע איז שוין אַפֿילו געווען פֿון די כּלומרשט רײַכערע יידישע גאַסן, אָבער אויך דאָרט האָט קיין נויט נישט געפֿעלט.

גיי איך אַזוי אײנמאָל אַ זייגער צוויי בײַטאָג, אַהיים, ד״ה צו מײַן וואוינונג דורך קאַרמעליצקע, פֿאַרקירעווע זיך אין דער נאָוואָליפּיע און מײַן בליק פֿאַלט אויף אַ ליידיקן פּלאַץ בײַם אָנהייב פֿון דער נאָוואָליפּיע, וואו עס געפֿינט זיך בלויז אַ קוילן־בודע, און די בודע איז באַלאַגערט פֿון אַ מחנה אָרעמע מענטשן, דאָס רוב ווײַבער, פֿאַרפֿרוירענע, דערשלאָגענע און פֿאַרצווייפֿלטע... צי אין דער בודע האָט מען אויסגעטיילט קוילן ביליגער — צוליב דעם שווערן

ווינטער זיינען דאַן קוילן זייער טייער געווען — צי בכלל עס איז געווען אַ דוחק אויף קוילן, אויך טאַקע צוליבן לאַנגן ווינטער, נאָר די ריי איז געוואַקסן פון מינוט צו מינוט אַלץ גרעסער און גרעסער און מיט דעם וואוּקס פון דער ריי וואַקסט די פאַרצווייפלונג, אַ שטומע, אַ געדולדיקע, אָבער אַ מער פיינטלעכע און דריקנדיקע, ווי מען וואָלט גערוישט און געטומלט.

דאָס בילד האָט מיך דערשיטערט, די קעלט איז געווען אַ בייזע... אַן אומהיימלעכער ווינט האָט זיך געטראָגן פון דעם ליידיקן פלאַץ און אַריינגעדרונגען אין לייב, אין דער נשמה... און דאָ איז שוין חודש ניסן, עס האָט שוין געדאַרפט זיין וואַרעם... וועט צום ווינטער נאָר קיין ענד ניט נעמען? — איך בין געשטאַנען אַליין אַ דערפרוירענער, אין מיין ניט זייער שטאַרק וואַרעמען מאַנטל, און ניט געקענט זיך רירן פון אָרט און אפשר ניט געוואָלט... עפּעס גרויסעס, דראָענדיקעס האָט פאָרגעשטעלט אָט דווקא דאָס טרויעריקע בילד, אָט די פאַרשטומטע נויט.... דער ווינט פון ליידיקן פלאַץ, וואו די קליינע בודע, האַלב איינגעגראָבן אין דער ערד, איז געשטאַנען, האָט מיך אַלץ מער דורכגענומען. אָבער ניט נאָר אַ ווינט, נאָר ווינטן, בייזע ווינטן, פאַרשפעטיקטע און דערפאַר מער צערייצטע, זיינען מיך באַפאַלן, און די מענגע, וואָס האָט באַלאַגערט די בודע, וואו עס זיינען געלעגן „די שוואַרצע דימענטן", וועגן וועלכע אויך פרץ האָט דאַן געשריבן אין איינעם פון זיינע „וואַרשעווער בריוו", וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אין „יוד" אונטער דעם פסעוודאָנים ישראל שווערגעמיט — די מענגע איז אַלץ פאַרצווייפלטער געוואָרן. די צייט, וואָס ס'האָט געדויערט ביז איינער, צי איינע איז אַרויס מיט אַ זעקעלע קוילן, האָט זיך קענטיק פאַר די איבעריקע געצויגן ווי אַן אייביקייט; היינט די שרעק, טאָמער גייען אויס באַלד אינגאַנצן די קוילן און די איבעריקע וועלן מוזן אַוועקגיין מיט ליידיקן אין זייערע ניט־געהייצטע וואוינונגען, וואו זיי האָבן איבערגעלאָזן פאַרפראָרענע קליינע קינדער, — די דאָזיקע שרעק האָט די מענגע נאָך מער דערשלאָגן... איך בין געשטאַנען אַ דורכגענומענער פון זייער צער און לייד און געוואַרט... איך האָב זיך געפרייט מיט יעדן זעקעלע קוילן, וואָס עס איז עמעצן געלונגען ווי עס איז

צו באַקומען און מיט אַ פאַרשלאָפענער פרייד, כדי ניט צו דערוועקן קנאה ביי די איבעריקע, וואָס האָבן נאָך ניט און וועלן אפשר ניט באַקומען — האָט ער, צי זי זיך געלאָזט גיין מיט מידע, וואַקלענדיקע, אָבער שנעלע טריט, ווי מיט אַ גנבה, אָדער אַ נדבה...

ווער ווייס, ווי לאַנג איך וואָלט געשטאַנען און צוגעקוקט אָט דאָס גרוילעכע בילד, ווען עס וואָלט מיך ניט פלוצים באַפאַלן אַ געפיל פון פּראָטעסט קעגן אַזאַ אָרדענונג בכלל. ס'האָט מיך געגעבן אַ הייב, אַ טראָג אין דער לופטן. ווי לאַנג וועט זיך עס אַזוי ציען, אָט די נויט, אָט דער עלנט, אָט די אונטערדריקונג... און אין לאַנד הערשט אַזאַ בייזע מאַכט. אַרעסטן, רעוויזיעס, פאַרבאָטן... שפּיאָנען אין יעדן ווינקעלע..

און איך האָב זיך געלאָזט גיין שנעל, שנעל, ווי איך וואָלט מורא געהאַט — און טאַקע מורא געהאַט — אַז דאָס שטאַרקע געפיל פון פּראָטעסט זאָל ניט אויסוועבן, ניט אָפּקילן זיך... און אַ גליק, וואָס די וואוינונג מיינע האָט זיך געפונען אינגאַנצן ביי אַ דריי־פיר הייזער פון דער קוילן־בודע... איך בין אַריין אין הויף פון דעם הויז נומער 25. אַ הויף דווקא אַ ריינער, אַ רויִקער, אַ שטילער. אויף די העכערע שטאָקן פון די אַלע דריי זייטן וואוינונגען האָבן געוואוינט באַלעבאַטישע מענטשן... בלויז אין די אונטערשטע וואוינונגען, אין די קעלערן, האָט זיך אין דער שטיל געראַנגלט די נויט.... איך בין אַריין אין מיין וואוינונג, וואָס איז געווען האַלב קעלער און האַלב פּאַרטער. כ'האָב זיך מורא געהאַט צו באַגריסן מיט מיין באַלעבאָס דעם סטאָליער ראָזענבלאַט, וועלכער האָט מיך, ווי זיין שטייגער איז געווען, באַגעגנט מיט אַ ליבן און פריינדלעכן שמייכל און מיט די ווערטער, צוליב איידלקייט:

— נו, וואָס הערט זיך, רייזען?

אָבער איך בין געווען שטרענג און פאַרטראָגענערהייט, ווי פליִענדיק ערגעץ אין דער הויך, צי פאַלנדיק אין טיפע תהומען — האָב איך געמורמלט:

— אַנטשולדיקט, איך בעט אײַך... אַנטשולדיקט...

און איך בין אַריין אין מיין בלומרשטן צימערל.

צי ער האָט פאַרשטאַנען, אַז איך בין באַפאַלן פון „רוח־הקודש“, צי ער האָט זיך גראָד געפילט צו אַרבעטן. איך ווייס בלויז, אַז די זעג, דער הובל און דער האַמער זיינען אַנטשוויגן...

איך בין ניט צוגעגאַנגען, נאָר צוגעפאַלן צו מיין קליין טישל, פלינק באַטראַכט — יאָ, עס איז דאָ... די פעדער? — יאָ, דער שפּיץ ניט איבערגעבראָכן... פּאַפּיר? — יאָ... ס׳איז דאָ...

און ווי אַ קאָמפּאָזיטאָר, וועלכן עס באַפאַלט אַ „אידעע“, וואַרפט זיך צו דער פּיאַנאָ און מיט אַלע פינגער — אַ קלאַפּ אויף די קלאַווישן! — אַזוי בין איך אַ פאַל געטאָן אויפן פּאַפּיר און מיטן פעדער אַ קלאַפּ געטאָן:

„הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטן,
פריי באַהערשט די וועלט...“

און אַזוי דריי סטראָפן, מיט דער גרעסטער נערוואָזיטעט, אויפרעגונג און שנעלקייט...

און אַ גליק, וואָס קיינער קומט ניט אָן, און אַ דאַנק, וואָס דער באַלעבאָס גייט ניט אַריין זען דעם וואונדער...

נאָר אפשר קומט יאָ ווער אַריין, אפשר שטייט דער באַלעבאָס ראָזענבלאַט און קוקט צו... איך האָב ניט געוואוסט...

ערשט ביי דער פערטער סטראָף, אָפּכאַפּנדיק דעם אָטעם, הייב איך אויף די אויגן — און טאַקע יאָ, עס שטייט עמעצער פאַר מיר... אַך, אַזאַ אומגליק...

— איך האָב אייך געשטערט... זאָגט דעם אמת...

נאָך ווי געשטערט! אַן אַנדערן וואָלט איך אפשר אַרויסגעטריבן.

אָבער דער, וואָס איז אַריינגעקומען, איז געווען העניך, מיין פריינד העניך, אַ הויכער און פעסטגעבויטער, מיט שיינע וואונדערלעכע מילדע אויגן — כאָטש פון מאַנגל און פון שווערער נויט, וואָס ער האָט געטראָגן מיט שטאָלץ און מיט אַ שמייכל, וואָס ס׳האָט צייטנווייז געשניטן דאָס האַרץ, ווי מיט גלאָז — העניך, וועלכן איך געדענק נאָך פון מינסק, אַלס זעכצניאָריקן ישיבה־בחור, ווען ער האָט געלערנט „פאַר זיך“ אין דער מאַליאַרסקער קלויז, ער־

געץ אַרום נעמיהע, וואוהין איך פלעג, טאַקע צוליב אים, דאַן אַ פריילעכער, אַ שטיפער, אַריינקומען צו שמועסן און צו שטיפן אַליין אַ ביסל. שפּעטער שוין האָב איך אים געטראָפן אין וואַרשע. זיין פריי־לעכקייט איז פאַרשוואונדן. ער איז ערנסט, טיף פאַרטראַכט, גע־הערט צום „בונד", לייענט „פּאָליטישע עקאָנאָמיע" מיט אַ גרופּע אַרבעטער, פאַר וואָס ער באַקומט ווען ניט ווען עטוואָס מאַטעריעלע שטיצע. אָבער ער קלאָגט זיך ניט, בלויז אַ שמייכל — און זיין שמייכל איז שווער מיר איבערצוגעבן. אַז איך פלעג אַ קוק טאָן בלויז אויף זיינע בלאַסע ליפּן, האָב איך שוין אַלץ פאַרשטאַנען.

און הענינען האָב איך ניט אַרויסגעטריבן... איך פאַרזיכער אים, אַז ניין, ער האָט מיר ניט געשטערט, ער זאָל נאָר בלויז אַזוי גוט זיין און וואַרטן אַ פּאָר מינוט, איך דאַרף עפּעס פאַרענדיקן.

— אָ, יאָ... זינגט ער אויס אויף זיין באַסיקער שטים...

ער קוקט אַריין אין אַ בוך און איך פאַרענדיק , שוין עט־וואָס אַן אָפּגעקילטער, אָבער אַ פּאָר פונקען גליען נאָך:

הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטן,
איצט איז אייער צייט,
ניט לאַנג וועט דויערן דער ווינטער,
זומער איז ניט ווייט . . .

דער „ניט" אין דער דריטער צייל איז אַן איבעריקע זילבע, אָבער — דאָס וועל איך שוין באַאַרבעטן שפּעטער, מאָרגן. דערווייל פיל איך, אַז איך האָב עפּעס אָנגעשריבן אַזוינס, וואָס איך קען אַפילו פאָרלעזן פאַר הענינען, וועלכער האָט באַזעסן אַ זייער ראַ־פינירטן געשמאַק. טראָץ זיין קעמפער־נאַטור און זיין געהערן צו דער אַרבעטער־באַוועגונג איז ער אין פּריוואַטן לעבן געווען אַן עסטעט, אַ שיינגייסט און האָט ניט שטאַרק געהאַלטן פון טענ־דענציעזער ליטעראַטור, געקוקט מיט געוויסן איינגעהאַלטענעם ביטול אַפילו אויף אייניקע פון מיינע דעמאָלטיקע לידער פון דעם מין...

— העניך, זאָג איך, איך האָב אָנגעשריבן, דאַכט זיך, אַ גוט ליד...

— נו, אַדרבא, — שמייכלט ער, — לייענט דורך... לאָמיר הערן...

ער הערט אויס אויפמערקזאַם און ווערט באַגייסטערט, הגם ער איז אַלע מאָל אײַנגעהאַלטן אין לויבגעזאַנגען...

— רייזען! עס איז אַ שעדעוור... מיר געפעלט בלויז ניט צום סוף אייער אָפּטימיזם... „זומער איז ניט ווייט". פאָלגט מיך, רייזען, מאַכט איבער „זומער איז נאָך ווייט"... ס'איז אמתער און איבער־הויפּט וועט דאָס זיין מער צוגעפּאַסט צום גאַנצן טאָן פון געדיכט...

איך דערפיל, אַז ער איז גערעכט, מיר אַליין איז די לעצטע אָפּטימיסטישע צייל אויך ניט צום האַרצן...

יאָ... זומער איז נאָך ווייט...

אָבער סטייטש, וואָס הייסט נאָך ווייט...

דאָס איז מיר אויך ניט צום האַרצן, הגם, ווען איך זאָג „זו־מער איז נאָך ווייט", קען איך שוין פּטור ווערן אין דער פריער־דיקער שורה פון דעם „ניט", וואָס איז אַן איבעריקע זילבע.

און עס וועט זיך שוין לייענען:

לאַנג וועט דויערן דער ווינטער —
זומער איז נאָך ווייט . . .

העניך קוועלט פון דער נייער רעדאַקציע גאָר אָן...

— אָט אַזוי — זאָגט ער — איז עס אמתער און שטאַרקער...

בין איך שוין אַוודאי מוחל העניכען, וואָס ער איז אַרײַנגע־קומען אינמיטן דערינען. כאָטש ווער ווייס, וואָס פאַר אַ ליד עס וואָלט אַרויסגעקומען, ווען ער קומט ניט אַריין.

איך צערייד זיך מיט אים און באַטראַכט זיין פּנים און אי־בערהויפּט זיינע ליפּן. איך דערפיל, אַז דער מענטש האָט נאָך ניט געפרישטיקט.

— העניך, איצט וועלן מיר עפּעס עסן... אַ טיי־מאַשינקע איז דאָ, און זעמעלעך גיי איך אַרויס קויפן...

— ניין, וואַרפט ער זיך אָפּ, מיט אַן אַריסטאָקראַטישער פּאָ־זע — קיין זעמעלעך וויל איך ניט, טיי אָבער וועל איך טאַקע טרינקען...

איך הער אים אָבער ניט, איך לויף אַרויס און קויף אויף שנעל עטלעכע זעמל — אויף נאָך עפּעס אַנדערש איז שוין קיין

געלט ניט געווען — און איך קום צוריק און קאָך שוין טיי אויף נאָמבערגס מאַשינקע...

נאַטירלעך האָט הענין די זעמל יאָ געגעסן, אָנפאַננס — כלומרשט ווי בלויז אַזוי זיך, נאָר צו פאַרזוכן, אַז עס איז שוין דאָ... באַלד אָבער איז ער אַריין אין זיין ראָלע און זיך בנעימותדיק צוגעביסן צום טיי, ביי אַ דריי זעמל...

האָב איך זיך גאָר מחיה געווען. פאַרזאָרגט הענינען ביז אָוונט. אין יענער צייט איז דאָס אויך געווען אַ טרייסט...

הענין זיצט ביי מיר און רעדט נאָך אַלץ באַגייסטערט פון דעם ליד, און הענינען גלויב איך. ער שעמט זיך ניט צו זאָגן אַמאָל, אַז ס'איז שלעכט אויך. אַן איידעלער, אַ זייד, אָבער אין דער זעלבער צייט איז ער אַ מוטיקער, אַן אמת־זוכער, אַ אידעאַליסט פון ריינסטער פּראָבע...

בין איך צופרידן, וואָס הענין איז געקומען צו מיר. שפּעטער אַ ווײַלע וואַגט שוין אויך מיין באַלעבאָס דער סטאָליער אַריינצוקומען... לייען איך דורך שוין אויך פאַר אים, דעם סטאָליער... ער איז ניט אַזאַ מבין, ווי הענין, אָבער אַלס פאַלקסמענטש, אַלס אַנטוויקלטער אַרבעטער און באַלעזענער, איז זיין מיינונג וועגן אַזאַ ליד מיר אויך דאַן וויכטיק געווען. דערצו פלעג איך וועלן אים מהנה זיין. עס איז ביי אים געווען אי אַ פאַרגעניגן אי אַ זכיה.

ראָזענבלאַט איז אַוודאי אַנטציקט... ער דריקט זיך אויס, שטאַמלענדיק אויף זיין קיעווער יידיש:

— אַך, עס איז עפּעס גור אַנדערש, ווי אילע... ס'איז עפּעס אַזאַ טיף און עפּעס אַזאַ דורכגענעמען...

און ער שטייט מיט דעם הובל אין האַנט אַ פאַרגאַפטער און זיינע אויגן, גרויע, אָבער שטראַלנדיקע, זיינען ברייט צעעפנט...

הענין זעגנט זיך אָפּ, אויך אַ גליקלעכער... ער פילט זיך ווי אַ שותף צו מיין ליד — און דאָס האָט מיך אויך געפרייט...

אין אַ קורצע צייט אַרום איז הענין אַרעסטירט געוואָרן. וואו ער איז דערנאָכדעם אַהינגעקומען, ווייס איך עד־היום ניט. ער איז געווען ניט פון מיינע נאָענטסטע, אָבער פון מיינע ליבסטע פריינד. ווער איז ער געווען, פונוואַנען האָט ער געשטאַמט? איך האָב ניט

געוואוסט. אַ מענטש אַ פֿאַרשלאָסענער, פֿול מיט סודות. אין וואוּקס און אויסזען און אין כאַראַקטער איז ער געווען ענלעך צו א. ווייטערן, נאָר לירישער און סקעפּטישער, הגם אַ רעוואָלוציאָנער און אַ קעמפֿער קעגן דער דעמאָלסטיקער רוסישער בייזער הערשאַפֿט.

און ווער ווייס, וואָס די אַמאָליקע בייזע רוסישע הערשאַפֿט האָט פֿון אים געמאַכט, אין וועלכע סטעפּעס פֿון ווייטן און קאַלטן סיביר זי האָט דעם שיינעם, יונגן און באַגאַבטן העניגען פֿאַרשיקט!...

וואו איז ער איצט, דער ליבער העניך? (ביי די מאַסן האָט ער דאָך געהייסן סאָלאָמאָן דער אינטעליגענט ...).

איך האָב פֿאַרלוירן יעדע שפּור פֿון אים, און עס טוט אַזוי וויי, און זיין שמייכל, זיין ליידנדיקער און ליכטיקער שמייכל שוועבט אָפֿט פֿאַר מיר, און אין מיינע ערינערונגען לעבט ער ווי איינער פֿון די ליכטיקסטע פֿריינד פֿון מיין יוגנט...

* * *

די איבעריקע מיינונגען וועגן „הוליעט" געדענק איך שוין ניט. דער רעדאַקטאָר פֿון „יוד", יוסף לוריע, וועלכן איך האָב דאָס ליד אין אַ פּאָר טעג אַרום געוויזן, האָט עס אַפֿילו געלויבט, הגם גאַנץ קאַלט געלויבט, אָבער דרוקן עס האָט ער מורא געהאַט. אָנגענומען ערשט האָט ער עס אין אַ יאָר אַרום, ווען איך האָב עס פֿאָרגעלייגט אין הויז פֿון ד״ר משורר, ביי וועמען עס איז פֿאָרגעקומען איינער פֿון אונזערע דעמאָלסטיקע ליטעראַרישע אָוונטן, אויף וועלכע עס פֿלעגן קומען געציילטע שרייבער און געסט.

ד״ר משורר איז אויך געווען פֿון פּרצעס מקורבים, כאָטש ער אַליין האָט קיין יידיש ניט געשריבן און ניט גערעדט אַפֿילו קיין יידיש (פֿאַרשטאַנען יידיש האָט ער יאָ). געשריבן האָט ער דראַמען אין דייטש. זיי זיינען אָבער לײַדער קיינמאָל ניט אויפֿגעפֿירט געוואָרן... איינע פֿון זיינע דראַמען האָט ער פֿאַר אונז דעמאָלסט טאַקע פֿאָרגעלייענט. איך האָב זיך אַפֿילו ניט צוגעהערט ... אַ דראַמע אויף יידיש וואָלט מיר שווער געווען אויסצוהערן, בפֿרט אויף דייטש. משוררן פּערזענלעך אָבער האָב איך ניט נאָר געאַכט פֿאַר זיין הויכער בילדונג, נאָר אויך גערן געהאַט פֿאַר ז״ן

איראָפּעישקייט, פאַר זיינע איידעלע מאַניערן און אַפילו אויסערלעכער שיינקייט — הויך, שלאַנק, מיט בלויע אויגן און מיט אַ וואונדערלעכן שיינעם קאָפּ, מיט געדיכטע בלאָנדע האָר. בכלל איז ער געווען אַ מענטש אַ טראַגישער, אַזאַ איינדרוק האָט ער אַלנפאַלס געמאַכט דאַן אויף מיר. אַ זוכער און אַן אומצופרידענער, אַ מין איבסען־טיפּ. שטילערהייט פלעג איך אים באַדויערן. איך האָב געפילט, אַז ניט קוקנדיק אויף זיין אויסערלעכער רויקייט און געלאַסנקייט, קומט ביי אים פאָר אינעווייניק אַ שטורעם פון צווייפלען און פון ראַנגלעניש... אַ בענקשאַפט נאָך סביבה, נאָך וואַרעמקייט... אָבער מער וואָלט ניט געפעלט, ווען ער זאָל וויסן, אַז איך באַדויער אים. איך, אַ „זשאַרגאָנישער פּאָעט", און ער אַזאַ שטאָלצער — אַזאַ רייכגעקליידטער און אַ פאַרזאָרגטער מיט אַ גוטער שטעלע אין וואַרשעווער יידישן שפיטאָל, אַלס פאַרוואַלטער.

אין זיין וואוינונג האָב איך נאָך דער אָפיציעלער פאָרלעזונג, אויפן פאַרלאַנג טאַקע פון ד"ר משורר אַליין — אַוודאי בלויז פון העפלעכקייט וועגן — פאָרגעלייענט אַ פּאָר לידער און צום סוף „אַ ווינטער־ליד" — „הוליעט, הוליעט".....

— אָ, יאַ, דאָס איזט וואונדערליך! האָט ד"ר משורר געריכט, ווענדנדיק זיך מיט זיינע בליקן צו פּרצן...

אויך פּרצן איז דאָס ליד זייער געפעלן געוואָרן, הגם אים האָב איך עס, דאַכט זיך, פאָרגעלייענט אין אַ שבת, ווען איך האָב עס אָנגעשריבן, מיט אַ יאָר פריער. זיין ערשטע מיינונג אָבער געדענק איך ניט. אויך ד"ר גרשון לעווין, וועלכער פלעגט אויך קומען צו די קליינע ליטעראַרישע אָוונטן, וואָס פלעגן פאָרקומען יעדעס מאָל אין אַן אַנדערנס הויז — איז, אַלס דאָקטאָר פון יידישן שפיטאָל, אַוודאי געקומען צו משוררן — האָט דאָס ליד שטאַרק געלויבט. האָט שוין ד"ה יוסף לוריע, דער רעדאַקטאָר פון „יוד", וואָס איז געווען אַ גאַסט אויף דעם „אָוונט", זיך פאַרשעמט און ער האָט ווי אָפּגעלייקנט, אַז ער האָט עס ניט געוואָלט דרוקן.

— איך געדענק גאָרניט, ווען איר האָט עס מיר געגעבן... — האָט ער זיך פאַרטיידיקט.

האָט עס פּרץ „געהייסן" נעמען און ד״ר יוסף לוריע האָט עס שוין ניט אָנגענומען, נאָר פּשוט צוגעכאַפּט...

אָבער דאָס איז שוין געווען אין אַ יאָר אַרום, ווי געזאָגט.

גלייך נאָכן אָנשרייבן עס, אין אַ פּאָר טעג אַרום, האָב איך עס געוויזן סתם באַקאַנטע, און איבערהויפּט אַרבעטער-פירער און רעוואָלוציאָנערן. צווישן זיי אויך דער שוועסטער פון גרוזעל, וועלכע איז געווען די לערערין און אויך פירערין פון דער יידישער שול פאַר אָרעמע קינדער. ניט קיין שיינהייט, אָבער אַ פריינדלעכע, אַ האַרציקע און פול מיט גוטסקייט און רחמים צו אָרעמע, און אַ גלויביקע אין בעסערע פרייערע צייטן, האָט זי אויסהערנדיק דאָס ליד זיך גאָר אַנטציקט... זי איז געווען גליקלעך, וואָס איך האָב בכלל עס איר געוויזן.

אָבער דאָס ליד האָט איר אויך גרוים צער פאַרשאַפט.

— סטייטש, טייערער רייזען, ווי אַזוי זאָגט איר עס, אַז צו זומער איז נאָך ווייט...

און זי האָט זייער רירנד זיך געבעטן, אַז איך זאָל עס ענדערן, אַז פאַרקערט, זומער איז ניט ווייט...

האָב איך איר דערקלערט, אַז לויט דער שטימונג פון דעם ליד מוז זיך אַזוי ענדיקן. האָט עס איר נאָך מער פאַרדראָסן.

— וואָס הייסט שטימונג, — האָט זי מיט האַרץ געטענהט — מען קען האָבן פון אָנהייב ליד אַזאַ שטימונג און צום סוף אַן אַנדערע...

האָב איך איר צוגעזאָגט צו ענדערן.

און זי האָט מיר שיר ניט געכאַפּט דריקן די האַנט פאַר מיין צוזאָג, הגם געבליבן איז, אַז זומער איז נאָך ווייט...

און עד-היום בין איך, צוגלייך מיט פיל אַנדערע, ניט צופרידן מיטן סוף. און מאַנכע, אָפּטימיסטן זינגען עס „זומער איז ניט ווייט"...

יאָ, ניט ווייט. — — — —

דערפאַר האָב איך דער האַרציקער גרוזעל, אויף איר בקשה, אָנגעשריבן צוויי לידער פאַר די קינדער פון איר שול, פאַר אַ געוויסער פייערונג. ווי איך האָב שוין געשריבן, איז די דאָזיקע

שול געווען די ערשטע, וואו מען האָט יידישע קינדער געלערנט נים נאָר די לימודים אַליין אין יידיש, נאָר יידיש אַליין אַלס לימוד... דערפאַר איז מיר די שול און שוין אויך די אידעאַליסטישע לערערין געווען אַזוי טייער. איינס פון די צוויי לידער, וואָס איז געווען דווקא אַ שיין קינדער־לידל, איז ביי מיר פאַרלאָרן געגאַנגען. אויפגעהיט האָט זיך בלויז דאָס צווייטע ליד „ליכט", וואָס איז אויך אַריין אין מיינע שריפטן:

קאָר: געווען איז אונזער רבי
און ער פלעגט קיין ליכט נים ניצן,
פון נאָך מנחה ביז נאָך מעריב —
אין דער פינסטער הייסט ער זיצן.

אין דער צייט פלעגט דער רבי אונז דערציילן מעשיות פון רוחות און שדים, און מיר פלעגן זיצן אין איינע שרעק...

— — — — — — — — — — — — — — — —

און מיר פלעגן זיך צעוויינען
רבי, רבי, צינד אָן פייער...
און אַ וואונדער! ווי דער רבי
פלעגט אַ ליכטל נאָר אָנצינדן,
פלעגן אַלע בייזע רוחות
און די שדים גלייך פאַרשווינדן...

פון דעם דאָזיקן ליד איז שוין אויך ליפע נאָוואָגרודסקי גע־ווען שטאַרק צופרידן. ער איז אויך געווען ביי דעם יום־טוב פון די שול־קינדער, צוליב וועלכן די לידער זיינען געשריבן געוואָרן. אָט ווי איצט געדענק איך זיין פרייד, ווען איך האָב דאָס ליד „ליכט" און דאָס ערשטע עכטע קינדער־ליד, אויך וועגן בילדונג, פאָרגעלייענט פאַר די ליבע קינדער, מיט די ליכטיקע אויגן, וואָס האָבן געלויכטן ווי פייערלעך אויף אַ פעלד...

ער האָט נאָכדעם, ווי זיין שטייגער איז געווען, געבראַכט „גוטע זאַכן". די לערערין, די גוטהאַרציקע און מענטשנפריינדלעכע גרו־זעל — האָט געמאַכט טיי און די שמחה איז געווען פאַר פול...

און ליפע האָט אַלע ווילע, אַ צופרידענער מיט מיר, מיט מיין נאָענטקייט צו זיינע אידעאַלן, מיר געקלאַפּט אין פּלייצע און אַ גליקלעך־שמייכלענדיקער צוגעזונגען:

— ניט געזאָרגט, רייזען, עס וועט זיין גוט...

און גלייך פלעגט ער זיך פאַרטראַכטן, פאַרקוקן זיך ערגעץ אין דער ווייט, מיט אַ געענדערטן אויסדרוק אויף זיין פּנים, ווי ער וואָלט זיך אַליין איבערגעפרעגט: האַ, וועט טאַקע זיין אַמאָל גוט?...

* * *

דאָס צווייטע פּאָפּולערע געוואָרענע ליד, — אַ שטאַרק אומלעגאַלע פאַר יענער צייט — „די וואַנט", האָט בײַ מיר אַרויסגערופן אַ ערשט־טער־מאַי־דעמאָנסטראַציע אין וואַרשע, וואָס איך האָב בײַגעוואוינט און טיילווייז אַליין אָנטייל גענומען אין איר, ווי מיר דאַכט — אין זעלבן יאָר 1900.

איך בין שוין דעמאָלסט אַריין אין די סאַמע געדיכטעניש פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. די פּראָגראַמען פון די אַלערליי סאָציאַליסטישע פּאַרטייען זיינען מיר אַפילו דאַן נאָך געווען ווייניק באַקאַנט. אָבער מיר איז גאָרניט אָנגעגאַנגען די חילוקי־דעות, איז איינער געווען אַ סאָציאַליסט, איז שוין פאַר מיר געווען גענוג. אויף קיין פּאַרטיי־פּאַספּאָרט האָב איך דעמאָלסט ניט נאָכגעפרעגט. דער „בונד" איז נאָך דאַן ניט געווען פּאָפּולער. זעלטן ווען איך פלעג קריגן אַן אומלעגאַל ביכעלע אָדער זאַמלביכל צי אַ צייטשריפט, סיי געדרוקט אין אויסלאַנד, סיי אומלעגאַל ערגעץ אין וואַרשע, צי אין לאָדז, וואָס אויפן פּאָדער־בלאַט איז געווען אויפגעשריבן ערשטנס „אַרבעטער פון אַלע לענדער פאַראייניקט זיך" און נאָכדעם „אַרויס־געגעבן פון יידישן אַרבעטער־בונד אין רוסלאַנד, ליטע און פוילן"... אַוודאי זיינען די ביכלעך מיט דער אויפשריפט: „אַרויסגעגעבן פון בונד" אאַז"וו געווען מיר נאָך טייערער. דער נאָמען „בונד" אַליין איז מיר געפעלן געוואָרן, כאָטש קלאָר איז מיר נאָך ניט געווען, מיט וואָס ער שיידט זיך אונטער פון די אַנדערע פּאַרטייען. קיין אויטאָנאָמיע, ווי מיר דאַכט — האָט ער נאָך ניט געפאָדערט, און פאַר יידיש געקעמפט האָט ער נאָך אויך ניט. אָבער ווער האָט דאַן געדאַרפט האָבן אויטאָנאָמיעס, מיט נאַציאָנאַלע פּראָגראַמען? איך בין געווען פול מיט צאָרן, מיט אויפריכטיקן פּראָטעסט סיי קעגן דער אַליינהערשאַפט פון צאַר, סיי קעגן דער אָרדענונג בכלל...

דער לאָזונג „אַרבעטער פון אַלע לענדער פאַראייניקט זיך" — איז געווען גענוג פאַר מיר, אַז עס זאָל מיך דערהויבן און אָנצינדן צום קאַמף, אויב ניט צום קאַמף ממש, איז מיט דער פעדער, איז מיטן מיטפילן די פרייד פון זייערע זיגן און דעם צער פון אַ דורכפאַל...

אַז עס גרייט זיך אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע דעם ערשטן מאַי, האָב איך שוין געוואוסט מיט אַ טאָג פריער. ליפע נאָוואָגרודסקי האָט עס מיר איבערגעגעבן:

— רייזען, עס וועט זיין פריילעך... — האָט ער צוגעזונגען און געריבן אַ האַנט אָן האַנט.

מיין באַלעבאָס, דער סטאָליער, האָט יענעם פרימאָרגן ניט געאַרבעט. אפשר איז דאָס געווען אַ זונטאָג. נאָר מיר דאַכט, אַז עס איז געווען אַ מיטנוואָכנדיקער טאָג. אינדערפרי, אַ זייגער צען, האָב איך זיך אַוועקגעלאָזט אויף דער רייכער קראָקעווער פאָרשטאָט. עס איז געווען אַ וואונדערלעכער שיינער פרימאָרגן. די זון, עפּעס ווי ניט קיין געוויינלעכע, ווי אויך אַן אַגיטירטע צום קאַמף, האָט געלויכטן אַנדערש ווי שטענדיק, — אי מילד, אי קעמפעריש. זי איז הויך, אָבער זי איז נאָענט, אָט איז זי דאָ... זי וועט ניט אַוועק... אין איר מילדקייט האָט זיך שוין געשפּירט אַ קראַמט.

די קראָקעווער פאָרשטאָט האָט אויסגעזען אַנדערש ווי שטענדיק. יום-טובדיק-שפּאַצירנדיקע, אָבער מיט אָנגעשטרענגטע און טראַגיקע בליקן האָבן געענדערט איר פרידלעכן אויסזען... איינע מיט די אַנדערע האָבן זיך באַגעגנט, זיך אָנגעקוקט, אַמאָל אַ שמייכל געטאָן, אַמאָל זיך אָפּגעקערט מיט פאָרזיכטיקייט... ווער ווייס, ווער עס קוקט צוריק אָן, אפשר אַ שפּיאָן. נאָר היינט לאַכט מען פון אים... און אָט ווערט שוין אַ זייגער צוועלף. איך לאָז מיך גיין אַ מוטיקער, אַ מונטערער, פול דערוואַרטונגען... אויפן טראָטואַר, איבערהויפּט פון דער רעכטער זייט גאַס, איז שוין אַ געדרענג, איילנבויגנס רייבן זיך אָן איילנבויגנס, מען שטופּט זיך שוין און מען ציט ווייטער און ווייטער...

אין די טיפֿע הויפֿן מיט די פֿאַרהאַקטע טויערן ליגט באַהאַלטן פּאָליציי, גאַנצע עסקאַדראָנען קאָזאַקן. מען פֿילט עס, מען ווייס עס ... און די טראָגיקייט ווערט נאָך שטאַרקער...

באַלד ווערט די גאַס אַליין, ניט בלויז די טראָטואַרן, פֿאַרדעקט מיט מענטשן; די טראַמווייען קורסירן קוים, שטעלן זיך אָפּ. און אָט וואַרפֿט עמעצער אַרויס אַ רויטע פֿאָן, נאָך איינע, נאָך איינע... זי פֿלאַטערט אַ ווײַלע אין דער לופֿטן. אַ רײַטער-פּאָליציימאַן יאָגט זיך אויף זײַן פֿערד, אַ קאָזאַק נאָך אים... אַ צווייטער, אַ גאַנצער עסקאַדראָן — שווערדן אַנטפּלויזן זיך פֿון די שיידן, פֿערד שניידן זיך אַרײַן אין דער מענגע... מען צעשיט זיך אין די זײַטיקע גאַסן... אָבער באַלד קומען צו נאָך מער... מען לאָזט זיך אויף אַלעקסאַנדער-פּלאַץ. מען זינגט „די רויטע פֿאָן". די קאָזאַקן ווערן ווילדער... מען רײַסט די רויטע פֿאָנען, וואָס מוטיקע וואַרפֿן אַרויס איבער די קעפּ פֿון דער מענגע.

דער אײַנדרוק איז אומבאַשרײַבלעך. בכלל דאָס ערשטע מאָל געזען אַזאַ מחנה אונטערן פֿרײַען הימל... — מען האָט זי געשאַצט אויף מאָרגן אין הונדערט טויזנט — און די מוטיקייט פֿון די קעמפֿער, מען שטעלט זיך אַנטקעגן. בײַ איין פּאָליציימאַן רײַסט איינער אַרויס דאָס פֿאָכנדיקע שווערד און אַנטלויפֿט און פֿאַרשווינדט אין דער געדיכטער מאַסע. די קאָזאַקן ווערן ווילדער. זיי הייבן אָן פֿאָכן מיט זייערע בײַטשן, מיט די שווערדן. עס הערט זיך ווי אַ שאָס אין דער לופֿט...

דאָ, בין איך מודה, לאָז איך זיך גיין צוריק. ניט ווײַל איך האָב זיך דערשראָקן. צו-שטאַרק בין איך פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿון דעם הערלעכן בילד, וואָס די גראַנדיעזע און געלונגענע ערשטע-מאַי-דעמאָנסטראַציע האָט דעמאָלסט פֿאָרגעשטעלט, אַז עס זאָל בלײַבן אין מײַן וועזן אַ פּלאַץ פֿאַר שרעק — נאָר עס האָט מיך ווידער אַ הייב געטאָן, אַ טראָג געטאָן צו געבן אויסדרוק דעם שטאַרקן אײַנדרוק, וואָס עס האָט אויף מיר געמאַכט דאָס דאָזיקע בילד... אָט דער אָנגעשטרענגטער, האַלב-שטומער, האַלב-ברויזנדיקער קאַמף פֿון צוויי ניט-גלײַכע קרעפֿטן.

איך ווייס ניט פֿאַרוואָס, נאָר עס האָט זיך מיר פֿאָרגעשטעלט, ווי די גרויסע מאַסע שטייט פֿאַר אַ וואַנט און וואַרפֿט זי אַיין און און צעשמעטערט זי...

איך בין ווידער אַוועק אויף נאָוואָלִיפּיע, וואָס פֿון דעם פּלאַץ, וואו די דעמאָנסטראַציע איז פֿאָרגעקומען, איז זי געווען גענוג ווייט. גייענדיק האָבן זיך שוין בײַ מיר צוזאַמענגעלייגט אַ ן קאָפּ שורות און פֿערזן.

איך האָב זיי בלויז געדאַרפֿט פֿאַרשרייבן.

אין מיין וואוינונג איז קיינער ניט געווען. און אפשר איז די יונג־ליבע פֿרוי ראָזענבלאַט יאָ געווען. נאָר זי אַלס יונגע מוטער, וואָס האָט זיך באַזאָרגט אָפּגעגעבן מיט איר צוויי־דריי־מאָנאַטדיקן קינד, האָט מיך ניט באַמערקט אַפֿילו.

איך האָב גלייך זיך גענומען אָנוואַרפֿן:

די אויגן פֿול צאָרן, פֿאַרגאָסן מיט בלוט,
די הערצער זיי שלאָגן מיט קראַפֿט און מיט מוט;
מיר שטייען בײַ הויכער געמויערטער וואַנט
מיט אײַזנס און האַמערס אין לאָמען אין האַנט,
מיר ברעכן די וואַנט...

די וואַנט איז געמויערט גאָר פֿעסט און גאָר דיק,
פֿאַרשטעלט אונז די וועגן צום לעבן, צום גליק;
פֿאַרשטעלט אונז די ליכטיקע שיין און זי מאַכט
פֿון פֿריילאַכן טאָג אונז, אַ טרויעריקע נאַכט —
מיר ברעכן די וואַנט...

און אַזוי ווייטער. דאָס ליד איז היינט באַקאַנט. און אויב איך שטאָלציר איצט ניט מיט איר פֿאָרם — וואָס איז ניט ווילנ־דיק אַ באַאיינפֿלוסטע פֿון. היינעס „די וועבער“, ווי ח׳ אָלגין האָט אין אַ רעצענזיע אַמאָל ריכטיק באַמערקט — האָב איך דאָך דאַן געמיינט, אַז כ׳האָב אָנגעשריבן עפּעס אַ גראַנדיעזע ווערק... איך בין גלייך אַוועקגעגאַנגען צו פּרצן. ניט קיין שבתדיקער טאָג אַפֿילו, אָבער מער ווי אַ שבתדיקער... דער טאָג פֿון אַ גרויסן יום־טוב...

עס איז געווען שוין אַרום אַ זייגער זעקס פֿאַרנאַכט, איך האָב גראָד פּרצן געטראָפֿן אין דער היים און דווקא אין זייער אַ

מוטיקער שטימונג. קודם האָב איך אים אָפּגעגעבן אַ גרוס פון דער „דעמאָנסטראַציע" אין האַלבע ווערטער, אַ ביסל ניט דרייסט — איי־נער אַליין מיטן רבין — אי אַ גליק, אי ניט באַקוועם — די אַלע שטראַלן פון זיינע אויגן פאַלן אויף מיר אַליין, הייסט עס, איז ווער קען עס פאַרטראָגן?... ער האָט אָבער אויסגעהערט אויפמערק־זאַם, זיך טיף און ערנסט פאַרטראַכט און עפּעס באַמערקט, וואָס געדענק איך ניט — וועגן דער באַוועגונג. האָב איך שוין אַרויס־גענומען דאָס ליד, וואָס איז נאָך געווען וואַרעם; ערשט פון האַרצן אַרויס.

ער האָט איבערגעלייענט, פאַרטיפט: געהאַלטן עס אין האַנט אַ ווײַלע, אַריינגעקוקט נאָך אַמאָל אין דעם, אויף מיר אַ בליק געטאָן און זיך אָנגערופן:

— יאָ, ס'איז אַ גוט ליד. אָבער מען דאַרף עס נאָך אָנ־שרייבן...

איך בין געוואָרן ווי אַנטטוישט, שוין מער אין פרצן, ווי אין ליד... סטייטש — איך האָב עס געשריבן מיט אַזאַ פייער, אין אַזאַ עקסטאַז... איך פרוּוו זיך דינגען מיט אים...

— יאָ... געוויס, — ווערט ער עטוואָס נאָכגעביקער, — אָבער מען דאַרף עס נאָך גוט פאַרריכטן... באַאַרבעטן, ס'איז נאָך רוי...

אַוודאי איז ער דאָס מאָל געווען גערעכט. די לעצטע סטראָף: „פאַרזאַמלט זיך, ברידער, קומט אַלע אַהער", האָט ניט פאַרמעגט קיין בילדער, בלויז ווערטער, הגם שטאַרקע. איך אָבער בין געווען אַנטטוישט דאַן, וואָס פרץ קען ניט דורכגעדרונגען ווערן מיט מיינע געפילן.

אַ טרייסט און אַ באַפרידיקונג אָבער האָב איך באַקומען. ער האָט אין דער קורצער צייט, וואָס איך בין נאָך פאַרבליבן ביי אים, אַליין אונטערגעזונגען דעם רעפרעין פון מיין ליד:

מיר ברעכן די וואַנט —

און דערביי זיך שטאַרק פאַרטראַכט...

דערפאַר אָבער האָט דאָס ליד אויסגענומען ביי מיינע חברים די רעוואָלוציאָנערן און אַרבעטער־פירער. דעם ערשטן פון זיי האָב

איך, פאַרשטייט זיך, געוויזן ליפּען. אַזאַ מין ליד איז פאַר אים געווען אַ געפינס. ער האָט מיך גלייך — און אפשר אויף מאָרגן — אַוועקגע־פירט אין דעם פּריוואַטן רעסטאָראַן פון מאַטאָלסקי. דער עלטערער זון פון דעם רעסטאָראַטאָר, וועגן וועמען איך האָב שוין דער־ציילט, איז געווען דאַן אַ פייערדיקער רעוואָלוציאָנער און איז געווען איינער פון די פּאַרטרויטע פון די הויפּט־פירער פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, אַ בונדיסט, נאַטירלעך. דערהערט אַזאַ ליד, איז ער געוואָרן ערשטנס באַגייסטערט פון דעם ליד אַליין, און צווייטנס, איז דאָס געלאַט אַ גליק, ווייל צום נייעם נומער „אַרבעטער־שטימע“ וועט אַזאַ ליד זיין ווי געוואונטשן. צי האָב איך אים אַליין דאָס ליד איבערגעגעבן, צי נחן, ווערלכער האָט דאַן געוואוינט אין וואַרשע שטאַרק קאָנספּיראַטיוו און איך האָב געהאַט די זכיה בלויז אַ צוויי מאָל צו זען אים — נאָר דאָס ליד איז אַוועקגעגעבן געוואָרן פאַר דער „אַרבעטער־שטימע“, וואָס פרעג מיך בחרם, וואו זי האָט זיך דאַן געדרוקט, צי אונטערערדיש, אין וואַרשע, צי אין לאָדז, צי גאָר אין ביאַליסטאָק, צי אפשר אין אויסלאַנד, וואו מען האָט פיל נומערן געדרוקט און נאָכדעם, שוין אויף אַן אומלעגאַלן אופן, דורכגעשוואַרצט די גרענעץ און אַריינגעפירט אין רוסלאַנד און פּוילן.

אַוודאי האָב איך אונטער דעם ליד מיין נאָמען ניט אונטערגע־שריבן. דאָס איז געווען בכלל דאָס ערשטע ליד, וואָס כ׳האָב גע־געבן פאַר אַן אומלעגאַלער צייטונג. איך בין זיך מודה, אַז אַ ביסל האָב איך זיך געשראָקן. אמת, מיין נאָמען איז ניט אונטערגע־שריבן — און דאָס האָט מיך אויך אַ ביסל געאַרט אין יענער צייט — אָבער מיין האַנטשריפט איז דאָך מעגלעך שוין באַקאַנט אין דער אָכראַנע... און ווער ווייסט, צי פאַלט ניט אַמאָל אַריין דער מאַנוסקריפּט, איידער עס דרוקט זיך אָפּ, אין „זייערע“ הענט...

און דעמאָלסט האָט מען געקענט דערפאַר באַצאָלן מיט עט־לעכע יאָר פאַרשיקונג.

נאָר פאַר מיינע חברים בלייבן אַ סוד מיינע איבערלעבענישן ביים איבערגעבן זיי דאָס ליד. אַדרבא, איך בין מוטיק און אין דער

שטיל אויך שטאָלץ, וואָס איך קען דינען דער באַוועגונג מיט
אַ ליד.
איך זאָג זיי נאָך צו געבן מער פון דעם מין.
און איך האָב מיין וואָרט געהאַלטן.

# איינאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל

נאָמבערגס איינפלוס. — זיינע שטרענגע מיינונגען. — דער העברעישער לערער מ. ווילנער. — זיין וואַרשעווער ווייבל. — ליטעראַרישער נאָמען אַלס מיטל צו לעקציעס. — איך שענק מ. ווילנערן אייניקע דערציילונגען. — ער שיקט זיי אַוועק אין דער יידישער „וועלט" אין ווין. — דער באַגייסטערטער בריוו פון רעדאַקטאָר. — איך בין אייפערזיכטיק אויף זיך אַליין... — מיין דערציילונג „רייזעלע". — פרצעס פופציקיעריקער יובילייי. — איך אַלס גרויסער מחותן. — אויף סוכות אין מינסק. — מיין אויסגעוואַקסענע שוועסטער שרה־בתיה. — די ברידערלעך זלמן און הירשל. — די באַוואוסטזיניקע אַרבעטער בערשטער. — דווידקע, מאַטקע, וואָלק און פוטער. — מיינע ערשטע מעצענאַטן־אַרבעטער. — די שווערע מאַטעריעלע לאַגע אין דער היים. — איך שרייב אָן מיין דערציילונג „צוריק אויף דער שטעלע". — דער קלויסטער קעגנאיבער אונזער דירה. — גלאָקן קלינגען. — „אַך, וואָס קלינגט איר קירכנגלאָקן". — איך פאָר צוריק קיין וואַרשע. — איך שטעל זיך אָפּ אין ווילנע. — די בוכהאַנדלונג פון א. גאַסעלניק. — הלל וויכנין, דער איבערזעצער. — קלמן דער פריקאַזטשיק.

נאָמבערג, מיט וועמען איך האָב געוואוינט ביי ראָזענבלאַט דעם סטאָליער אַ האַלב יאָר צייט, איז געווען דער ערשטער, וועמען איך פלעג פאָרלייענען אַליך, וואָס איך האָב דאַן געשריבן, אויב איך האָב נאָר עס פריער אַליין ניט פאַרבראַקירט. זיינע מיינונגען זיינען געווען שטרענג, טיילמאָל ביז פאַרניכטונג, אָבער ער האָט דאַן געהאַט אַ כוח צו ווירקן אויף מיר... ס'זיינען געווען מאָמענטן, ווען כ'האָב געמיינט, אַז כ'בין שוין גאָר אויס, און זיינע מיינונגען האָבן פשוט געשראָקן. עס איז געווען אַ גליק, וואָס אויסער נאָמבערגן זיינען געווען אַנדערע צווישן מיינע נאָענטע באַקאַנטע, אמת — ניט אַזעלכע אויטאָריטעטן, וואָס האָבן זיך צו מיינע דעמאָלסטיקע שאַפונגען באַצויגן מילדער און אַפילו מיט גרויס אָנערקענונג

אויך. אַוודאי האָבן יענע ניט געהאַט נאָמבערגס שטרענגע גבורה צו אַנאַליזירן אַזוי אַ זאַך, איך רייד שוין ניט — אַ גאַנץ ליד צי אַן ערציילונג, אַזוי ווי ער. אָבער אַ ווידערשטאַנדס־כּוח אויסצוהאַלטן נאָמבערגס מיינונגען האָבן זיי דאָך מיר געגעבן... פונדעסטוועגן האָב איך פיל זאַכן, וואָס איך האָב געשריבן יענעם יאָר, אַדאַנק נאָמבערגס איבער־מבינות — איך וויל ניט זאָגן באַגרענעצטע מבינות — פאַרניכט, איבערהויפּט לידער. אַן ערציילונג איז מיר אָפּט געווען אַ שאָד צו פאַרניכטן, הגם אַ פּאָר דערציילונגען האָב איך צוליב אים אויך צעריסן.

צווישן מיינע פריינד און פאַרערער, וואָס מיט די מערסטע פון זיי האָט טאַקע מיך נאָמבערג באַקאַנט געמאַכט, איז געווען איינער מ. ווילנער, אַ שיינער, עלעגאַנט געקליידטער יונגערמאַן, אַ ברונעט מיט פייערדיקע אויגן און פעך־שוואַרצע האָר, שטענדיק פאַרקאַמט אין דער זאָרגפולסטער אָרדענונג. ער איז געווען וואָס עס הייסט אין וואַרשע אַ ליטוואַק, אָבער חתונה האָט ער געהאַט, טאַקע אין דעם זעלבן יאָר, מיט אַ וואַרשעווער מיידל, אַ חסידישע טאָכטער, אַ שיינע, אַ געזונטע און אַ פריילעכע, הגם געטראָגן האָט זי, צוליב אירע עלטערן, אַ שייטל. אמת, ס'איז געווען אַ שייטל פון שייטל־לאַנד. איך פלעג צו דעם יונגן פּאָרפאָלק אַמאָל אַרויפקומען מיט נאָמבערגן, — כ'געדענק ניט און באַגרייף ניט צוליב־וואָס. אויפנעמען פלעגט זי אונז זייער פריינדלעך מיט גוטע ווערטער און קאָמפּלימענטן. זי איז געווען אַ לעזערין פון „יוד“ און אויף יעדער זאַך מיינער, וואָס עס האָט זיך אָפּגעדרוקט אין „יוד“, האָט זי אויסגעדריקט איר התפּעלות אויף איר איינגאַרטיקן פּוילישן יידיש.

אַ פּויליש־יידישע טאָכטער זאָל חתונה האָבן מיט אַ ליטוואַק איז דעמאָלט געווען אַ געוואַגטער שריט. דאָס איז געווען אָדער אָן דער הסכּמה פון די עלטערן, אָדער נאָך אַ לאַנגן קאַמף. אין יענער צייט האָבן נאָך די פּוילישע יידן, איבערהויפּט די חסידישע, שיר ניט מורא געהאַט פאַר אַ ליטוואַק, הגם איך פערזענלעך האָב עס אין דער באַציִונג צו זיך אַליין ניט געפילט. אין די וואוינונגען, וואָס איך האָב געהאַט ביי פּוילישע יידן אין פאַר־

לויף פון די שפּעטערדיקע יאָרן פון מיין לעבן אין וואַרשע, האָב איך זיך געפילט ווי אַן אייגענער מענטש. אַנדערע האָבן זיך מיט מיר געבענטשט, אַנדערע האָבן מיך באַוואונדערט און אַנדערע האָבן מיר געמאַכט קאָמפּלימענטן, אַז איך בין גאָרניט ענלעך צו אַ ליט־וואַק, איך רייד אַפילו ניט ווי אַ ליטוואַק. איך פלעג טאַקע זיי צו־ליב זאָגן „קימען", „איך בייט איהן", „גראַים", וואורהאַט", „פרייגן"...

האָב איך טאַקע דערפאַר גרויס נחת געהאַט, ווען איך האָב געזען, אַז די „געמישטע עהע", ד"ה דאָס חתונה האָבן פון אַ ליטוואַק מיט אַ פּוילישער, איז אַן ערפאָלג און דער „שלום־בית" איז קיינמאָל ניט פאַרשטערט...

קומט צו מיר איינמאָל צו גיין דער זעלביקער מ. ווילנער און קלאָגט זיך, אַז ער האָט ווייניק לעקציעס. טרייסט איך אים דער־מיט, אַז איך האָב בלויז איינע; הגם איך בין ניט קיין גרויסער בעלן אויף געבן לעקציעס אין וואַרשע און נאָך אויף העברעיש — וואָלט מיר ניט געשאַדט נאָך אַ לעקציע...

— אָ, איר, מיט אייער נאָמען! — רופט ער זיך אָן, — ווען איר ווילט נאָר, וואָלט איר געקענט קריגן גענוג לעקציעס.

ער זיפצט אָפּ, ווערט אַנטשוויגן און רופט זיך ענדלעך אָפּ:

— זיי ווילן נאָר, אַז דער לערער זאָל זיין אַ שרייבער. ווען איך וואָלט כאָטש האָבן איין זאַך אָפּגעדרוקט... איין זאַך בלויז...

— איר מיינט אין „הצפירה?" — פאָרש איך אים מיט אָנ־טייל.

— עס איז רעכט אַפילו אין „יוד"... — ענטפערט ער, — ביי זיי (ער מיינט ביי די באַלעבאַטים, וואָס לאָזן זייערע קינדער לערנען העברעיש), ביי זיי איז אַ כבוד, אַז זייער לערער איז אַ שרייבער. און העברעיש איז לאַוו דווקא; זשאַרגאָן, זאָגט ער, איז איצט אויך ביי זיי געהויבן...

און ער פאַרענדיקט:

— ווען איך האָב איין זאַך אָפּגעדרוקט!

פאַלט מיר איין, אַז פון די עטלעכע דערציילונגען, וואָס איך האָב אין מאַנוסקריפּט, פאַרבראַקירטע פון נאָמבערגן און פון מיר

אַליין, וואָלט מען אפשר איינע אָנגענומען. און איך דערמאָן זיך אָן דער וואָכנשריפט „די וועלט", וואָס ערשיינט אין ווין דורך דער ציוניסטישער ביוראָ, אויך אין יידיש, און וואוהין איך אַליין האָב שוין אַוועקגעשיקט מיין דערציילונג „רייזע־לע", ווייל פאַרן „יוד" האָט זי פאַרמאָגט אַ צו־סאָציאַליסטישן מאָטיוו. „די וועלט" אין יידיש, הגם דער אָרגאַן פון דער ציוניסטישער פאַרטיי, איז געווען ליבעראַלער, איבערהויפט צו בעלעטריסטיק. פאָרט איז „די וועלט" ערשינען אין מערב־אייראָפּע... אויך די באַציִונג פון „דער וועלט" צו יידיש איז געווען אַ וואַרעמערע, אַ פריינדלעכערע.

און איך רוף זיך אָן:

— הערט, ווילנער, איך האָב אַ פּלאַן: ביי מיר ליגן אייניקע דערציילונגען, וואָס איך אַליין האַלט פון זיי ווייניק. דרוקן זיי אויף מיין נאָמען וויל איך ניט. אויב איר ווילט, שענק איך אייך זיי אַוועק, שרייבט זיי איבער און שיקט זיי אַוועק אין „דער וועלט". „די וועלט" ווערט אויך אין וואַרשע פאַרשפּרייט, וועט איר ווערן — שמייכל איך — באַרימט און באַקומען מער און רייכערע לעקציעס.

געמיינט האָב איך, אַז מ. ווילנער וועט זיך קווענקלען, ווייל קיין גלאַטע זאַך איז דאָך דאָס ניט. אָבער ווילנער האָט זיך אָנגעכאַפּט מיט שמחה און ער האָט אויסגעשטאַמלט:

— דאָס וועט מיך ראַטעווען, איר פאַרשטייט — פאַר זיי אַ שרייבער...

— איך בין פונדעסטוועגן ניט זיכער, צי מען וועט דרוקן — וואָרן איך אים...

ער קוקט מיך אָן מיט אַ שמייכל, ווי איינער זאָגט: אַיערס ניט דרוקן?!

ווערן שוין ביי מיר אַליין מיינע זאַכן דערהויבן. מאַלע וואָס נאָמבערג האָט געזאָגט. נאָר אַרויסגעכאַפּט זיך — איז פאַרפאַלן, און דערצו ווער איך שוין אַליין נייגעריק, מיט וואָס וועט זיך עס ענדיקן.

איך גיב אים איבער פיר דערציילונגען: „אויף אַ זייגערל",

„מאַדאַם בריינע", „מיין באָבעס גליק" און „דאָס קישעלע". ער ער נעמט זיי צו און דאַנקט מיר אַזוי שטאַרק, אַזש איך ווער גערידט. רוף איך זיך שוין אָן:

— דאָס בריוול צום רעדאַקטאָר וועט איר אַליין אָנשרייבן.

זאָל ער, הייסט עס, אויך האָבן אַ חלק אין דעם, אויסער זיין איבערשרייבן...

— נו, זיכער... — לאַכט ער, — אַזוי ווייט בין איך נאָך אַ שרייבער...

ער גייט אַרויס פון צימער אַ גליקלעכער, פול מיט האָפענונגען אויף אַ ליטעראַרישער צוקונפט...

איך באַוואונדער זיין נאַיוויטעט, פאַרענטפער אים, אַז דאָס טוט ער אויס איבערגעגעבנקייט צו זיין שיינער יונגער פרוי (דאַכט זיך — שוין אַ קינד אויך געווען) און איך בין צופרידן, וואָס איך קען זיין לאַגע כאָטש אויף אַזאַ זאָנדערבאַרן אופן פאַרבעסערן...

אין אַ וואָך אַרום, אַז איך האָב שוין אָן דער גאַנצער פאַכירונג פאַרגעסן, קומט אַריין מ. ווילגער, אַ פאַרסאָפּעטער, אַ פאַרווירטער און אַ איבעראַשטער.

— נו, וואָס הערט זיך?

— איך, איך בין ווי צעטומלט... רעדט ער ווי פאַרשעמט.

מיין איך, אַז ער האָט באַקומען אַ שלעכטן ענטפער אויף די געשיקטע „זאַכן"...

— וואָס, ניט אָנגענומען?...

— אַך, וואָס רעדט איר — ניט אָנגענומען!... — דינגט ער זיך און זעצט פאָר: — איך בין אינגאַנצן צעטומלט... אַזוינס האָב איך ניט דערוואַרט...

און ער נעמט אַרויס אַ קאָנווערט, פון קאָנווערט ציט ער אַרויס אַ בריוו און דערלאַנגט מיר...

— נאַט לייענט...

איך הייב אָן לייענען און גלויב ניט מיינע אויגן. מיינע פיר פאַרשעמטע דערציילונגען ווערן דערהויבן, וואַקסן אויס... ווערן באַלוינט...

„אייערע דערציילונגען האָבן אונז אַנטציקט, אַזוינס האָבן מיר אין יידיש ניט געלייענט... ביי די רוסן איז איצט דאָ אַזאַ שרייבער... זיין נאָמען איז טשעכאָוו...“ און נאָך און נאָך... איך שעם זיך איצט צו דערציילן איינגאַנצן, ווי אַזוי דער רעדאַקטאָר האָט אים געריטמט...

און צום סוף בריוו: „שרייבט אונז, ווער איר זייט? צי זייט איר דאָס אַליין דער סטודענט פון אייער דערציילונג, וואָס טראָגט דאָס קישעלע פּאַרזעצן?“

אַז איך האָב דעם בריוו דורכגעלייענט, האָב איך זיך געשעמט אָנצוקוקן מ. ווילנער. דאָס זעלבע איז געשען מיט אים. נאָך אַ לאַנגער פּאַוזע האָט ער זיך ענדלעך טרויעריק אָנגערופן:

— נו, וואָס וועט איצט זיין?

— וואָס זאָל זיין, גאָרנישט, — לאַך איך, — עס מוז אָבער בלייבן אַ סוד. — גיב איך צו שטרענג, כדי אים צו באַרויקן.

— זיכער, איבערהויפּט מיין פרוי זאָל ניט דערגיין... איך האָב איר שוין דעם בריוו געוויזן... זי איז אַזוי גליקלעך...

דערמאָנט ער זיך, אַז נאָמבערג האָט די דערציילונגען פאַרבראַקירט. פאַרדריסט אים אויף נאָמבערגן און ער רופט זיך אָן:

— נאָמבערגן מוז מען דעם בריוו ווייזן...

ער ווערט שוין פריילעכער...

— זאָל ער טאַקע לייענען... און זאָל ער זען...

איך בין ניט געווען אויסן צו רייצן זיך מיט נאָמבערגן. איך בין ערשטנס ניט געווען זיכער אין דער גרויסער אויטאָריטעט פון דעם רעדאַקטאָר פון „דער וועלט“ — מאָזעס הערמאַן, הגם שפּעטער בין איך דערגאַנגען, אַז ער איז געווען אַ לערער פון ליטעראַטור אין אַ ווינער הויכשול — און צווייטנס האָב איך ניט געוואָלט זיך גרויסן קעגן נאָמבערגן... אָבער נאָמבערג איז גראָד אָנגעקומען און איך האָב אים דעם בריוו יאָ געוויזן.

נאָמבערג האָט דורכגעלייענט, קלוג אַ שמייכל געטאָן און זיך אָנגערופן:

— נו, איז דאָך טאַקע גוט... זייער גוט....

איך האָב זיך געסטאַרעט מבטל צו מאַכן דעם גאַנצן ענין...

— ווייס איך, עפּעס אַ דייטש...

— ניין, פּאַרוואָס... — איז שוין נאָמבערג ערנסט געוואָרן,— מעגלעך, אַז איך האָב טאַקע אַ טעות געהאַט.

און דערמיט וואָלט זיך עס געענדיקט. איך האָב עס ווירקלעך געוואָלט פאַרגעסן, הגם אין מינוטן פון אַנטטוישונגען און אומגלויבן אין זיך, איבערהויפּט נאָך פּרצעס און אויך נאָך בעל-מחשבותעס שטרענגקייט, האָט מיך דאָך דער גוטער בריוו — וועלכער איז, אַגב, געבליבן ביי מ. ווילנערן — געוואַרעמט און געמוטיקט...

אָבער געענדיקט האָט זיך עס דערמיט ניט... די דערציילונגען האָבן זיך גענומען דרוקן איינע נאָך דער אַנדערער אין „דער וועלט“... די הויפּט-אַגענטור פאַר „דער וועלט“ איז געווען דער העברעיִשער פאַרלאַג „תושיה“, וואָס איז געפירט געוואָרן דורך בן-אביגדורן, און טאַקע ער פלעגט, לויט דער אָנווייזונג פון ווין, אויסצאָלן דעם האָנאָראַר. איך האָב באַקומען פאַר מיין דערציילונג „רייזעלע“ צו פינף קאָפּיקעס פאַר אַ צייל, און מ. ווילנער פאַר „זיינע“ דערציילונגען — גאַנצע זיבן. הגם ער, ווילנער, האָט מיר אַ טייל פון דעם האָנאָראַר צוריקגעגעבן, וואָס ס'איז מיר שטאַרק צוניין געקומען אין יענעם שווערן זומער, אָבער איך בין געווען שיר ניט אייפערזיכטיק, וואָס ער, אַן אָנפאַנגער, נעמט זיבן קאָפּיקעס פאַר אַ צייל און איך, שוין מיט אַ נאָמען, בלויז פינף... אויך בן-אביגדורן האָט עס שטאַרק געאַרט.

— איך ווייס ניט, וואָס האָבן זיי דאָרטן אין ווין דערזען אין דעם מ. ווילנערן...

— האַ, וואָס — אייך געפעלט ער ניט? האַ? פלעג איך זיך שוין אָנכאַפּן, אַליין ניט וויסנדיק, צי צופרידן, צי באַליידיקט...

— איך מיין, ער האָט יאָ עפּעס, — פלעגט שוין בן-אַביגדור אָפּמעסטן אויפן פינגער, וויפיל מ. ווילנער האָט יאָ טאַלאַנט — אָבער אים זיבן און אייך פינף — דאָס איז שוין אַ העזה...

און מ. ווילנער אַליין האָט זיך אויך געפילט אומבאַקוועם, וואָס ער באַקומט אַ גרעסערן האָנאָראַר פאַר מיר... און ער פלעגט מיר פאָרשלאָגן, איך זאָל נעמען דעם גאַנצן האָנאָראַר. אָבער איך האָב זיך אַנטזאַגט. אַ מענטש האָט געאַרבעט, איבערגעשריבן, גע-

דרוקט אויף זיין נאָמען, גייט מאָנען אין „תושיה" יעדעס מאָל — אויך ניט קיין לייכטע אַרבעט געווען, — און טראָגט נאָך די פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט פאַר די דערציילונגען — אים קומט טאַקע מער.

און דערצו איז טאַקע מ. ווילנער אַליין געווען אַ גרויסער נצרך, ווייל אויב קיין מער און בעסערע לעקציעס האָט ער, דאַכט זיך, צוליב די פאָר דערציילונגען ניט באַקומען, איז ער אָבער אַוודאי געוואָרן אַלס שריפטשטעלער אַ גרעסערער בעל־הוצאה, און זיין שיין, יונג־ווייבל, היערזעענדיק אין אים אַזאַ טאַלאַנט, האָט אַוודאי די הוצאה נאָך פאַרגרעסערט...

איך האָף, אַז מ. ווילנער וועט מיר פאַרגעבן, וואָס איצט, אין זיבן און צוואַנציק יאָר אַרום, זאָג איך אויס דעם סוד. איך זע אין דעם ניט קיין זינד, ניט פון מיין זייט, ניט פון זיין זייט. ער איז מיר איצט אַזוי נאָענט און סימפּאַטיש, ווי אין יענע יאָרן פון פריער יוגנט און זוניקן לייכטזין...

אַ גרוס צו אייך, מ. ווילנער, וואו איר זאָלט איצט מיט אייער פאַמיליע ניט זיין!

* * *

קיין וויכטיקע פּאַסירונגען אין מיין לעבן איז אין יענעם זו־מער (1900) ניט פאָרגעקומען, און אפשר יאָ, נאָר איך געדענק זיי ניט. עס איז מיר בלויז געבליבן אין זכרון די פייערונג פון פּרצעס פופציקיעריקן יובילײ. עס איז געווען אַ שיינער ליכטיקער טאָג, ל"ג בעומר. אין יענעם טאָג האָבן זיך צו פּרצן אין הויז געצויגן פולע פאַרערער און מקורבים צו באַגריסן אים. ווער עס האָט געבראַכט בלומען, מתנות און ווער זיין דאַנקבאַרקייט און אָנערקענונג צו דעם גרויסן דיכטער. איך האָב נאָך מיט עטלעכע טעג פריער זיך פאַר־געבייט מיט אַ ליד. עס איז געווען אַ מין אָדע, און אַ גענוג לאַנגע, צו פּרצן. אין דעם ליד האָב איך אַריינגעפלאָכטן, ווי ראָ־זינקעס, אַלערליי טיטלען פון זיינע דערציילונגען און לידער, ווי „באָנטשע שווייג", „דאָס שטריימל" און אַנדערע. איבערגעשריבן האָב איך דאָס ליד אויף אַ גרויסן קאָלירטן בויגן פּאַפּיר, וואָס איך האָב געקויפט עקסטרע — אויבן מיט אַלערליי געמאָלטע בלומען. גע־

קומען צו פּרצן אין דעם טאָג פֿון זיין יום־טוב — האָב איך אים, פֿאַרשעמט שמייכלענדיק, באַגריסט, דריקנדיק אים שטאַרק די האַנט און דערלאַנגענדיק אים דאָס ליד, לכּבוד אים, צו זיין יובילײ... האָט ער מיך האַרציק באַדאַנקט און עס אַוועקגעלייגט צווישן די אַלע באַגריסונגס־בריוו און טעלעגראַמען. ער האָט אויסגעזען יום־טובדיק, גוטמוטיק שמייכלענדיק און הייליק־פֿאַרהאַוועט. איך בין אַוועקגעגאַנגען אַ צופֿרידענער, הגם קיין סך האָב איך מיט אים ניט גערעדט. ער האָט געהאַט צו־פֿיל געסט, בין איך טאַקע געווען אויך צופֿרידן, וואָס די פֿייערונג פֿון זיין יובילײ נעמט אָן אַזאַ יום־טובדיקן כאַראַקטער. פֿון דער צווייטער זייט האָט מיר עפּעס גײ געטאָן: פּרץ איז שוין אַלט פֿופֿציק יאָר! ער, וואָס האָט אַזוי ליב די יוגנט און האָט זיך געהאַלטן אַזוי יונג, האָט אויסגעזאָגט דעם סוד: פֿאַר מיר, אַ דעמאָלסט קוים פֿינפֿאונצוואַנציקיעריקן, איז ד צאָל פֿופֿציק געווען אַ שווערע, אַ געוויכטיקע. איך האָב געמיינט, אַז צו פֿופֿציק יאָר איז מען שוין אַן אַלטער מאַן.

איך האָב זיך נאָכדעם געגרייט אויפֿן באַנקעט, וואָס איז פֿאַרגעקומען אינאָוונט אין אַ זאַל אויף דער לאַנגע־גאַס. און גרייטן זיך האָט מען געדאַרפֿט; אויפֿן באַנקעט האָט יעדער געמוזט קומען אין אַ שוואַרצן אָנצוג. האָב איך עס גענומען טאַקע אויף פֿראָקאַט און איך האָב פּרצן ניט פֿאַרשעמט. איך נאָמבערג און אַש, וועלכער איז שוין געווען אין וואַרשע און האָט שוין דעביוטירט אין „יוד“ מיט זיין „משהלע“ און צו פּרצעס יובילײ פֿאַרעפֿנטלעכט אין זעלביקן „יוד“ עפּעס אַ מעשה מיט אַ מיידל, וואָס העפֿט אויס אַ תּפֿילין־זעקעלע פֿאַר איר חתן — פֿון יענע ערשטע אַשס מעשיות, ווער עס געדענקט, — אויך נאָמבערג און אַש זיינען געקומען פֿאַרפּוצט. מיר דריי זיינען דאָס געווען די „יונגע“, די האָפֿענונג פֿון דער יידישער ליטעראַטור און אויף דער שמחה האָבן מיר אַוודאי ניט געטאָרט פֿעלן. דאָס האָט שוין אי פּרץ און דער ליבער דינעזאָן געזען, אַז מיר זאָלן באַקומען בילעטן אויפֿן באַנקעט — פֿריי...

געזעצט אונז, יונגע, אויפֿן באַנקעט האָט מען ניט צוזאַמען, נאָר באַזונדער. נאָמבערג איז געזעסן ניט ווייט פֿון פּרצן, אין דער אויבנאָנעדיקער ריי, ביים ערשטן טיש, אַנטקעגן פּרצן, וואָס איז

געזעסן אינמיטן. פרץ בײַ די זײַטן זײַנען געזעסן די פּני פון וואַרשע, מיט שלמה גראָסגליק בראש... שלמה גראָסגליק איז געוועזן פּרצעס שעף אין דער גמינע, אָבער פּרץ איז, פאַרשטייט זיך, ניט געווען אים אונטערגעוואָרפן. גיכער האָט גראָסגליק זיך אונטערגעוואָרפן פּרצעס ווילן. גראָסגליק, אַ ייִד מיט אַסימילאַטאָרישע טענדענצן, האָט דאָך פּרץ זייער געאַכט און אפשר אויך ליב געהאַט. אויך — ווי מיר דאַכט — איז געזעסן ניט ווייט פון פּרצן דער ראַבינער ד״ר פּאָזנאַנסקי און די אַנדערע פּני פון די וואַרשעווער ייִדן... די ראַדיקאַלע און רעוואָלוציאָנערע משפּחה האָט געפעלט... דאָס האָט פּרץ אַוודאי פאַרדראָסן. אָבער שולדיק איז דאָ קיינער ניט געווען. עס האָט זיך געשאַפן אַזאַ לאַגע, וואָס די ראַדיקאַלע עלעמענטן האָבן שוין ניט מיט כּוונה זיך אָפּגעזאָגט פון אָנטייל צו נעמען אין דער דאָזיקער גרויסער, אפשר נאַציאָנאַלער פייערונג... אויסערלעך איז אָבער פּרץ געווען רויִק, ליב געשמייכלט צו אַלעמען, אויף וועמען זײַן בליק איז געפאַלן, אויך צו מיר...

עס האָבן זיך אָנגעהויבן די טאָסטן. ווער דער טאָסטמײַסטער איז געווען, געדענק איך ניט — נאָר די רעדעס האָט מען געהאַלטן ווער אין פּויליש און ווער אין ייִדיש... אין ייִדיש האָבן אויסער פילע אַנדערע אויך גערעדט מ. ספּעקטאָר, נאָמבערג און אַש (אַש האָט זיך שוין געשניטן אויף אַן אָראַטאָר...). די געלונגענסטע רעדע האָט געהאַלטן מ. ספּעקטאָר. עס איז געווען אַ רעדע פול מיט הומאָר און פּאַטאָס. איך האָב זיך שטאַרק געפרייט מיט ספּעקטאָרס ערפאָלג, ווײַל דווקא פאַר אים האָב איך זיך געשראָקן — צווישן אַזוי פיל בערן און לייבן אַזאַ פּשוטער מענטש!... אָבער דער פּשוטער מענטש האָט זיי געוויזן, וואָס הייסט ייִדיש, די ייִדישע ליטעראַטור און ייִדישע שרײַבער... מען האָט ספּעקטאָרן זייער שטאַרק און לאַנג אַפּלאָדירט. אויך נאָמבערג — דאַכט זיך, אַז עס איז געווען די ערשטע רעדע זײַנע — האָט ניט פאַרשעמט אונז, יונגע. אָנגעשפּאַרט אויף דעם ברעג־טיש מיט בײדע הענט, דעם קאָפּ אַ ביסל אַראָפּגעבויגן, האָט ער גערעדט וועגן שכינתא בגלותא — אַקוראַט וואָס, געדענק איך איצט ניט. איך געדענק בלויז, אַז ער האָט גערעדט קלוג און טיף. זײַן רעדע האָט געמאַכט אַ

שטאַרקן אַיינדרוק, איבערהויפּט אויף די האַלבע און אויך גאַנצע אַסימילאַנטן, וואָס האָבן זיך אויפֿן באַנקעט געפֿונען. עס איז געקומען מיין ריי... מען האָט מיך „אויסגערופֿן“....

אויפֿן טיש, ניט ווייט פֿון מיר, זיינען געלעגן אַלע באַגריסונגען, טעלעגראַמעס און בריוו, וואָס מען האָט מיטגעבראַכט אויפֿן באַנקעט. מיין ליד אויף דעם קאָלירטן פּאַפּיר האָט אַרויסגעשיינט פֿון דעם גאַנצן בערגל פּאַפּירן... איך האָב זי בגנבה אַרויסגעצויגן, געהאַלטן אין האַנט און אָנגעהויבן אי מוטיק (ווייל אויפֿן באַנקעט, וואָס איז געווען פֿון דער ברייטער האַנט, איז געווען אויך וויין און איך האָב אַ ביסל געטרונקען), אי דערשראָקן, ווייל דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן:

„מיינע ליבע דאַמען (עס זיינען געווען פֿיל שיינע דאַמען) און הערן, און דו, גרויסער רבי, פּרץ!...“ — און דאָ האָב איך זיך אָפּגעהאַקט און צוגעגעבן, אַז איך בין צו פֿיל איבערגעפֿילט מיט געפֿילן, איך זאָל קענען אויסדריקן, וואָס איך פֿיל איצט אין דער גרויסער שעה, איז דעריבער בעט איך דערלויבעניש ביים ווערטן פּובליקום און ביים יובילאַר אַליין פֿאָרצולייענען מיין ליד, וואָס איך האָב געשריבן לכּבוד דעם גרויסן טאָג פֿון זיין יובּילײ...

איך האָב גלייך אָנגעהויבן לייענען דאָס געדיכט. געלייענט האָב איך שטאַרק, הויך און באַטאָנט די שטאַרקערע שטעלן... אַז איך האָב געענדיקט לייענען, האָב איך באַקומען אַפּלאָדיסמענטן גאָרניט צו פֿאַרזינדיקן. ד״ר משורר, לעבן וועלכן איך בין געזעסן, האָט שוין נאָך די אַפּלאָדיסמענטן מיר אויסגעדריקט זיין אָנערקענונג:

— אַיין היבשעס געדיכט... עס האָט מיר וואָהל געפֿאַלן... „זעהר“, „זעהר“ היבש!...

פֿון דעם דאָזיקן ליד האָב איך קיין קאָפּיע ניט איבערגעלאָזט. איך האָב געהאַלטן, אַז עס געהערט ניט צו מיר, נאָר צו פּרצן... אַז איך פֿלעג אָבער שוין אין וואָכן, אין מאָנאַטן און אין יאָרן אַרום קומען צו פּרצן, פֿלעג איך בגנבה בלעטערן דעם אַלבום, וואָס ער האָט געקראָגן אַ מתנה, טאַקע צו

זיין יובילײ, וואו עס זיינען געלעגן אַלע יובילײ־באַגריסונגען און פּאַפּירן, און זען, צי מיין ליד איז דאָ... איך האָב עס יעדעס מאָל געפונען אין דער בעסטער אָרדענונג און האָב זיך שטיל געפרייט און בין שטאָלץ געווען, וואָס פּרץ היט עס אָפּ...

און ווירקלעך האָט זיך בײַ פּרצן דאָס ליד אויפגעהיט ביז זיין לעצטן טאָג. דורך די וואַרשעווער „ליטעראַרישע בלעטער" בין איך דערגאַנגען, אַז דאָס ליד געפינט זיך איצט אין ווילנער אַנסקי־מוזיי, צווישן אַלע דאָקומענטן, וואָס האָבן אַ שייכות צו פּרצעס פּאָפּוליאַריקן יובילײ, וואָס איז געפייערט געוואָרן אין יאָר תר״ס, ל״ג בעומר, און אויף דער פייערונג בין איך געווען איינער פון די דריי יונגסטע מחותנים...

איך האַלט עס נאָך ביז היינט פאַר אַ זכיה און פּרצעס יובילײ־פייערונג איז פון די שענסטע און טיפסטע ערינערונגען פון מיין יוגנט...

* *
*

נאָך אַלע איבערלעבונגען אין די ערשטע אָנדערטהאַלבן יאָר אין וואַרשע האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז איך בין שוין פון דער היים — פון מינסק, גאַנץ לאַנג. עס איז מיר באַפאַלן אַ שטאַרקע בענקשאַפט נאָך מיין פאָטער, מיינע שוועסטער שרה־בתיה, רבקה (וואָס האָט אַגב געוואוינט אין דעם קליינשטעטל מאָהילנע) און נאָך מיינע צוויי ברידערלעך הירשל און זלמן... און אפשר נאָך מאַנכע באַקאַנטע אין מינסק, און נאָך דער מיר ליבער שטאָט אַליין...

איז מיר געלונגען צו באַקומען אין „יוד" פאָראויס פאַר אַ דערציילונג צי פאַר אַ ליד און אפשר האָט מיר אויך ליפע נאָוואָ־גרודסקי, צו וועמען איך פלעג זיך ווענדן אין אַזעלכע פאַלן, אָדער ער האָט זיך דער ערשטער געווענדט — נאָך עפּעס „צוגעבאָרגט" און בין אַ טאָג פאַר סוכות, אין זעלבן דערמאָנטן יאָר, געפאָרן קיין מינסק.

מיין שוועסטער שרה־בתיה (שרה רייזען) מיט מיין טאַטן האָבן שוין געוואוינט ניט בײַ קאָפּל דעם שמיד, אויף טרעצקער באַרג, נאָר אין אַ צווייטער גאַס, פּאַראַלעל צו טרעצקער באַרג, בײַ אַן אָרע־

מער פאַמיליע, אין אַ קליינעם הינטערשטן צימער. צום גאַס האָט די וואוינונג געהאַט אַ שפייזקרעמל, וואָס עס האָט געהערט טאַקע צו דער פאַמיליע גופא, ביי וועמען מיין פאָטער און שוועסטער האָבן געהאַלטן דעם צימער.

מיינע צוויי ברידערלעך, הירשל און זלמן, זיינען אָדער געווען אַוועקגעפאָרן אויף יום־טוב צו־גאַסט צו דער עלטערער שוועסטער, רבקהן, אין מאָהילנע, צי אין קאָידענאָוו, צו דער משפחה; אָדער זיי האָבן שוין געוואוינט באַזונדער, ערגעץ אין מינסק. אין זכרון איז מיר נאָר געבליבן דאָס צימערל מיט מיין פאָטער און שוועסטער אין אים, און פאַר זיי ביידן אַפילו איז דאָס צימערל אויך געווען צו קליין, ווי עס שטעלט זיך מיר איצט פאָר.

פאַר אַן „אייגענעם“ אָבער געפינט מען פלאַץ. איך בין געווען אַ גרויסער און אָנגעלייגטער גאַסט. מיין פאָטער, וואָס איז פון יאָר צו יאָר געוואָרן נאָך פרידלעכער און פילאָסאָפישער געשטימט, האָט מיך טיף גערירט מיט זיין מקבל־באַהבה זיין דעם עול פון אָרעמען לעבן, וואָס ער האָט געטראָגן מיט אַ שמייכל... אַגב, האָט ער זיין אייגן לעבן שוין געווידמעט פאַר די קינדער, מיט וועלכע ער איז געווען שטאָלץ, איבערהויפט מיט מיר. די דערציילונגען און לידער, וואָס איך האָב פאַר דער צייט פאַרעפנטלעכט אין „יוד“ און אויך אין „דער וועלט“, האָט ער שיר ניט געקענט אויף אויסווייניק. אויף דער דערציילונג „אויס בלאָטע“ האָט ער מיר געזאָגט, אַז עס איז פונקט ווי גאָגאָלס, פון וועמען ער איז געווען גלייך, ווי איך, אַ גרויסער באַוואונדערער, ביז אַנטציקונג.

— פרעג זיי בחרם, ווער דו ביסט! פלעגט ער מיך ווי וועלן מוטיקן, מיינענדיק אַפנים, אַז אין פרעצעס סביבה קען איך אַוודאי ניט אָנערקענט ווערן, ווי איך בין ווערט...

ער האָט זיך צו מיר באַצויגן מיט אַזוי פיל ליבשאַפט און געטריישאַפט, אַז עס איז געווען אַזש צו פיל פאַר מיר, צו וואָס איך בין ניט געוואוינט געווען, אָדער גיכער זיך שוין געהאַט אָפגעוואוינט... בונדעסטוועגן האָב איך מיין דאָזיקן געפיל אים ניט אַרויסגעוויזן און האָב זיך געלאָזט אויפנעמען פון אים, ווי פיל און ווי הייס עס איז נאָר געווען זיין פאַרלאַנג.

פאַר דער צייט האָט ער אויך עפּעס געשריבן, שוין מער, אויב ניט אינגאַנצן, אין יידיש. איבערהויפּט האָט אים צוגעגעבן מוט, וואָס איך האָב זיין קליינע לירישע פאַבל „פויער און זון", וואָס ער האָט צוגעשיקט קיין וואַרשע פאַרן „יוד", אָפּגעדרוקט אין דעם זאַמלבוך „דאָס צוואַנציגסטע יאָהרהונדערט", מיט אַ קליי־נער ענדערונג...

— ס'איז אַפּנים מיינס? ס'איז דאָך אינגאַנצן דיינס, — האָט ער באַשיידן געמורמלט.

— ניין, טאַטע, ס'איז אינגאַנצן דיינס, האָב איך אים געטרייסט און האָב אים נאָך צוגעגעבן, אַז דאָס ליד אין פּראָזע, „בלעטער", אין זעלביקן זאַמלבוך, איז אויך אויף זיינעם אַ מאָטיוו.

— איך געדענק גאָרניט — האָט ער זיך גרויסמוטיק אָפּ־געוואָרפן... און אין דער אמתן איז עס טאַקע אַזוי געווען. על־פּי טעות איז דאָס ליד אין פּראָזע „בלעטער", אמת, אינגאַנצן פון מיר איבערגעשריבן, אַריינגעפאַלן אונטער מיין נאָמען מיט נאָך אַ זאַך פון זעלבן מין, „דער פאַרפראָרענער טייך", וואָס האָט שוין געהערט אינגאַנצן צו מיר.

פון זיינע זאַכן, וואָס ער האָט מיר פאָרגעלייענט, האָבן אייניקע פאַרמעגט זייער אינטערעסאַנטע איינפאַלן, אַפילו שטימונ־גען. ליידער איז ער געווען צופיל העברעער און צו לאַנג געשריבן אין העברעיש, אַז ער זאָל קענען דאַן באַהערשן די פאָרם און די טעכניק אויך אין אַ ליד אויף יידיש. אָבער אין פאַרלויף פון יאָרן, שוין אויף דער עלטער, האָט ער געשריבן אַ צאָל לידער אין יידיש מיט אויסגעהאַלטענעם מעטער און ריטם, וואָס איך האָב אייניקע פון זיי אָפּגעדרוקט אין די פאַרשיידענע אויסגאַבן, וועלכע איך האָב אין די ערשטע יאָרן פון מיין זיין אין וואַרשע — רעדאַקטירט. אויך אַ פּאָר זייער געלונגענע דערציילונגען האָט מיין פאָטער פאַר־עפנטלעכט אין „היינט", שוין דאַן, ווען ער האָט געוואוינט מיט מיר און נאָכדעם מיט מיין שוועסטער שרה־בתיה אין וואַרשע.

מיין שוועסטער שרה־בתיה, וועלכע איז פאַר די קאָרגע צוויי יאָר אויסגעוואַקסן און זיך צעבליט, אַזוי אַז זי האָט ניט נאָר אַלס געראָטענע און געלערנטע, נאָר אויך אַלס שיינהייט געהאַט אַ שם

אין גאַנץ מינסק. — דאַן אַלט אַ זעכצן־זיבעצן יאָר, איז שוין גיימטויק געווען רייף און זיך אויסגעצייכנט מיט אַ פיינעם ליטעראַ־רישן געשמאַק. אויך זי האָט דאַן שטאַרק שטאָלצירט מיט מיר אַלס מיט אַ ברודער אַ שרייבער צי אַ פּאָעט...

צוליב מיר און צוליב איר שיינקייט האָבן געזוכט איר באַ־קאַנטשאַפט פילע אַזעלכע, וואָס האָבן געשריבן אַליין. איינער פון זיי, אַ בערשטער, אַן אַכצן־ניינצניעריקער בחורל, מיטן נאָמען דוד, אָדער דווידקע, ווי מען האָט אים אין מינסק גערופן, האָט מיך באַזוכט אין אַ פּאָר טעג אַרום נאָך מיין קומען.

ער האָט פאַרשעמט אַרויסגענומען עטלעכע לידער אויף פאַר־עלטערטע, צעקנייטשטע לאַנגע שטיקלעך פּאַפּיר און געגומען, שוין זוערנדיק דרייסטער, אַליין לייענען.

ס'איז געווען לידעלעך וועגן ביימעלעך און פייגעלעך און דאַכט זיך אויך וועגן מיידעלעך.

זייער אומבאַהאָלפן, נאַיוו, ווי מאַני־לייבס ערשטע לידער — ווער עס געדענקט! אָבער מחיהדיק פרישע, און ער אַליין, דווידקע — דער שפּעטערדיקער דוד קאַסעל — טאַקע אַ ביסל ענלעך נאָך מיין מיינונג צו מאַני־לייבן.

ס'האָט אויף מיר אַ ווי געטאָן מיט יינגלשקייט, מיט פרייש־קייט, מיט פעלד...

— זייער שיין, זייער גוט!

איך האָב זיך באמת אַנטציקט...

דערצו נאָך אַן אַרבעטער, אַ בערשטער... און ער איז שוין אין דער באַוועגונג.

האָט שוין מיין שוועסטער הנאה געטאָן, וואָס איך בין אַזוי פריינדלעך צו אים. ער אָבער האָט גאָר אָנגעקוואָלן, געשטראַלט פאַר פרייד און איז שוין געוואָרן באַרעדטער, האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט געקענט אַפילו אברהם וואַלטן, וואָס איז אַנטלאָפן קיין אַמעריקע, ווייל וועגן מען כאַפּט אים, אין מינסק — האָט ער צו־געגעבן שוין מיט התפעלות — וואָלט ער „וויט אַוועק"...

— אַיי איז ער, אברהם וואַלט, הייסט עס, געווען אַ רעדנער... פון יעדער דיסקוסיע — און דיסקוטירן פלעגט ער מיט סאַמע ברען, —

איז ער אַרויס דער זיגער. אַז מאַרקס קאַפּיטאַל האָט ער געקענט אויף אויסווייניק: היינט אַ צונג... היינט אַ שטאַרקער — אַן אַטלעט!...

געפעלן מיר שוין די דאָזיקע גרויסן ווען לעסינען, וועלכער איז אין יענער צייט געווען כמעט אַ לעגענדאַרישע פּערזאָן אונטער זיין אמתן נאָמען אברהם וואַלט.

אין די אָוונטן קומט שוין דווידקע מיט זיין ברודער, מאָטקע, ניט קיין פּאָעט, נאָר אַזוי אַ וואוילער בחור, אַ קעמפער, און מיט נאָך צוויי, עטוואָס עלטערע חברים זיינע, אויך בערשטער, מיט די נעמען: וואָלק און פּוטער... ליבע בחורים, גוטע ברידער און שוין פאַרערער מיינע...

וואָלק האָט געהאַט אויך אַ פּונק פון אַ טאַלאַנט, געדרוקט אייניקע אַרבעטער-מעשהלעך און פּעליעטאָנען אין די בערשטערס אומלעגאַלע אויסגאַבן. איין דערציילונג איז אַפילו, מיט עטלעכע יאָר שפּעטער, געווען געדרוקט אין פּעטערבורגער „טאָג“, מיטן נאָמען — ווי מיר דאַכט — „די פאָטאָגראַפיע“...

זיינען עס געווען פריילעכע אָוונטן. מיין פאָטער, וואָס איז געווען יונג מיט יונגע, האָט זיך געפילט גליקלעך, הערנדיק די לויבגעזאַנגען, וואָס די דאָזיקע אינטעליגענטע אַ־בעטער האָבן מיר געזונגען נאָכאַנאַנד פאַר מיינע זאַכן, וואָס זיי האָבן געלייענט אין „יוד“ און אין „צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט“...

זיי זיינען געווען אויך שטיקלעך מעצענאַטן, די דאָזיקע ליבע אַרבעטער, איבערהויפּט פּוטער און וואָלק, וואָס האָבן גוט פאַרדינט. מעצענאַטן אויף זייער וועג. זיי פלעגן קומענדיק ברענגען מתנות גוטע פּאַפּיראָסן, „פּיראָזשנעס“, און אַמאָל פלעגט מען, שוין זיצנדיק אין צימער, ביי דער געמיטלעכער באַלייכטונג פון לאָמפּ, זיך צעהוליען און אויף איינעם פון זיי איז געפאַלן דער גורל צו גיין ברענגען אַ פּאָר פלעשלעך ביר...

וואוילע יונגען געווען...

האָב איך אין אַ פּאָר טעג אַרום אָנגעשריבן, טאַקע אין זעלבן צימער, ווען איך בין געבליבן אַליין — די דערציילונגען „אַ שטיקעלע ערד“ און „צוריק אויף דער שטעלע“... האָב איך זיי פאַר־

געלייענט פאַר מיינע מעצענאַטן און זיי זיינען געווען אַזוי אַנטציקט, אַז עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו גיין אַ הוליע טאָן צום קאַווקאַזער און באַשטעלן צו פאָרציעס „שאַשליק“...

נאָר אַזוי ווייט בין איך ניט געגאַנגען. ווער ווייסט, וואָס שאַשליק איז אַזוינס... אַ קרעמל איז אין הויז געווען, האָט מען זי לכּבוד אונז געעפנט אַפילו שפּעט אינאָוונט און מען האָט זיך געלאָזט וואוילגיין...

אמתע מעצענאַטן, די איינציקע, וואָס איך האָב אין יענער צייט און אפשר שפּעטער געהאַט און קיין אַנדערע ניט געוואָלט האָבן און ניט געזוכט — אַוודאי...

הלוואי ווייטער!...

נאָר אָט איז שוין נאָך יום=טוב. בלייבן אין מינסק — הגם עס וואָלט זיך ניט געוואָלט אַזוי גיך שיידן מיטן טאַטן און דער שוועסטער — איז ניטאָ צוליב וואָס. מיט וואָס צו פאָרן אין וואַרשע — איז אויך ניטאָ...

דער פרימאָרגן, נאָך סוכּות, איז געווען אַ שיינער, אַ זוניקער.... איך בין אַרויס אויפן גאַניק... ס'איז געווען זונטאָג, אַ זייגער צען... אַ שיינער האַרבסט=טאָג. ניט ווייט קעגנאיבער איז געשטאַנען אַ רוסישער קלויסטער, מיט זיינע קופּאָלן און שווערע אַראָפּגעהאַנגענע גלאָקן, מיט די אַייזערנע צינגער, און האָט עפּעס ווי געדראָט און געשראָקן. און אָט האָבן זיך די גלאָקן צעקלונגען און זייער קלאַנג האָט זיך צעטראָגן און געשטערט די שטילקייט פון דעם פרימאָרגן. אַ גרויסע אומרויִקייט איז מיך באַפאַלן...

און אָט הייבט עפּעס אָן אין מיר צו פּראָטעסטירן, שרייען און צו זוכן שוץ פון אַן אומזיכטבאַרן שונא... אין דעם גלאָקנקלאַנג הערט זיך די גאַנצע בייזע מאַכט פון דער רוסישער הערשאַפט. אין דער וואָך, וואָס איך בין געווען אין מינסק, האָט מען ביי פּילע „טוער“ רעווידיעס געמאַכט. איך אַליין האָב אַפילו דערוואַרט אַ רעוויזיע, אויך מיין שוועסטער, וועלכע האָט געגוג „פאַרדעכטיקע“ באַקאַנטע. יאַשאַ קאַפּלאַן, וואָס איז געווען אויך איר לערער, צוגרייטנדיק זי צו די העכערע קלאַסן גימנאַזיע (איך האָב אים שוין

דערמאָנט אין די פריערדיקע קאַפּיטלען, איז שוין געווען פאַרשיקט אין סיביר...

איך דערמאָן זיך אין דעם אַלעם, און עפּעס וועבט זיך שוין עתגעץ ביי מיר, אין מוח, אין האַרץ, אין גאַנצן וועזן...

בים—באָם—בים—באָם...

און מיר פאַלט איין בלויז איין צייל:

אַך, וואָס קלינגט איר קירכנגלאָקן...

איך בין שנעל אַריינגעגאַנגען צוריק אין צימער, קיינער איז ניט געווען. איך בין צוגעפאַלן צום טיש מיט אַ בלייפעדער:

אַך, וואָס קלינגט איר, קירכנגלאָקן,
הערט שוין אויף! גענוג געשראָקן...
. . . . . . . . . . . . . .
אָ, איר ווילט די וועלט פאַרוויגן
מיט אַ טויטן טרויער-ניגן...
. . . . . . . . . . . . . .
איך האָב אַ נייעם גלאָק באַשאַפן...
ניט צו שרעקן, נאָר צו וועקן
גאָר די וועלט אין אַלע עקן...

די גלעקער האָבן נאָך געקלונגען, אָבער דאָס ליד איז שוין געווען פאַרטיק און זייער גזר-דין איז שוין געווען געחתמעט...

באַלד זיינען אויך די גלעקער אַנטשוויגן געוואָרן...

נאָר אין דער לופטן האָבן זיך געטראָגן נייע קלאַנגען פון אַן אומזיכטבאַרן גלאָק, וועלכן איך האָב שרייבנדיק דאָס ליד גע-זען דייטלעך הענגען אין דער לופטן...

איך האָב דאָס ליד איבערגעשריבן, הגם עס איז ניט געווען וואָס צו פאַרריכטן, עס האָט זיך אויסגעגאָסן ווי פון אַ פורעם...

איך האָב זיך דערפילט מונטערער. אָבער אַ תכלית מאַכן פון אַזאַ ליד האָב איך ניט נאָר אין מינסק, נאָר אַפילו אין וואַרשע ניט געקענט... ניט נאָר פאַרן „יוד" און „דער וועלט" איז עס אַ ריזיקע צו געבן, נאָר צו האַלטן עס איז אַ סכנה. אָבער פאַר

צוחן — האָב איך זיך געטרייסט — וועט שוין זיין אַ מתנה צו ברענגען... און איך האָב זיך געפילט נאָך מונטערער...

* *
*

צוריק קיין וואַרשע בין איך געפאָרן דורך ווילנע. צי איך האָב ניט געהאַט אויף אַ גאַנצן בילעט ביז וואַרשע, צי איך האָב גלאַט געוואָלט זען ווילנע, וואו איך האָב בלויז איין מאָל, דורכפאָרנדיק, זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ פּאָר שעה און האָב נאָר באַזוכט די בוכהאַנדלונג פון דעמאָלטיקן אַרויסגעבער, פונק — געדענק איך ניט. איך האָב אָבער שוין געוואוסט דעם אַדרעס פון אַן אַנדער בוכהאַנדלונג אין ווילנע, אַן אייגענע, אַ אידעאַליסטישע, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן ניט צוליב געשעפט, נאָר צו פאַרשפּרייטן נוצלעכע ביכער צווישן אַרבעטער און פאָלק. דאָס איז געווען די דעמאָלסט באַרימטע אַרבעטער-בוכהאַנדלונג און אויך פאַרלאַג פון אברהם גאַסעלניק...

אין בוכהאַנדלונג האָב איך געטראָפן אַ. גאַסעלניקס יינגערן ברודער, אַ הויכער, אַ פעסטגעבויטער, אַ פריילעכער, מיט לאַכעדיקע אויגן. דערהערט מיין נאָמען, איז ער גאָר איבערראַשט געוואָרן: סטייטש — אברהם רייזען! דערוויילץ איז אַריינגעקומען אין בוכהאַנדלונג אַ יונגער בחור, מיט פאַרזשמורעטע אויגן, אַ בייזלעכער.

— קלמן! — האָט דער יונגער גאַסעלניק פריילעך אויסגערופן — ווייסט, ווער ס'איז דאָ אין ווילנע...

— ווער? — האָט יענער פלעגמאַטיש אַ פרעג געטאָן.

— טאַקע אברהם רייזען... באַקאָן זיך... דאָס איז ער טאַקע אַליין...

איז שוין יענער, וואָס האָט געהייסן קלמן, גאָר איבערגעביטן געוואָרן. ער האָט שוין אויפגעעפנט ברייט די אויגן, אַפילו אַ שמייכל געטאָן און מיר אויסגעצויגן זיין האַנט, אַריינגעכאַפּט מיינע און זי שטאַרק געדריקט....

אין פאַרלויף פון אַ שעה צייט פאַרברענגענדיק אין קראָם, בין איך געוואויר געוואָרן, אַז דער קלמן איז דער גאַנצער פּירע־

פון די ווילנער אַרבעטער, אַ גרויסער אָרגאַניזאַטאָר, מיט איין וואָרט — אַ רעוואָלוציאָנערער נאַפּאָלעאָן!

האָב איך שוין אַוודאי געקראָגן דרך־ארץ פאַר אים און ווי־באַלד, אַז איך האָב שוין זוכה געווען צו זען זיך פּנים־אל־פּנים מיט אַזאַ פירער, טאָ זאָל ער ניט מיינען טאַקע, אַז איך בין בלויז אַ פּאָעט און אַ מיטאַרבעטער פון „יוד"...

— מיר ווייסן, מיר ווייסן... האָט ער ווי אַ געניטער גערעדט און מיך שוין אָנגעקוקט, ווי אַן אייגענעם...

האָב איך שוין אַרויסגענומען מיין העפט געשריבענע לידער, וואָס איך האָב געפירט מיט זיך, וואָס פאַרן „יוד" זיינען זיי ניט געווען קיין סחורה, צוליב זייער שאַרפן אינהאַלט, און איך האָב זיי געוויזן ווי פאַר מבינים און ווי פאַר פאַרלעגער... ווייל אין פירן די בוכהאַנדלונג און דעם פאַרלאַג האָט קלמן (די מאַמע האָבן אים גערופן קלמן דער פריקאַזשטשיק) אויך אָנטייל גענומען.

און עס איז באַשטימט געוואָרן, אַז א. גאַסעלניקס פאַרלאַג זאָל אַרויסגעבן אַ זאַמלונג פון יענע לידער, וואָס פאַרן „יוד" זיינען זיי ניט געוואונטשן...

דערווייל איז אויך אָנגעקומען הלל וויכנין, וואָס איז דאַן גע־ווען שוין באַקאַנט אַלס איבערזעצער פון אייניקע פּאָפּולערע וויסנ־שאַפטלעכע ביכלעך. אין יענער צייט איז אַ איבערזעצער געווען באַ־רימט, ווי אַ שרייבער פון אָריגינעלע ווערק... הלל וויכנין איז גע־ווען אַ נאָמען! דערהערט הלל וויכנין — האָב איך אים באַגעגנט ווי אַ גרויסן שרייבער. איך האָב זיך בלויז געוואונדערט, וואָס ער איז נאָך אַזוי יונג.

— ווי יונג, מיינט איר, בין איך? — האָט ער זיך אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער גרייס.

אַ ליבער וואַרעמער יונג געווען, דער דאָזיקער הלל וויכנין, און גערעדט האָט ער נאָר וועגן וויסנשאַפטלעכע ביכער פאַרן פאָלק... די נעמען רובאַקין, לונקעוויטש זיינען ניט אַראָפּ פון זיין צונג...

— איך אַרבעט איצט אויף אַ גרויס ווערק — „דיעדושקאַ ווריעמיאַ" — פון נ. רובאַקין — דערציילט ער מיר. דאָס הייסט ער

זעצט איבער... אויף יידיש, וועט עס ביי אים הייסן „דער זיידע צייט".

— און אפשר, ווי מיינט איר, די „באָבע-צייט"? ווייל צייט איז דאָך אויף יידיש אַ זי, — ענדיקט ער מיט אַ גמרא-ניגון.

— יאָ, אָבער „ווערעמיא" — ווייז איך אַרויס מיין לומדות — איז דאָך אַלנפאַלס אויף רוסיש ניט קיין „ער", נאָר אַ „דאָס", „ברעדני ראָד", הייסט עס, פונדעסטוועגן רופט עס רובאַקין „דער זיידע", מעג דאָך אויף יידיש אויך אַזוי הייסן.

און עס בלייבט, אַז עס וועט הייסן „דער זיידע צייט".

און אַזוי האָט עס טאַקע געהייסן „דער זיידע צייט".

און אַן איבערזעצער איז הלל וויכנין געווען באמת אַ גוּ-טער. ער האָט באַזעסן אַ רייכע שפּראַך. ווי נ. רובאַקין איז ניט געווען פּאָפּולער — געשריבן פאַר די רוסישע אַרבעטער-מאַסן און פויערים — האָט עס נאָך הלל וויכנין מער פּאָפּולער געמאַכט, מיט אַלע אויסריידענישן, אַז עס זאָלן פאַרשטיין גרויס און קליין...

# צווייאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל

בײַ א. מ. דעווינישסקין (א. ווייטער). — די חלוקי־דעות צווישן א. דעווינישסקי און קלמן „דעם פּריקאַזשטשיק“. — דער קאַמף צווישן זיי צוליב מײַן ליד „די קירכנגלאָקן“. — א. ווייטער זינגט. — דער שווערער אײַנדרוק פֿון ווילנער אָרעמקייט; — מײַן אימפּראָוויזאַציע „ערב משוגעת“. — צוריק אין וואַרשע. — נאָמבערגס און אַשס פֿרײַנדשאַפֿט. — פּרץ פֿאַרבראַקירט „ערב משוגעת“. — דער ליטעראַרישער אָוונט בײַ סאַלאָמעע פּערל. — פּרצעס גרעסערע פֿאַנטאַסטישע דערציילונג „זיבן חופּות“. — „צוריק אויף דער שטעלע“. — דער גרויסער ערפֿאָלג. — פּרץ אַליין רעפּערירט.

אין א. גאַסעלניקס בוכהאַנדלונג בין איך געוואָר געוואָרן, אַז א. מ. דעווינישסקי געפֿינט זיך אין ווילנע. די ידיעה האָט מיך גליקלעך איבערראַשט. זייענדיק אין וואַרשע האָב איך פֿאַרלאָרן יעדע שפּור פֿון אים. קלמן „דער פּריקאַזשטשיק“ האָט זיך אויסגערופֿן צו גיין מיט מיר צו אים. איך געדענק שוין ניט דעם נאָמען פֿון דער גאַס, וואו א. מ. דעווינישסקי האָט דעמאָלסט זיך אויפֿגעהאַלטן. עס איז מיר אָבער געבליבן אין זכּרון דער צימער אַליין. אַ ברייטער, אַ פּורקאַנטיקער און אַ שיין מעבלירטער. פֿאַר אונזערן אַ ברודער איז אַזאַ צימער דעמאָלסט געווען אַן איבערראַשונג. און ווען ניט די פֿילע ביכער, צעוואָרפֿן אויפֿן טיש און אויף דער עטאַזשערקע, וואָלט מען געקענט באַקומען דעם אײַנדרוק, אַז דאָ וואוינט אַ רײַכער יונגערמאַן. א. מ. דעווינישסקי האָט טאַקע דעמאָלסט קענטיק פֿון נויט ניט געוואוסט. ער איז שוין ניט געווען דער איינזאַמער „עקסטערן“ פֿון קאָוונע, נאָר דער גליקלעכער מאַן פֿון אַ וואונדערלעך־שיינער, יונגער, בליענדיקער פֿרוי, וועלכע האָט זיך געפֿונען מיט אים אין דעם גרויסן צימער. אַז ער איז געווען גליקלעך, האָט מען געקענט באַמערקן פֿון זײַנע שטראַלנדיקע

בליקן, מיט וועלכע ער האָט זיך איבערגעוואָרפן מיט איר אַלע ווײַלע, און פון זיינע קורצע, אָבער ליבלעכע ווענדונגען צו איר בײַ יעדער געלעגנהייט. אַנטפּאַנגען האָט ער מיך זייער פריינדלעך, חבריש. ער האָט גאָרניט געפונען קיין ווערטער אויסצודריקן זיין פרייד מיט מיין קומען. ער האָט פאַר מיר, אַ ביסל שעמעוודיק, ווי פאַרווירט, אָבער מיט אַ גליקלעכן שמייכל פאָרגעשטעלט זיין יונגע פרוי, וועלכע איך האָב אַגב געקענט, ניט זייענדיק באַקאַנט מיט איר, נאָך פון קאָוונע, זעענדיק זי דאָרט אַמאָל שפּאַצירן אין דעם שטאָט-גאָרטן מיט דמיטרי צענזאָר און מיינענדיק טאַקע דעמאָלט, אַז זי איז גאָר דעם בלאָנדן צענזאָרס כלה...

— איך געדענק אײַך נאָך פון קאָוונע... — האָב איך אַרויס-געשטאַמלט אין רוסיש.

— איך געדענק אײַך אויך, — האָט זי פריינדלעך צוגעגעבן.

און זי האָט מיר אַפילו דערמאָנט, אַז איך בין געווען אַ מוזיקאַנט און אין די זומערדיקע פאַרנאַכטן געשפּילט אין קאָוונער שטאָט-גאָרטן.

אָבער דעווינישסקי האָט דעם געשפּרעך געגעבן אַן אַנדער ווענדונג.

— רייזען, טייערער, „דאָס צוואַנציגסטע יאָרהונדערט" האָט מיך אַנטציקט — אַזאַ פרישקייט און אַזאַ דרייסטער טאָן.

עס איז פאַר מיר געווען אַן אמתע פרייד צו הערן פון דעווינישסקין, וועלכער האָט זיך מיט קאָמפּלימענטן אַפילו אין קאָוונע ניט געוואָרפן, אַזאַ באַגייסטערטע מיינונג וועגן דעם ערשטן פון מיר רעדאַקטירטן זאַמלבוך.

אויסער זיין גוטער מיינונג וועגן מיינע אייניקע לידער אין זאַמלבוך האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אויף אייניקע פּרצעס „זאַכן", וואָס האָבן זיך, ווי שוין דערמאָנט, געפונען אין „צוואַנציגסטען יאָהר-הונדערט" אין אַ גרויסער צאָל. אַפילו אַ קליין הומאָריסטיש לידעלע „אויספּאַרקויפט", וואָס פּרץ האָט געדרוקט ניט אונטער זיין נאָ-מען, נאָר אונטער זיין פּסעוודאָנים ל״ץ — האָט דעווינישסקי מיט אַנטציקונג דערמאָנט און אויסגעדריקט זיין באַגייסטערונג אויף פּרצעס שאַפן בכלל.

דערווייל בין איך געוואָר געוואָרן, אַז א. מ. דעווינישסקי איז שוין פֿאַר דער צייט געוואָרן איינער פֿון די פֿירער פֿון דעם דע־מאָלכּט נאָך יונגן „בונד". ער וואוינט דאָ אומלעגאַל, אויף אַ פֿרעמדן פּאַספּאָרט. דאָס האָט אים אין מיינע אויגן נאָך מער דערהויבן. איך האָב גלייך אַרויסגענומען מיין ליד „די קירכנגלאָקן" און האָב עס פֿאַר אים פֿאָרגעלייענט.

— אַיי, אַיי, דאַרף איך עס האָבן! — האָט ער זיך אָנגע־כאַפּט. — גיט עס מיר שוין אַהער... — אָבער דאָ האָט ביי קלמן „דעם פּריקאַזשטשיק" אויפגעפלאַמט אַ פֿייער אין די אויגן — גאָרניט דער זעלבער קלמן — און ער האָט אַ צי געטאָן די האַנט צום פּאַפּירל.

— ניין, דאָס ליד געהערט צו מיר...

און צווישן א. ווייטערן און קלמנען איז פֿאָרגעקומען אַ קאַמף פֿאַר די „קירכנגלאָקן".

פֿון דעם אינהאַלט פֿון די אָפּגעהאַקטע און קורצע ווענדונגען, וואָס זיי האָבן זיך ווי אין רוגז איבערגעוואָרפֿן איינער מיט דעם אַנדערן צוליב מיין ליד, האָב איך פֿאַרשטאַנען, אַז קלמן און א. ווייטער, וואָס האָבן געהערט צו דעם „בונד", זיינען אָבער ניט אייניק אין געוויסע פֿראַגן און יעדער געהערט דערפֿאַר צו אַ באַזונדער גרופּע. אין וואָס באַשטייט דער אונטערשייד פֿון ביידע גרופּן, וואָס האָבן איין ציל, האָב איך דעמאָלכּט ניט באַנומען. די אומלעגאַלע „בלעטער", וואָס יעדע גרופּע האָט אונטערערדיש אַרויסגעגעבן, האָב איך ניט נאָכגעפֿאָלגט. פֿאַר מיר אַליין איז אָבער זייער קאַמף — ס'איז געווען אַן אמתע קריג צווישן זיי — געווען אינטערעסאַנט און געוועקט מיין נייגער אַן און פֿאַר זיך און ס'האָט מיך זייער געוואונדערט און אין דער זעלבער צייט — געשמייכלט... צוויי גדולים פֿון דער באַוועגונג, אַזוינע שטרענגע, ערנסטע, איבערהויפּט קלמן — שלאָגן זיך פֿאַר מיינס אַ ליד. איך האָב זיך געפֿילט, ווי צווישן צוויי פֿלאַמען... נאַטירלעך, נעענטער — און נאָך ווי נעענטער ווי אַ חבר און ווי אַ קאָלעגע — איז מיר געווען א. מ. דעווינישסקי, אָבער קלמן איז דער קינסטיקער פֿאַרלעגער פֿון מיין ביכעלע לי־דער... דערמיט דאַרף מען זיך אויך רעכענען... אַרויסגעבן אַ קליינע

זאַמלונג פון מיינע יענע לידער, וואָס „דער יוד“ און אַפילו „די וועלט“ האָבן ניט געוואָלט און ניט געקענט דרוקן צוליב געוויסע צו־שאַרפע סאָציאַלע מאָטיוון — אַרויסגעבן אַזאַ זאַמלונג האָב איך שוין לאַנג חשק געהאַט. אָבער מיינע חברשע געפילן צו א. דעווי־נישסקין האָבן גובר געווען די פּראַקטישקייט אין מיר און איך האָב דאָס ליד „די קירכנגלאָקן“ איבערגעגעבן — דעווינישסקין.

דעווינישסקי האָט אָנגעכאַפּט מיינע הענט אין זיינע און שטאַרק זיי געדריקט און געטרייסלט, אויס דאַנקבאַרקייט, וואָס האָט זיך געשפּיגלט אין זיינע גרויסע ברוינע אויגן...

קלמן אָבער האָט זיך געברוגזט...

— גייט, רייזען, איר האָט געטאָן אַ פעלער... מיר האָט איר דאָס ליד געדאַרפט געבן...

איך האָב זיך אַנטשולדיקט און האָב אים צוגעזאָגט אַ זוך צו טאָן עפּעס אַ ליד אויך פאַר זיין אומלעגאַלער אויסגאַבע.

און ווי מיר דאַכט, האָב איך אים אַוועקגעגעבן איינס פון יענע צוויי האַלב־אומלעגאַלע לידער, וואָס איך האָב געזאָלט פאָרלייענען אויפן ליטעראַרישן אָוונט פאַרן בעקער־שטרייק אין וואַרשע, צו־ליב וועלכן פּרץ, ספּעקטאָר און רובינשטיין זיינען אַרעסטירט גע־וואָרן...

שלום געוואָרן צוריק מיט קלמנען, האָב איך, אָפּזעגנענדיק זיך מיט א. דעווינישסקין — נאָך אַ פּאָר שעה אינטערעסאַנטן פאַר־ברענגען אין זיין צימער — זיך געלאָזט שוין אַליין איבער די ווילנער גאַסן, אויפן וועג צו מיין יידישן האָטעל, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיטן אָרעמען ווילנער יידישן קוואַרטאַל. איך האָב עטוואָס, ווי מיט אַ כיוון, געבלאָנדזשעט, פאַרלאָזנדיק זיך אויף דער גוטסקייט און פריינדלעכקייט פון די ווילנער יידן, אַז פאַרלאָרן ווערן וועל איך ניט...

איך בין אַריינגעפאַלן אין די סאַמע געדיכטענישן פון דער ווילנער יידישער אָרעמקייט. שמאָלע גאַסן האָבן זיך געדרייט און געשלענגלט, געשטאַלטן, ווי שאָטנס, האָבן זיך פאַרביי־געטראָגן. בליקן פאַרצווייפלטע האָבן זיך אַריינגעשניטן אין מיין האַרץ. קולות פון די אָרעמע פאַרקויפערינס, אין אַלערליי שמאַטעס געוויקלטע, וואָס

האָבן אויסגערופן זייערע נישטיקע סחורות, „זיצערינגס", בײַ קוישן מיט צעפּוילטע קלײנע עפּעלעך, בײַם צעבראָכענעם הילצערנעם טראָטואַר, האָבן מיר מיט זייערע תּחנונימדיקע אויסרופן געלעכערט די אויערן און דאָס האַרץ... אַ צער, אַ גרויס צער האָט מיך דורכגענומען. יעדערנס בליק האָט זיך אָפּגעחתמעט אין האַרץ. אַזאַ פאַרצווייפלטע אָרעמקייט האָב איך אין וואַרשע, אַפילו אויף דער קראָכמאַלנע, ניט געזען, אויך ניט אויף דער סמאָטשע און אַפילו ניט אין מיין מינסק, אין דער „טאָטערשער" גאַס, אויף די בלאָטעס.

און אָט גיט מיך אַ שלעפּ אַ הויכער, מאָגערער ייד, וואָס שטייט פאַר אַזאַ מין קראָם פון אַלטע, פאַרריכטע אויסגעפּרעסטע און צורעכט־געמאַכטע מענער־קליידער.

— אַ מאַנטל, יונגערמאַן, אַ מאַנטל...

פון איין זייט ווער איך אויפגערעגט, וואָס ער שלעפּט מיך, פון דער אַנדערער זייט — אַ הויכער מאָגערער ייד, מיט פאַרשמאַכטע ליפּן און שפּיציקע אויגן, וועלכע זוכן צו ראַטעווען זיך פון אונטערגאַנג — מאַכט מיך גוט און מילד:

— ניין, ר' ייד, איך דאַרף ניט... און איך בין שוין בייז אויף זיך, פאַראָס איך דאַרף ניט און קויף בײַ אים גאָרניט. אָבער אָט קומט מיר אַנטקעגן אַ ייד מיט ציצית, קמיעלעך און לוחות פון שנת תּרס"א, און איך באַשליס, אַז אַ קמיע און ציצית טאָקע ניט, אָבער אַ לוח...

איך קויף בײַ אים אַ לוחל און גיב אים אַ גאַנץ צענגראָשןשטיק, אַ מאַך טוענדיק פריינדלעך מיט דער האַנט אויף דער רעשט...

דער ייד פאַרשטייט מיך, נעמט צו די מטבע און זאָגט ניט קיין וואָרט. געפּעלט עס מיר פון אים. אַ קלוגער איידעלער ייד, און עפּעס פּול מיט סודות. ווען איך זאָל זיך מיט אים פונאַנדעררײדן, וואָלט איך פיל געוואָר געוואָרן. דער ייד טראָגט אָבער אין זיך די סודות פון דער אַלטער ווילנע. ניט צו דערגיין און ניט צו דערפאָרשן.

פאַרנאַכט קום איך אין האָטעל. גיי אַריין אין מיין צימערל און פון די אַלע שווערע איינדרוקן, וואָס איך האָב באַקומען אין

די אָרעמע ווילנער גאַסן, האָב איך שיר ניט באַקומען אַ נערוון־דערשיטערונג. די אַלע בילדער האָבן מיך פאַרפאָלגט. איך הייב אָן מורא האָבן פאַר אַ צוזאַמענבּרוך, הגם איך האָב דערפון קיינמאָל ניט געוואוסט. איך האָב זיך געפילט צעשרויפט, ווי ערב־משוגעת...

ווי אַזוי איך האָב אין אַזאַ צושטאַנד געקענט עפּעס שרייבן, פאַרשטיי איך ניט. אָבער געטריבן פון אַ שטאַרקן געפיל, גע־מישט פון צער און פראָטעסט, האָב איך זיך געוואָרפן צו דעם פּאַפּיר, אַוועקגעשטעלט דעם טיטל גלייך ביים אָנהייב:

„ערב משגעת“...

און עס האָבן אַ שטראָם געטאָן, אַ פלייץ געטאָן בילדער, ווי בכוונה, אָן אַ צוזאַמענהאַנג, וואָס האָבן אָבער געהאַט אַ אינער־לעכע לאָגיק. עס האָבן זיך אַ גאָס געטאָן ווערטער פון אַ דורכ־גענומענעם צער פון פאַרצווייפלונג און פראָטעסט... איך האָב גע־לאָזט די פעדער פריי, ניט אויסן געווען קיין קונסט...

אָנגעשריבן ביי אַ זעקס זייטלעך אין פּראָזע, האָב איך זיך דערפילט דערלייכטערט. הייסט עס, אַז זיך אַליין האָב איך מיט מיין שרייבן געהאָלפן, פאַרלייכטערט דעם צער...

האָב איך דאַן געמיינט, אַז איך האָב אָנגעשריבן עפּעס אַזוינס, וואָס עס וועט אויפטרייסלען די וועלט...

אויף מאָרגן בין איך אַוועקגעפאָרן אין וואַרשע.

*  *
*

ביי מיין אָנקומען אין וואַרשע איז געווען אַ שיינער האַרבסט־טאָג. מיין וואוינונג ביים סטאָליער האָב איך ביי מיין אָפּפאָרן קיין מינסק — אָפּגעלאָזט. בין איך אַראָפּ מיט מיין קליינעם טשעמאָדאַנדל גלייך צו נאָמבערגן. ווי מיר דאַכט, האָט ער דאַן געוואוינט אויף פּאַוויע־גאַס, מיט איינעם אַ יונגנמאַן עפּשטיין, אַ טיפּ, וועלכן נאָמ־בערג האָט „עקספּלואַטירט“ פאַר אַ דערציילונג. איך האָב נאָמבערגן גראָד געטראָפן אין צימער מיט אַשן, וועלכער האָט זיך שוין באַ־פרייט פון די קוטנער לאַנגע מלבושים און שוין געטראָגן אַ קורץ

רעקל מיט הויזן געקעסטלטע, דאַכט זיך, איבער די שיך. ער האָט זיך שוין געשניטן אויף אַ פֿראַנט. ער איז שוין טאַקע שענער געוואָרן, זיך שנעל אַסימילירט אַלס „דייטש“, הגם געלאַכט, ווען עס האָט אים עפּעס געפֿעלן, האָט ער נאָך אַלץ אויפֿן קוטנער נוסח — פֿריי און יינגליש, אַז עס איז געווען אַ פֿרייד צו הערן. צי האָב איך מיטגעבראַכט עפּעס קליינגעלט פֿון מיין אַוואַנס אויף דעם האָנאָראַר פֿאַר מיין ביכעלע לידער, וואָס א. גאַסעלניק האָט גערעכנט אַרויסצוגעבן — דער גאַנצער האָנאָראַר האָט לויטן אָפּרייד געדאַרפֿט זיין 25 רובל — צי איך בין געקומען אָן געלט, — אָבער אויפֿן טיש ביי נאָמבערגן איז גלייך געשאַפֿן געוואָרן אַ „סעודה“, אָנהייבנדיק פֿון שטאַרקן טיי, וואָס נאָמבערג האָט אַליין געקאָכט (ער האָט זיך בכלל געהאַלטן פֿאַר אַ גרויסן קענער אין טיי, סיי אין קאָכן סיי אין פֿאַרפֿאַרען אים, ווי ער וואָלט ניט געווען קיין „פּוילישער“, נאָר אַ „רוסישער“) — אָנהייבנדיק פֿון טיי ביז די פֿיינע זעמעלעך, די אמתע וואַרשעווער, וואָס דער נאָמען „זעמל“ האָט זיי טאַקע פֿיין געפּאַסט — פֿון אמתן זעמלמעל. אפֿשר איז נאָך צו דער „סעודה“ געווען נאָך עפּעס פֿון מיין ליטווישן מאַכל, וואָס איך פֿלעג שוין מוזן אַליין אַרויספּברענגען, ווייל נאָמבערג אַלס „אַריסטאָקראַט“ האָט זיך דערמיט ניט געוואָלט עסקן, הגם עסן פֿלעגט ער עס יאָ... איבערהויפּט אָבער אַש, וואָס פֿלעגט שטענדיק — און עד־היום — לויבן פֿון מיין „ליטווישן מאַכל“, איז ווען כ׳פֿלעג עס אַרויספּברענגען און מאַכן עס און צעשניידן — פֿלעגט ער עס עסן מער ווי איך. פֿאַרשטייט מען דאָך שוין, וואָס פֿאַר אַ מין מאַכל דאָס איז געווען... צו וואָס נאָך אָנרופֿן מיטן נאָמען, וואָס איז באמת ניט עסטעטיש און אפֿשר אויך ניט עטיש...

אונטערגעלעגט דאָס האַרץ, האָב איך אויף נאָמבערגס פֿראַגע — צי אַליין זיך אַרויסגערופֿן — אַרויסגענומען מיינע פֿאָר „זאַכן“, וואָס איך האָב אָנגעשריבן אין דער וואָך פֿון מיין זיין צו גאַסט אין מינסק און אין די פֿאָר טעג אין ווילנע, און האָב עס פֿאָרגעלייענט נאָמבערגן.

אַז איך האָב איבערגעלייענט די אימפּראָוויזאַציע „ערב משוגעת“, דערציילנדיק אים פֿריער, ווי אַזוי איך האָב עס אָנגע=

שריבן, איז נאָמבערג, צו מיין פאַרוואונדערונג, געבליבן רויק. ער האָט אָבער געזאָגט: זייער גוט... מיר איז דאָס געווען ווייניק... איך האָב דערוואַרט אַ מער באַגייסטערטע מיינונג. הערפאַר אָבער האָט אים די דערציילונג „צוריק אויף דער שטעלע", וואָס איך האָב שוין פאָרגעלייענט אָן גלויבן אין איר גרויסן ווערט — אַריינגעבראַכט אין התפעלות. ער איז געוואָרן נאָך פריינדלעכער און זייער גוט געשטימט. און ענדלעך האָט ער מיר אַ יום־טובדיקער פאָרגעלייגט גיין צו פּרצן, הגם עס איז געווען אַ וואָכעדיקער טאָג.

איך געדענק ניט, צי אַש איז אויך מיטגעגאַנגען. איך געדענק נאָר, ווי אויפן וועג צו פּרצן האָט מיר נאָמבערג מודה געווען, אַז „ערב משוגעת" געפעלט אים לחלוטין ניט. ער האָט געזאָגט „גוט" בלויז דערפאַר, ווייל איך האָב זייער „שלעכט" אויסגעזען און ער האָט מיך ניט געוואָלט מצער זיין. איצט אָבער, אַז „צוריק אויף דער שטעלע" איז אים אַזוי געפעלן, נעמט ער צוריק זיין גוטע מיינונג וועגן „ערב משוגעת"... — איין זאַך אַ געראָטענע איז אויך גענוג.

האָט עס מיר אי פאַרדראָסן, אי געפרייט און נאָך מער אָבער געוואונדערט, וואָס נאָמבערג — דער שטרענגער, און ניט שוינענדיקער — האָט זיך ביי אַ מיינונג גערעכנט מיט דעם שלעכטן אויסזען פון שרייבער, מעג דער שרייבער אַפילו זיין אַ חבר... אַבי איך האָב געמיינט, אַז בלויז איך בין דערצו אין אַ זעלטענעם פאַל פעיק...

פּרצן האָבן מיר געטראָפן אין דער היים און אויך אין אַ גוטער שטימונג. ער האָט מיך אַלס גאַסט פריינדלעך באַגעגנט. נאָמבערג האָט גלייך געמאָלדן, ווי ער וואָלט אָפּגעגעבן אַן אָפיציעלן ראַפּאָרט.

— רייזען האָט אָנגעשריבן אַ זייער גוטע דערציילונג...

פּרץ האָט דעם ראַפּאָרט אויסגעהערט ערנסט און זיך געווענדט צו מיר נאָך פריינדלעכער:

— נו, לאַיענט... — האָט ער גערעדט שוין יידיש...

— איך האָב צוויי זאַכן... — בין איך זיך מודה...

— לאַיענט ביידע — האָט ער גוטמוטיק געשמייכלט.

איך האָב נאָך אַליין געמיינט, אַז „ערב משוגעת“ איז אַ גרויס ווערק. מיט אַזאַ אימפּעט געשריבן... פּרץ האָט אויסגעהערט, רויק מיך אָנגעקוקט און נאָך רויקער געזאָגט:

— עס טויג ניט... זייער אַ שלעכטע זאַך...

און גרויזאַם געלאַכט:

— צערייסט עס...

איך האָב זיך אַזש פאַרלאָרן...

איך בין אָבער ניט געווען זיכער אין דעם אמת פון זיין שטרענגער מיינונג, געפּרווט, קעגן מיין געוויינהייט, מיט פּרצן זיך דינגען, געבראַכט באַווייזן:

— כ'האָב עס געשריבן — זאָג איך — מיט גרויס פייער... (אָדער אַן ענלעכן באַווייז אַזאַ).

— אָט דערפאַר טויג עס טאַקע ניט, — האָט פּרץ געשמייכלט, קוקנדיק אויף מיר אין דער זעלבער צייט מיט פריינדלעכקייט און אַפילו מיטגעפיל.

אַ ברירה האָב איך געהאַט. האָב איך געהאָפט, אַז די צווייטע זאַך „צוריק אויף דער שטעלע“, וועט ראַטעווען די לאַגע.

און נאָך ווי געראַטעוועט.

— דאָס איז ווירקלעך אַ גוטע דערציילונג... זייער אַ גוטע,— האָט ער עטלעכע מאָל באַטאָנט...

און גייענדיק צוריק מיט נאָמבערגן, האָב איך שוין אַ סך בעסער אויסגעזען...

* * *

מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער, ווען די אָוונטן זיינען שוין גרעסער געוואָרן, ערב ווינטער, האָבן זיך באַנייט די שוין פון מיר דערמאָנטע פּריוואַטע ליטעראַרישע אָוונטן. דער ערשטער „אָוונט“ איז פאָרגעקומען אין דער וואוינונג פון סאַלאָמע פּערל, אַ פּויליש־יידישע שריפטשטעלערין, אַ געוועזענע מיטאַרבעטערין פון דער אַבימילאַטאָרישער פּוילישער וואָכנשריפט „איזראַעליטאַ“, וואָס איז ערשינען אין וואַרשע יאָרנלאַנג. אַדאַנק פּרצן האָט סאַלאָמע פּערל,

אַ הויך=באַגאַבטע נאָוועליסטין, אָנגעהויבן שרייבן יידישע דערציילונגען און זיי פֿאַרעפֿנטלעכט נאָך פֿריער, אין פּרצעס „יום=טוב=בלעטלעך“. אירע יידישע דערציילונגען האָבן צוגעצויגן די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון די בעסערע לעזער. אַ סביבה=שרייבערין, מיט אַ חוש פֿאַר הומאָר, האָט זי מיט ווייבלעכער צאַרטקייט געשילדערט אַ ריי טיפּן, מערסטנס פֿרויען פֿון דער אָרעמער חסידישער וועלט... אויך אין „יוד“ האָט זי פֿון צייט צו צייט אָנטייל גענומען. אַליין אַ לערערין פֿון פֿראַנצויזיש אין רייכע, עכט אַסימילאַטאָרישע הייזער, האָט זי געמאַכט דעם איינדרוק אַלס איינע פֿון זייעריקע, דאָך אין אונזער יידישער סביבה האָט זי זיך געפֿילט זייער היימיש און מיט מיר האָט זי גערעדט בלויז יידיש און דווקא מיט דעם פּויליש=יידישן פֿאָלקסטימלעכן אַקצענט, מיט אַלע חנדלעך. צו פּרצן האָט זי זיך באַצויגן מיט גרויס אַכטונג און פֿאַרערונג, ווי צו אַ גרויסן דיכטער און אין דער זעלבער צייט ווי צו אירן אַ ליטעראַרישן לערער . און ווירקלעך זיינען אירע דערציילונגען אין פּרצעס „בלעטלעך“ געווען פֿיל געלונגענער, ווי די דערציילונגען, וואָס זי האָט פֿאַרעפֿנטלעכט אין „יוד“. קענטיק, אַז זיי זיינען דורכגעגאַנגען פּרצעס רעדאַקציע. און אויף אויסבעסערן דערציילונגען און אַפֿילו לידער איז ער, מיט זייער זעלטענע אויסנאַמען, געווען אַ באַזונדער מין קינסטלער.

אויפֿן ליטעראַרישן אָוונט אין פֿאַלאָמעס פּערלס וואוינונג זיינען יענעם מאָל זיך צונויפֿגעקומען ביי אַ פֿופֿצן=צוואַנציק געסט, כמעט אַלע שרייבער, מיט דער אויסנאַם פֿון אַדוואָקאַט קאָן, וועלכער איז געווען איינער פֿון פּרצעס הייסטע חסידים, הגם ער איז געווען מער אַסימילאַטאָריש געשטימט אידער יידיש. צוליב פּרצן האָט ער שוין אויך אויף אונז, יונגע „זשאַרגאָנאָווע פּיסאַזשי“, געקוקט מיט עטוואָס אַכטונג און מיט מיר האָט ער גערעדט אַפֿילו רוסיש, וואָס דאָס איז פֿון זיין זייט, אַלס גוטער פּאָליאַק, געווען אַ מין קרבן... און אפֿשר איז ער טיף אין האַרצן געווען יאָ געניגט צו דער נייער יידישער ליטעראַטור, וואָס איז שוין דעמאָלסט אַריינגעדרונגען אין די העכערע וואַרשעווער קרייזן? — גענוי האָב איך אים ניט געקאָנט.

אויף יענעם אָוונט, בײַ סאַלאָמע׳ס פּערל, איז פּרץ געווען נאָך מער הויפּט־מחותּן, ווי אַלע מאָל, בײַ די ליטעראַרישע אָוונטן. ער האָט דאַן פֿאַרענדיקט זײַן גרעסערע דערציילונג — דער אָנהייב פֿון זײַן „פֿאָלקסטימלעכן פּעריאָד“ — „זיבן חופּות“, וואָס האָט זיך שפּעטער אין פֿאָרזעצונגען געדרוקט אין „יוד“. די פֿאָרלעזונג האָט געדויערט בײַ איבער אַ שעה. די פֿאַבּולע אָדער די פֿאַבּולעס פֿון דער דערציילונג זײַנען געווען העכסט פֿאַנטאַסטיש, „אויפֿן טויזנט־און־איין־נאַכט־שטייגער“, און אין דער זעלבער צייט — פֿאַרפּלאָנטערט; אַלנפֿאַלס הערנדיק אים פֿאָרלייענען, איז שווער געווען צו כאַפּן דעם פֿאָדעם. די זאַך האָט ניט אויסגענומען. פֿילע פֿון די צוהערער, צווישן זיי נאָמבערג, האָבן נאָכדעם גענומען דאָס וואָרט און אויף אַ זייער פֿאָרזיכטיקן אופֿן האָט יעדער דאָס ווערק מבטל געווען... פּרץ האָט זיך קוים באַהערשט. ער האָט געשמייכלט, אָבער ווער עס איז געווען אַ מבין — און איך בין עס גראָד געווען — האָט דערקענט, ווי עס אַרט אים שטאַרק. ער האָט שפּעטער נאָך די אַלע „ווערטער“, האַלב שמייכלענדיק, האַלב בייז, גענומען דאָס וואָרט און פֿאַרטיידיקט זײַן ווערק, וועלכע ס׳איז אים דווקא זייער טייער געווען. ער האָט אין דער דאָזיקער העכסט־פֿאַנטאַסטישער דערציילונג אַרײַנגעגעבן פֿיל פֿון זײַנע אידעען, סימבאָלן. מיט דעם דאָזיקן ווערק האָט ער, אַפֿילו שפּעטער שוין, געהאָפֿט פֿיל צו דערגרייכן, ער האָט אַפֿילו געפּלאַנט אַרויסצוגעבן עס אין אַ באַזונדער ביכל, רייך אילוסטרירט.

אויך איך האָב גענומען דאָס וואָרט. מיר דאַכט, אַז עס איז געווען דאָס ערשטע מאָל. איך האָב זיך גראָד יענעם אָוונט געפֿילט מוטיקער, ווי שטענדיק אין יענער צייט, אַלס „יונגער“ און אָנפֿאַנגער... דערצו איז מײַן דערציילונג „צוריק אויף דער שטעלע“ געווען אויפֿן פּראָגראַם פֿון אָוונט... און עד־היום פֿאַרשטיי איך ניט, צוליב וואָס האָב איך זיך געשטעלט אויף דער זייט פֿון די קעגנער פֿון די „זיבן חופּות“. איך געדענק בלויז איין טענה מײַנע קעגן דער זאַך, דווקא אַ ריכטיקע, אָבער אַ צו־שאַרפֿע: „ס׳פֿעלט די נאַיִוויטעט... עס באַקומט זיך דער אײַנדרוק, ווי אַ מענטש, וואָס גלויבט אַליין ניט אין ניסים, דערציילט עס פֿאַר אונז“... אָפּ־

געזאָגט דאָס און גלייך חרטה געהאַט, ניט דערפאַר ווייל איך האָב מורא געהאַט פאַר פרצן, און סיי־ווי־סיי האָט פרץ דווקא ליב געהאַט די, וואָס טרעטן אַמאָל אַרויס קעגן זיינס אַ ווערק. מיך האָט נאָר פאַרדראָסן, וואָס שוין צופיל האָט מען אין יענעם אָוונט זיין ווערק מבטל געווען. איך בין זיך איצט מודה, אַז עס איז געווען פון מיר ניט נאָר אַ אומטאַקטישקייט, נאָר פשוט אַ יוגנט־לעכע לייכטזיניקייט.

ווען איך האָב גערעדט די עטלעכע ווערטער, אמת מיט גרויס פאָרזיכטיקייט און יראת־הכבוד פאַרן רבין, האָט פרץ, געדענק איך, אויף מיר געקוקט מיט אַ מאָדנעם שמייכל, אַ גוטמוטיקן דווקא, נאָר ווי מיט פאַרוואונדערונג:

— אויף דיר וואָלט איך זיך דאָס ניט גערעכט.

באַלד אָבער איז פאָרגעקומען אַן אַנטראַקט. פרץ האָט באַקומען זיין שטענדיק פריילעכע לוינע, ווי אַלע מאָל, ווען ער איז געווען צווישן מענטשן, געוויצלט זיך און איז, ווי שטענדיק, געוואָרן די נשמה פון דער אינטימער פאַרזאַמלונג.

עס איז אָנגעקומען מיין ריי. איך האָב אַרויסגענומען אַכט פאַר־שריבענע בלעטלעך און אָנגעהויבן פאָרצולייענען די דערציילונג „צו־ריק אויף דער שטעלע“.

מען האָט מיר ביים סוף פון מיין פאָרלעזונג שטאַרק אַפּלאָ־דירט. סאַלאָמעע פערל אַליין האָט מיר זייער האַרציק באַדאַנקט פאַר דעם פאַרגעניגן, וואָס איך האָב איר פאַרשאַפט מיט דער דער־ציילונג.

ענדלעך האָט פרץ גענומען דאָס וואָרט. איך געדענק ניט, צי האָט ער גערעדט אין יידיש, צי אין פויליש, ווי זיין געניאַלער „קאַפּריז“ האָט אַמאָל אויסגעטראָגן. איך געדענק בלויז, אַז ער האָט די דערציילונג אַנאַליזירט מיט גרויס ערנסט. עס האָט געקלונגען, ווי אַ קריטיק, אַ גערעדטע קריטיק. אָנגעוויזן אירע פאָר פעלערן, און געריימט פילע שטעלן, וואָס האָבן נאָך זיין מיינונג פאַרמעגט טראַגישן הומאָר...

און עס איז שיר ניט אויסגעקומען, אַז אין יענעם אָוונט האָב איך געהאַט מער ערפֿאָלג ווי פּרץ אַליין, צוליב וועלכן, אייגנטלעך, דער ליטעראַרישער אָוונט איז פֿאָרגעקומען. פּרץ אַליין האָט מיט זיין פֿריינדלעכן וואָרט דעם דאָזיקן ערפֿאָלג פֿאַראורזאַכט...

---

# אינהאַלט

## ערשטער קאַפּיטל

זייט



## צווייטער קאַפּיטל



## דריטער קאַפּיטל

זייט



## פערטער קאַפּיטל



## פינפטער קאַפּיטל



## זעקסטער קאַפּיטל



## זיבעטער קאַפּיטל

## אַכטער קאַפּיטל



## ניינטער קאַפּיטל



## צענטער קאַפּיטל

זייט

## זעכצנטער קאַפּיטל



## זיבעצנטער קאַפּיטל



## אַכצנטער קאַפּיטל

## צווייאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל